רעדאַקציע־קאָלעגיע:

**משה׳ל ראָזמאַן, גאָלדע גורשטעל, גרשון גורשטעל**
**אסתר מילער, שרה רובינשטיין**

רעדאַקטאָר: **ש. סעקולער**



אַרויסגעגעבן פון דעם

**טעלעכאַנער יזכור בוך קאָמיטעט**

לאָס אַנדזשעלעס

1963

100

# אינהאַלט:

* * *

## מחלקה העברית



* * *



* * *

## ENGLISH SECTION





# אַרײַנפֿיר

מיט הכנעה און מיט גרויס ווייטיק אין אונדזערע הערצער ברענגען מיר צו דער עפֿנטלעכקייט נאָך אַ בייטראַג צו דער געשיכטע פֿון דעם אומקום פֿון אַ דריטל פֿון אונדזער פֿאָלק דורך די נאַצישע רוצחים, ימ״ש.

אונדזער שטעטעלע טעלעכאַן איז טאַקע בלויז אַ קליין פּינטעלע אין דעם גרויסן שטח, וואו די רוצחים האָבן געקוילעט, געשאָכטן און געגאַזט אונדזערע שוועסטער און ברידער, אָבער עס איז וויכטיק, אַז אויך אונדזערע קדושים זאָלן פֿאַראייביקט ווערן אין דעם ספר הזכרונות, וואָס וועט שפּעטער מיט יאָרן צענויפֿגעזאַמלט ווערן.

מיר פֿון דעם דור, וועלכע האָבן איבערגעלעבט און זיינען ניצל געוואָרן פֿון דעם חורבן, פֿאַר וועלכן אפֿילו דער נביא ירמיהו וואָלט ניט געקענט געפֿינען קיין ווערטער, זיינען צו נאָענט צו דער טראַגעדיע, מיר זאָלן זי ווי געהעריק אָפּשאַצן. עס וועלן קומען דורות נאָך אונדז און זיי וועלן שטיין פֿאַרגאַפֿט פֿאַר דער רעטעניש, ווי אַזוי די ציוויליזירטע וועלט האָט געקענט באַשאַפֿן אַזאַ מאָנסטערהאַפֿטע באַשעפֿעניש מיט זיינע האָרדעס קאַלטבלוטיקע רוצחים, און נאָך מער וועט מען ניט קענען פֿאַרשטיין ווי אַזוי די וועלט האָט אַזעלכעס דערלאָזט. אָבער די קומענדיקע דורות וועלן בעסער קענען זיך פֿאַנאַנדערקלייבן אין דעם קנויל קאָניוקטורן פֿון ווידערשפּרוכן און אַנטאַגאָניזמען, וואָס גייען אָן צווישן די קעמפֿנדיקע צדדים און וועלן אויף אַן אָביעקטיוון אופֿן אָפּשאַצן, ווי אַזוי עס איז געבראַכט געוואָרן דער מבול אויף דער וועלט בכלל און אַמערגסטן אויף אונדזער פֿאָלק.

עס איז דעריבער וויכטיק, אַז קיין זאַך זאָל ניט געמינערט ווערן. יעדער באַזונדער ישוב, יעדער שטעטל זאָל דערציילן אַלע איינצלהייטן פֿון דעם חורבן, וואָס איז פֿאָרגעקומען. עס איז שוין געשאַפֿן געוואָרן אַ ריזיקע חורבן ליטעראַטור, אָבער וויפֿיל מיר ווייסן און מיר מיינען אַז מיר ווייסן, איז נאָך נישט קיין מיליאָנט-חלק פֿון דעם, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען.

ברענגען מיר אונדזער צושטייער צו דער מגילת האש מיט אונדזער יזכור-בוך פֿון אונדזער שטעטעלע טעלעכאַן.

מיר בעטן אונדזערע טייערע לאַנדסלייט, זיי זאָלן אונדז מוחל זיין אויב עס איז עפּעס אויסגעלאָזן געוואָרן, אָדער עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ טעות. וואָרן אַזעלכע זאַכן זיינען אומפֿאַרמיידלעך אין די אומשטענדן, ביי וועלכע אונדז איז אויסגעקומען דאָס בוך צוזאַמענשטעלן און אַרויסגעבן.

די רעדאַקציע

# הקדמה

מיט אַ צייט צוריק האָט די חשובע טעלעכאַנער לאַנדספרוי, אסתר מילער, די פאַרפאַסערין פון בוך „פון טעלעכאַן קיין אַמעריקע", דערהאַלטן פון אונדזער לאַנדסמאַן, אשר גורשטעל פון תל־אביב, אַ מאַנוסקריפּט וועגן דער אַנטשטייאונג, ווי אויך, צו אונדזער טיפן באַדויערן, דעם חורבן פון אונדזער ליבער געבורטס־שטעטעלע, טעלעכאַן. אין זיין בריוו האָט ער באַמערקט, אַז צוליב דעם וואָס אין ישראל געפינען זיך זייער ווייניק טעלעכאַנער לאַנדסלייט, איז עס איבער זייערע כוחות צו דרוקן דעם בוך דאָרט; דאַגעגן אין אַמעריקע, וואו עס געפינען זיך די מערסטע טעלעכאַנער לאַנדסלייט, דאַרף זיין זייער לייכט צו פאַרווירקלעכן עס. ער האָט אויך פאָרגעשלאָגן, אַז דאָס זאָל טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ „יזכור־בוך."

דאָס האָט אָנגערירט די ריכטיקע סטרונע אין אונדזערע צעווייטיקטע הערצער, און מיר האָבן גלייך געגרינדעט אַ טעלעכאַן יזכור בוך קאָמיטעט, און אַריינגעבראַכט אונדזערע אייגענע פינאַנציעלעביישטייערונגען, ווי אויך אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו אונדזערע לאַנדסלייט איבעראַל צו העלפן אונדז אין דער הייליקער מיסיע. לײדער אָבער איז דער אָפּרוף געווען זייער אַ שוואַכער, איז צוליב די באַשרענקטע געלט־מיטלען זיינען מיר געצוואונגען צו שאַפן דעם יזכור־בוך אויף אַ זייער בצמצומדיקן אופן.

פאָלגלעך, צוליב שפּאָרזאַמקייט, האָבן מיר באַשלאָסן אַליין צו באַאַרבעטן און רעדאַקטירן דעם מאַטעריאַל פאַר דעם יזכור־בוך. פאַר דער רעדאַקציע־קאָלעגיע זיינען באַשטימט געוואָרן די פאָלגנדע: גאָלדע און גרשון גורשטעל, אסתר מילער, שרה רובינשטיין און דער שרייבער פון די שורות. און כאָטש די מערסטע פון זיי האָבן באַקומען זייער בילדונג אין אַן אַלטמאָדישן חדר, ווי ביי פרומע אידן אין רוסלאַנד איז דאַן געווען דער שטייגער — האָבן אָבער זייערע צעווייטאַגדיקע הערצער געשאַפן דעם קוראַזש צו פאַרווירקלעכן דעם יזכור־בוך אפילו מיט דעם באַשרענקטן בילדונגס באַגאַזש. שפּעטער אַביסל האָבן מיר אָבער איינגעזען די ראַטזאַמקייט פון האָבן אַ פּראָפעסיאָנעלן רעדאַקטאָר, און דער חשובער פריינט, ש. סעקולער, איז געוואָרן דער אָפיציעלער רעדאַקטאָר פון יזכור־בוך.

עס איז שוין 65 יאָר זינט איך האָב פאַרלאָזן טעלעכאַן, אָבער פריש זיינען נאָך אין מיין זכרון די מדות טובות פון איר אידישער באַפעלקערונג; מיט וויפיל קדושה און שיינקייט זיי פלעגן דורכפירן די שבתים און יום־טובים; ווי זייער לעבן איז געווען פול מיט מעשים טובים. איך בין זיכער, אַז אויך זיי וואָלט בלעם באַוואונדערט מיט די היסטאָרישע ווערטער: „מה טובו אהליך יעקב, משכנותיך ישראל" — דאָך איז אַזאַ קהילה קדושה דעם 4טן אויגוסט, 1941, אומגעבראַכט געוואָרן אויף דעם ברוטאַלסטן אופן פון די דייטשישע רוצחים, פאַר דעם איינציקן חטא וואָס זיי זיינען געווען אידן און ניט קיין נוצרים, און דער נאָך מער אָנגע־

ווייטאָגטער פֿאַקט איז, וואָס אויך די קריסטלעכע שכנים האָבן זיך אין דעם באַטייליקט, ווייל די שנאת עולם צום עם עולם האָט די באַגאַנגענע מערדערייען געהייליקט.

און איצט, אַז עס האַלט שוין ביי דעם, אַז דער יזכור־בוך וועט אין גיכן דערזען די ליכטיקע שיין — און דאָס איז אָנגעקומען אויסערגעוויינלעך שווער, צוליב דעם וואָס בלויז דאָס הייפעלע טעלעכאַנער לאַנדסלייט פון לאָס אַנדזשעלעס האָבן דורכגעליטן די הויפּט חבלי לידה פון דעם, איז ניט מער ווי רעכט עס זאָל זיי דאָ אויסגעדריקט ווערן אַ שבח והודיה פאַר זייערע לייסטונגען.

קודם כל דאַרף אַנערקענונג געגעבן ווערן צום איניציאַטאָר פון יזכור־בוך, אונדזער חשובן לאַנדסמאַן פון תל־אביב, אשר גורשטעל, דעם מחבר פון מאַנו־סקריפּט; אויך דעם ליבן און אומדערמידלעכן הערשל אייזנבערג, פֿאַר איבער־שרייבן עס אין אַ פאַרקירצטער פאָרמע, און פאַר קאָרעספּאָנדירן מיט פילע לטובת דעם יזכור־בוך; דעם האַרציקן גרשון גורשטעל, וועלכער האָט איינגע־לייגט וועלטן, אפילו פון זיין קראַנקן בעט, שרייבנדיק פיל מאָל 3־4 בריוו צום זעלבן לאַנדסמאַן ביז ער האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ ביישטייערונג; דער ליבער אסתר מילער, פאַר איר ליטעראַרישן ביטראָג און ביי וועמען די מערסטע זיצונ־גען פון קאָמיטעט זיינען פאָרגעקומען; דער גוטינקער דזשעני בלומבערג מיט איר מאַן, פאַר באַוווירקן אייניקע פון אונדזערע לאַנדסלייט אין שיקאַגאָ צו מאַכן אָנגעזעענע ביישטייערונגען. אַ כפל־שמונהדיקן יישר־כוח אונדזער איבער־געגעבענער און אינטעליגענטער סעקרעטאַרין, שרה רובינשטיין, וועלכע איז בלויז פאַרהייראַט צו אַ טעלעכאַנער, און אַלע איבעריקע פון לאָס אַנדזשעלעסער קאָמיטעט ווי אויך פון ישראל — זאָלן זיי אַלע געבענטשט זיין פאַר אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן צו פאַרווירקלעכן די דערשיינונג פון דעם יזכור־בוך.

**משה'ל ראָזמאַן**



אשר גורשטעל

# די אַנטשטייאונג, אַנטוויקלונג און חורבן פון טעלעכאַן

איידער איך נעם די פּען אין דער האַנט אויפצושרייבן די היסטאָריע פון אונדזער שטעטעלע טעלעכאַן מיט אירע שיינע, טייערע אידן, פרויען און קינדער, מוז איך זיך פריער אַוועקלאָזן אויפקלייבן מיינע אַלע זכרונות פון אַזוי פיל יאָרן צוריק, פאַנאַנדערוויקלען זיי און שאַפן זיך אַן אַטמאָספערע ווי איך וואָלט זיך איצט דאָרטן אַליין געפונען און זען מיט מיינע אויגן די בילד פון דעם גרויסן חורבן פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, די קדושים פון דעם שיינעם שטעטעלע אונדזערן, טעלעכאַן. איך נעם אויף אין מיין געדאַנק אַלע אונדזערע לאַנדסלייט, צעשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט, כדי צו זיין בציבור אין אונדזער גרויסן טרויער און צוזאַמען בויגן אונדזערע קעפּ לכבוד די טעלעכאַנער קדושים, וואָס זיינען אויף אַזאַ אַכזרישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן פון די דייטשישע סאַדיסטישע רוצחים. מיר זאָלן שווערן, אַז מיר וועלן די קדושים קיינמאָל ניט פאַרגעסן. מיר זאָלן צוזאַמען זאָגן דעם פּסוק: „ד׳ ינקם נקמת דם עבדיך השפוך״ — גאָט אין הימל, נעם נקמה פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון דיינע קינדער״!

**איצט טונק איך איין די פּען אינם בלוט פון אונדזערע קדושים צו פאַרצייכענען ווי אַזוי אונדזער שטעטעלע איז געבוירן געוואָרן און ווי אַזוי זי איז טרויעריק פאַרשניטן געוואָרן**

ווי דורות פאַר אונדז האָבן איבערגעגעבן פון דור צו דור, האָט דאָס שטעטעלע טעלעכאַן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַרום דער ענד פון פופצנטן יאָרהונדערט. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען די טאָטערישע האָרדעס, ווי מען האָט זיי דאַן גערופן, האָבן פאַרנומען אוקראַינע, פּוילן און שטיקער טעריטאָריעס פון רוסלאַנד מיט אונדזער געגנט אַריינגערעכנט. צו יענער צייט האָבן גרויסע שטחים ערד אַרום דעם געגנט געהערט צו אַ גוט־באַזיצער, צו דעם גראַף אָגינסקי. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז אויך געווען אַ קרעטשמע, וואָס אַ אידישע משפחה האָט געהאַלטן אין אַרענדע. איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף דעם פון וואַנעט עס האָט זיך גענומען דער נאָמען טעלעכאַן. אין העברעאיש קען דער נאָמען זיך נעמען פון די ווערטער „תל־חן״ — דער באַרג פון שיינקייט. אָבער גענומען האָט זיך דער נאָמען פון צוויי ווערטער — איין רוסיש וואָרט און איין טאָטעריש וואָרט.

די געשיכטע גייט אַזוי: אין די שלאַכטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן איינגעזעסענע פעלקער און די טאָטערישע האָרדעס, איז איינער פון די פירער פון די טאָטערישע אַרמייען מיטן טיטול כאַן, פאַרלוירן געוואָרן. די טאָטערן

האָבן ניט געוואוסט וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אין דעם גאַנצן געגנט זוכן זיין קערפּער. וואו זיי זיינען געקומען האָבן זיי גע־פרעגט צי האָט מען ניט געזען ערגעץ אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן, זייער כאַן. איז אויף רוסיש דאָס וואָרט „טיעלאָ" און אויף טאָטעריש דאָס וואָרט „כאַן". זיינען די צוויי ווערטער פאַרבונדן געוואָרן און עס האָט זיך באַקומען דער נאָמען פון דעם גאַנצן געגנט — „טעלעכאַן".

## ווי אַזוי דער אידישער ישוב האָט זיך געשאַפן

צו יענער צייט האָבן זיך שוין געפונען אידישע משפחות צעשפּרייט אין דער געגנט, אין דערפלעך און ישובים און אויך אויף די וועגן. די אידן האָבן געצויגן זייער ביסל חיונה מערסטנס פון האַנדווערקעריי — שוסטעריי, שניי־דעריי, סטאָלעריי, פון פאַרבן לייוונטן פאַר די פויערישע פרויען, אין פאַרשי־דענע קאָלירן. אויך קרעטשמעס אויף די טראַקטן זיינען געווען אַ קוואַל פון חיונה פאַר אידישע משפחות.

דאָס לעבן פון די אידישע משפחות איז געווען שווער און דער עיקר האָט געשטיקט דער עלנד צווישן די פיינטלעכע שכנים און קאַפּריזן פון די פּריצים, וואָס זייער אָפּט איז מען ניט געווען זיכער ניט נאָר מיטן אָרעמען ביסל פּרנסה, נאָר אויך מיטן פיזישן קיום. ווי פאַרגרעבט און אָפּגעפרעמדט פון אידישקייט די ישובניקעס זיינען נישט געווען, האָט זיי דאָך געצויגן צו לעבן צווישן אידן. ביסלעכוויז האָבן אידן אָנגעהויבן פאַרלאָזן די דערפלעך מיט זייער עלנדקייט און זיך באַזעצט אַרום דער אַלטער קרעטשמע, וואָס אַ איד האָט געהאַלטן אין אַרענדע, וואָס האָט געהערט צום גראַף אָגינסקי. אויף אַזאַ אופן האָט זיך גענומען שאַפן דער אידישער ישוב, פון וועלכן עס איז אין לויף פון יאָרן אויסגעוואַקסן דאָס שטעטעלע טעלעכאַן.

דער גראַף אָגינסקי, צו וועמען דער גאַנצער געגנט אַרום דער קרעטשמע האָט געהערט, האָט פאַרמאָגט ריזיקע שטרעקעס לאַנד מיט געדיכטע וועלדער. דער גראַף איז געווען גערן צו האָבן אַ אידישן ישוב אויף זיינע מאַיאָנטקעס. זיין אויסקוק איז געווען, אַז די אידן וועלן פאַרגרעסערן זיינע הכנסות דורך מסחר. דער גראַף האָט דעריבער גערן געהאָלפן די אידישע משפחות זיך איינ־אָרדענען אַרום דער קרעטשמע, מיט פריי געהילץ אויף צו בויען זיך שטיבלעך מיט גרעסערע גערטנער צו באַאַרבעטן, אַז זיי זאָלן האָבן פון וואָס זיך צו דער־נערן אין די שווערע ווינטערן.

אָט אַזוי איז ביסלעכוויז אין לויף פון יאָרן געוואַקסן דער ישוב. די פּוי־ערים פונם געגנט האָבן אָנגעהויבן קומען אין שטעטל אַריין איינהאַנדלען די זאַכן אין וועלכע זיי האָבן זיך גענויטיקט. מערסטנס איז דער מסחר צווישן די אידן און די פּויערים געווען, ווי עס ווערט אָנגערופן אויף דער שפּראַך פון די עקאָנאָ־מיסטן, אַ נאַטור מסחר, אַן אויסטויש מסחר. דער פּויער האָט געקראָגן די אַרבעט פונעם שוסטער אָדער שניידער, אָדער אַן אַנדער האַנדווערקער, און באַצאָלט האָט ער, דער פּויער, מיט פּראָדוקטן פון זיין שווערער פּראַצע — מיט אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן.

ביסלעכוויז האָבן זיך אויך באַוויזן קרעמלעך מיט סחורות, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פון פינסק. פון דעם אויסטויש פון אַגריקולטור פּראָדוקטן פאַר אַרבעט האָט זיך ביי דעם האַנדווערקער אַנגעקליבן אַן איבערפלוס פון די אַגריקולטור פּראָדוקטן, וואָס דער האַנדווערקער האָט פאַרקויפט אויפן מאַרק און אַזוי אַרום האָט זיך אַנגעהויבן אַנטוויקלען קליין־מסחר מיט אַ מאַרק פאַר די קרעמלעך. אַרום דעם מאַרק האָבן זיך אָנגעהויבן בויען געסלעך און אַזוי איז דאָס שטעטל טעלעכאַן געוואַקסן גרעסער און גרעסער.

צו דעם וואוקס פון שטעטל האָט אויך פיל בייגעטראָגן דער שוין פריער דערמאָנטער גראַף אָגינסקי. ווי עס זעט אויס איז דער גראַף אָגינסקי געווען אַ פּעאיקער מענטש מיט ענערגיע און אונטערנעמונגס קראַפט. ער האָט אונטער־גענומען צו גראָבן אַ קאַנאַל, וועלכער ווערט טאַקע אָנגערופן אויף זיין נאָמען: דער אָגינסקי קאַנאַל, מיטן צוועק צו פאַראייניקן צוויי טייכן פריפּעט אַרום פּינסק מיט דעם טייך שטשאַרע אַרום סלאָנים. דער צוועק איז געווען אויסצו־ברייטערן דאָס שיקן געהילץ פון דעם געגנט קיין דייטשלאַנד. דער גראַף אָגינס־קי האָט פאַרמאָגט ריזיקע וועלדער און זיין אַמביציע איז געווען אַרויסצונעמען וואָס גרעסערע פּראָפיטן פון האַקן די וועלדער און שיקן דאָס געהילץ קיין דייטשלאַנד.

צו בויען דעם קאַנאַל און מאַכן מעגלעך אַז די ספּלאַווען געהילץ זאָלן קענען דערגרייכן דעם טייך שטשאַרע און פון דאָרטן גלייך אַריינשווימען אין דעם גרויסן טייך ניעמאַן און פון דאָרט גלייך קיין דייטשלאַנד, האָט מען געמוזט בויען צען שלוזן. מען דאַרף געדענקען, אַז יענע צייטן זיינען נאָך קיין מאַשינען ניט געווען, און די גרויסע, קאָמפּליצירטע און שווערע אַרבעט האָבן געמוזט טאָן מענטשלעכע הענט. אָבער אַזוי ווי דער גראַף האָט פאַרמאָגט גרויסע מאַיאָנט־קעס מיט טויזנטער פויערים, זיינע שקלאַפן, האָט ער זיך פאַר אַזעלכע „קליי־ניקייטן", ווי אויסזויגן די קראַפט פון די שקלאַפן, ניט אָפּגעשטעלט.

די אַרבעט איז נאָך געווען שווערער דערפאַר, וואָס דער טייך פריפּעט האָט זיך געשפּרייט אויף אַ זייער נידעריקן פלאַכן באָדן און דער טייך שטשאַרע האָט זיך געפונען אויף בערגיקן באָדן. האָט מען די שלוזן געדאַרפט בויען אַזוי, אַז יעדער שלוז זאָל זיין העכער פון דעם פריערדיקן, דאָס מיינט, אַז דער צווייטער שלוז האָט געמוזט זיין העכער פונם ערשטן, דער דריטער העכער פונם צווייטן, און אַזוי ווייטער. מען קען זיך קוים פאָרשטעלן וואָסער אַ שווערע און קאָמפּלי־צירטע אַרבעט דאָס איז געווען, אָבער די פויערים־שקלאַפן האָבן די גאַנצע אַרבעט אויף זייערע אָרעמע פלייצעס איבערגעטראָגן.

פופציק יאָר האָט די אַרבעט געדויערט, טויזנטער פויערים־שקלאַפן זיינען אין די יאָרן אומגעקומען. אָנגעהויבן בויען דעם קאַנאַל מיט די שלוזן האָט מען אין יאָר 1776, און פאַרענדיקט האָט מען, דאָס הייסט, פאַרטיק געוואָרן איז דער קאַנאַל פאַר נאַוויגאַציע, אינם יאָר 1826.

אין די אַלע יאָרן, וואָס דער קאַנאַל מיט די שלוזן האָבן זיך געבויט, האָט דאָס שטעטל טעלעכאַן, אַלס דער מיטל־פּונקט, געהאַט שפע. פיל שפע איז געווען פון דעם, וואָס די אידישע פּלאָטניקעס האָבן געטאָן די קאָמפּליצירטסטע אַרבעטן אַרום די שלוזן און זיינען געוואָרן ספּעציאַליסטן אין דעם פאַך. די פויערים־

שקלאָפּן, ווי אָרעם זיי האָבן ניט געלעבט, האָבן זיי דאָך פון צייט צו צייט אַריינ־געבראַכט אַביסל שפע, און אויך די אינזשענירן, פּאַדריאַדטשיקעס און אַלע מינים סוחרים האָבן געשאַפן פּרנסה פאַר די שטעטלשע בעלי מלאכות, קרעמער און אַלערליי קליינהענדלער.

אַזוי איז בהדרגהדיק אונדזער שטעטל געוואַקסן. און אַז עס האָט זיך געוויזן פּרנסה, האָבן נאָך אידן פון די דערפער זיך גערוקט אין שטאָט אַריין און עס האָט גענומען וואַקסן אַ היפּשע שטאָט מיט שיינע אידישע משפחות — האַרעפּאַשני־קעס, שוסטערס, שניידערס, שמידן, סטאָליאַרעס און אַנדערע. אויך סוחרים, קרעמער, וואַלד און תבואה סוחרים.

ווען דער קאַנאַל האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן און נאַוויגאַציע האָט זיך אָנגעהויבן, זיינען אייניקע אידן געוואָרן שיפער. זיי האָבן געהאַט אייגענע שיפּ־לעך, וועלכע פלעגן פירן די ספּלאַוון און אויך פּאַסאַזשירן פון טעלעכאַן קיין פּינסק און צוריק און אויך ברענגען פאַרשידענע סחורות. די ערשטע זיינען געווען די ברידער גורשטטעל. ווען דער ערשטער פּאַראָכאָד איז אָנגעקומען אין שטעטל מיט פּאַסאַזשירן און מיט זיין „הודאָק” געלאָזט וויסן, אַז דער פּאַראָ־כאָד קומט אָן, האָבן אידן זיך געפרייט, שטאָלצירט און געמאַכט אַ שהחינו.

אונדזער שטעטל טעלעכאַן איז אויך געווען געבענטשט פון דער נאַטור. עס איז געלעגן צווישן אַ צירקל בערג פאַרוואַקסן מיט הויכע סאָסנאָווע ביימער פון צווישן טאָלן, ווי גרויסע מולטערס אויסגעשניטן פון דער מוטער ערד. די שיינקייט פון דעם אַרום און דער געזונטער קלימאַט, וואָס די סאָסנאָווע וועלדער האָבן געשאַפן, האָבן פאַרוואַנדלט אונדזער שטעטל טעלעכאַן אין אַ דאַטשע־שטאָט. פיל מענטשן פון די גרעסערע שטעט אַרום פלעגן זומער קומען שעפּן די פרישע לופט און הנאה האָבן פון דער געטלעכער שיינקייט אַרום. דאָס האָט אויך געשאַפן פאַרן שטעטל אַ קוואַל פון חיונה.

עס זיינען אַוועק יאָרן. די נאַוויגאַציע מיט די ספּלאַוון און פּאַסאַזשיר פאַר־קער האָבן זיך אויסגעברייטערט און פאַרפילפאַכט. עס זיינען אויסגעוואַקסן קאָנטאָרן מיט אַלערליי באַאַמטע, אויך פּאַדריאַדטשיקעס און אינזשעניערן און עס האָבן אָנגעהויבן זיך באַווייזן אין שטעטל אַנדערע סאָרטן אידן, שוין מער וועלטלעכע אידן. אַזוי למשל, איז אין איין קאָנטאָר געווען אַ אידישער אינזשע־ניער פון פּינסק, וועלכער האָט געאַרבעט אום שבת. כאָטש דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די טיף־רעליגיעזע אידן אין שטאָט, אָבער מען האָט דאָס אָנגענומען ווי אַ צייכן פון דער נייער צייט און מען האָט דערפון קיין ווען ניט געמאַכט. דער הויפּט־פּאַרטרעטער פונם פּאַדריאַדטשיק איז געווען אַ איד מיטן נאָמען ר׳ לייב טורעק. דאָס האָט ער געקראָגן בירושה פון זיין שווער, ר׳ יהושע אייזנשטאַט, וועלכער האָט דאָס אויך געקראָגן בירושה פון אַ דור פריער. דער ר׳ לייב טורעק, הגם ער איז געווען אַ גרויסער למדן און אין זיין היים האָבן זיך געפונען ש״ס׳ן און פיל אַנדערע רעליגיעזע ספרים, און כאָטש ער איז געווען אַ ליובאַשיער חסיד און געגאַנגען אַלע שבת דאַווענען אין דער ליובאַשיער קלויז, האָט אנטייל גענומען אין שטאָטישע ענינים, זיך געלאָזט קאָסטן און געגעבן מיט דער פולער האַנט, דאָך איז ער שוין געווען אויך וועלטלעך, און צוזאַמען מיט די גמרות און אַלע אַנדערע רעליגיעזע ספרים אין זיין היים, האָבן זיך שוין אויך

געפונען אַלערליי השכלה־ביכער פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור.

דאָס שטעטל האָט געלעבט ווי איין גרויסע משפּחה. מיט איינעמס פרייד האָט די גאַנצע שטאָט זיך געפרייט, און חלילה מיט איינעמס צער האָט זיך אויך דאָס גאַנצע שטעטל געטיילט. דאָס גייסטיקע לעבן איז אין שטאָט זיך צע־וואַקסן מיט חדרים פאַר קינדער, וואו מען האָט געלערנט פון א״ב ביז גמרא מיט רש״י און תוספות. אויך זיינען מיט דער נייער צייט געגרינדעט געוואָרן מאָדערנע העברעאישע חדרים, וואו מען האָט שוין געלערנט אויפן מאָדערנעם שטייגער. אויך האָט אונדזער שטאָט געהאַט אַ רב, אַ גרויסן גאון: רבי אליעזר אַליוויצקי. ער האָט געפירט זיין רבנות מיט גרויס ווירדע און איז געווען געשעצט פון אַלע קלאַסן אידן.

אין שטאָט זיינען אויך געווען פאַרשידענע חברות לערנער, ווי אַ חברה ש״ס, אַ חברה משניות, אַ חברה עין־יעקב, אַ חברה וואָס האָט געלערנט חומש מיט רש״י. גאָר פּשוטע אידן האָבן געהאַט אַ חברה תהילים. שבת בייטאָג, זומער, האָט מען מיטן המון געלערנט פּרקי אָבות. דאָס אַלעס האָט אויפגעהאַלטן דעם גייסט פון די אידן און האָט געגעבן כוח און מוט איבערצוטראָגן דעם שווערן יאָך פון לעבן און די גרויזאַמע גזרות פון דער פינצטערער צאַרישער מאַכט און פון די פּריצים.

* * *

אַזוי האָט געלעבט אַ שטעטל, ווי טויזנטער אַנדערע אידישע שטעטלעך אין ווייס־רוסלאַנד, פּוילן, ליטע, אוקריינע, גאַליציע — געלעבט, געאַרבעט שווער פאַר דעם אָרעמען ביסל חיונה. פאַרשטייט זיך, אַז אין אונדזער שטעטל, טעלעכאַן, אַזוי ווי אין די אַנדערע שטעטלעך, זיינען געווען אייניקע פאַרמעגלעכע משפּחות, אָבער דער רוב מנין איז באַשטאַנען פון אָרעמע בעלי־מלאכות, הענדלער און גלאַט אָרעמע לייט, וועלכע האָבן אַ גאַנצע וואָך געאַרבעט און אויסגעריסן געוואָרן און געלעבט פון דער האַנט אין מויל אַריין אַבי אָפּצושפּאָרן אויף שבת.

איז אַזוי לאַנג ווי אונדזער שטעטל איז געווען, ווי אַלע אַנדערע, איינגע־וויקלט אין דער רעליגיעזער קולטור ספערע מיט די כלי־קודש, מיט גבאים, מיט די תקיפים, מיט די אָבערגלויבנס, מיט חסידים און מתנגדים, און עס זיינען פאָרגעקומען „קאַמפן" צווישן איין רבינס צד מיטן צווייטנס און פון אַלע חסידים קעגן די מתנגדים; מען האָט זיך געאַמפּערט וועגן שוחטים, חזנים און שמשים, און אַזוי ווי אין אונדזער שטעטל, טעלעכאַן, זיינען געווען דריי חסידישע קלויזן — אַ ליובאַשיער קלויז, אַ סטאָלינער קלויז, אַ יאַנאָווער קלויז, און איין מתנגדיש בית־המדרש, האָבן זיך געשאַפן צדדים. אָבער ווי עס איז שוין איבערן דערמאָנט געוואָרן, איז אָנגעגאַנגען אַ רעליגיעז קולטור־לעבן. האָט אַ איד נאָר געקענט אָפּשפּאָרן אַביסל צייט, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ קלויז, אָדער אין בית־המדרש העלפן אַ הייליק וואָרט, אַריינקוקן אין אַ ספר. דער חומר איז נישט געווען דער עיקר; מען איז אָפּגעקומען מיט אַ קלייניקייט; דער עיקר איז געווען די נשמה.

אַזוי זיינען אַוועק יאָרן. דורות זיינען געקומען, דורות זיינען געגאַנגען און מען האָט געמיינט, אַז אַזוי איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן און אַזוי וועט שוין זיין לעולם ועד.

# טעלעכאַן ווערט אַ פאַבריק-שטאָט

אַזוי האָבן טאַקע די אידן געדענקט ביי אונדז אין טעלעכאַן און אַנדערע אידן אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך. אָבער די וועלט שטייט נישט אויף איין אָרט, און אינם צאַרישן, אָפּגעשטאַנענעם רוסלאַנד, נאָכדעם ווי די פּאַנשטשיזנע איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג און די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג האָט אויך דערגרייכט אונדזער שטעטל טעלעכאַן.

אומדערוואַרטעט איז געקומען אין שטעטל אַריין אַ בשורה, אַז די דריי ברידער טשערניכאָוו פון סלאָנים — שמואל, ליימע און אַבא — קומען קיין טעלעכאַן בויען אַ גלאָז־פאַבריק, אַ הוטע. אין שטאָט ווערט ששון ושמחה. אַ קלייניקייט — מענטשן וועלן אַרבעטן. עס וועט זיין פּרנסה. די שטאָט וועט פאַרגרעסערט ווערן. מען שמועסט, אַז אויף און ביי דער גלאָז־פאַבריק וועלן אַרבעטן און זיין באַשעפטיקט איבער פינף טויזנט מענטשן. און עס איז טאַקע אַזוי געווען. מיט אַמאָל האָט מען זיך געשטעלט אַרבעטן און עס האָט לאַנג ניט גענומען און די פאַבריק איז פאַרטיק געוואָרן. די ברידער טשערניכאָוו, און דער עיקר, דער מיטלסטער ברודער, שמואל, איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ תלמודיסט און אויך אַ קענער פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור און שפּראַך און דערצו אַ נאַציאָנאַלער איד. ביים באַשעפטיקן מענטשן אַרום דער פאַבריק האָט ער געזוכט אָנצושטעלן צומערסטן אידישע אַרבעטער, קינסטלער און אַלער־ליי ספּעציאַליסטן פון דייטשלאַנד, עסטרייך און אויך פון רוסלאַנד.

די אידן פון שטעטל האָבן אויפגעלעבט. זיי האָבן זיך אַליין ניט געקענט פאָרשטעלן וואָס עס קומט פאָר. יעדער איד איז געוואָרן ביי זיך שטאַרקער, מוטיקער. מען האָט געזען אין דער פאַבריק אַן ענד צום דלות. דאָס יאָר 1895, ווען די פאַבריק (די הוטע) איז פאַרטיק געוואָרן, האָט אויפגעמישט אַ ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון טעלעכאַן.

אָבער דאָ געפינען מיר פאַר נויטיק זיך אָפּצושטעלן אויף דעם, וואָס פאַר אַ ווירקונג די פאַבריק מיט דער צאָל פאַרשידנאַרטיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין און אַרום דעם שטעטל, האָט געהאַט אויף דעם קולטור־געזעלשאַפט־לעכן און פּאָליטישן לעבן פון שטעטל; ווי אַזוי דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט אָנגעהויבן זיך איבערפאַרמירן פון כמעט מיטלאַלטערלעכן רעליגיעזן אָרט לעבן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן פאַרשידענע גרופּירונגען אַרום די נייע אידייען, וועלכע האָבן זיך דערטראָגן צום שטעטל אַ דאַנק די מענטשן וואָס זיינען געקומען פון דער דרויסנדיקער וועלט, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין טעלעכאַן, ביי דער גלאָז־פאַבריק.

אין דער צווייטער העלפט פון די ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָבן זיך געשאַפן צוויי שטראָמונגען אין אידישן לעבן — דער פּאָליטישער ציוניזם און דער בונד. אונטער דער ווירקונג פונם אַנטיסעמיטישן אויפברויז אין פראַנקרייך, פונם טרויעריק־באַרימטן דרייפוס פּראָצעס, האָט אַ גרויסער טייל פון דער אַסימילירטער אידישער אינטעליגענץ אין מערב־אייראָפּע זיך אויפ־געכאַפּט פון דעם אַסימילאַציע טשאַד און האָט באַגריפן, אַז לא זו הדרך. ניט

דורך אַסימילאַציע וועט געלייזט ווערן די אידן־פראַגע. דאַן האָט דער נאַציאָ־נאַלער געדאַנק באַהערשט אַ גרויסן טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ אין אייראָפּע און אונטער דער ווירקונג פון דאָקטאר הערצל איז געשאַפן געוואָרן דער פּאָליטישער ציוניזם.

אין רוסלאַנד, פּוילן און ליטע האָט זיך צו יענער צייט פאַרשטאַרקט דער קאַמף קעגן דער צאַרישער רעאַקציע. דער אַרבעטער קלאַס האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן פאַר אַ פאַרמעסט קעגן דער צאַרישער דעספּאָטיע און קאַפּיטאַליס־טישער עקספּלואַטאַציע. אונטער דער ווירקונג פון דער פרייהייט באַוועגונג האָט די אידישע אַרבעטערשאַפט אויך אויפגעוואַכט און האָט אָרגאַניזירט דעם „בונד״. אָט־די צוויי מאָדערנע שטרעמונגען אין אידישן לעבן האָבן אויפגע־רודערט און אויפגעוועקט צו קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט די אין דער רעליגיעזער ספערע פאַרזונקענע שטעט און שטעטלעך. די צוויי שטרעמונ־גען — דער פּאָליטישער ציוניזם און דער בונד — וואָלטן מסתמא פריער אָדער שפּעטער זיך סיי ווי געוואָען דערטראָגן צו אונדז קיין טעלעכאַן, אָבער די מענטשן וואָס זיינען געקומען אַרבעטן אין און אַרום דער גלאָז־פאַבריק, מענטשן פון דער ברייטער וועלט, האָבן אויף אונדזערע אידן, דער עיקר אויף אונדזער יוגנט, געווירקט אפשר אַביסל פריער ווי אין אַנדערע שטעטלעך.

פאַרשטייט זיך, אַז די יוגנט פון שטעטל האָט אויפגעלעבט פון די נייע אידייען, וואָס די שטרעמונגען האָבן מיט זיך געטראָגן. עס זיינען געשאַפן געוואָרן קרייזלעך אויף צו שטודירן אידישע און העברעאישע ליטעראַטור, אידישע געשיכ־טע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק. עס איז אפילו געשאַפן געוואָרן אַ פאַרטיידיקונגס־גרופּע צו באַשיצן די שטאָט אין פאַל פון אַ פּאָגראָם.

דאָס ערשטע איז די יוגנט באַווירקט געוואָרן פונם ציוניסטישן געדאַנק. מען האָט אָפּגעהאַלטן מיטינגען אויפן צירקל מיט דער אידישער פאָן; מען האָט פאַרקויפט שקלים. עס איז אָנגעגאַנגען אַ ציוניסטישע טעטיקייט אויף אַ סך געביטן. די הויפּט אָנפירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג זיינען געווען הערשל ראָזנבערג און מיין וויינקייט. אָבער אַזוי ווי די צאַרישע מאַכט האָט געקוקט קרום אויף יעדער סאָרט אָרגאַניזירטער טעטיקייט, האָט זי אויך אָנגע־הויבן פאַרפאָלגן די ציוניסטישע באַוועגונג; האָט מען הערשל ראָזנבערג אַרויס־געשיקט פון פינסק קיין טשענסטאָכאָוו. דאָרט האָט ער געאַרבעט אַלס געהילף פון ד״ר. אַהרן סינגאַלאָווסקי ע״ה.

אָבער ביסלעכווייז האָט דער „בונד״ אָנגעהויבן באַווירקן אַ גרויסע טייל פון דער יוגנט, דער עיקר די אָרעמע, האָרעפּאַשנע יוגנט, און דער „בונד״ איז געוואָרן די שטאַרקסטע באַוועגונג אין שטאָט.

אַזוי האָט דאָס שטעטל זיך געפונען צעטיילט אין פאַרשידענע אידייאישע ריכטונגען. פון איין רעליגיעזער געמיינדע, אין וועלכער עס האָבן געהערשט בלויז צוויי צדדים — חסידים און מתנגדים — איז דער עלטערער דור טאָקע געבליבן ביים אַלטן שטייגער לעבן, אָבער די יוגנט איז צעטיילט געוואָרן אין צוויי אידייאישע ריכטונגען — די ציוניסטישע, וועלכע האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויף ציון, דאָס הייסט, אַז אין גלות דערוואַרט דעם איד בלויז גערודפט

צו ווערן — פֿאַרפֿאַלגונגען און פּאָגראָמען. דעריבער דאַרף מען בלויז זיך קאָנצענטרירן אויף דער אַרבעט פֿאַר אַן אייגענער היים, אַן אייגענע מלוכה אין ארץ־ישראל, און דערפֿאַר איז ניט נויטיק צו קעמפֿן צוזאַמען מיט אַלע פֿרייהייט־ליבנדע עלעמענטן קעגן דעם פֿינצטערן צאַריזם, פֿאַר אַ בעסער און שענער לעבן אויף די ערטער. דער סאָציאַליסטישער בונד, וועלכער האָט זיך באַטראַכט פֿאַר אַ טייל פֿונם רוסישן אַרבעטער קלאַס, האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויף קאַמף פֿאַר אַ פֿרייער דעמאָקראַטישער רוסלאַנד, וועלכע וועט פֿירן צו דער פֿולער באַפֿרייאונג פֿונם גאַנצן האַרעפּאַשנעם פֿאָלק פֿונם קאַפּיטאַליסטישן יאָך, צום סאָציאַליזם.

די ערשטע עטלעכע יאָר, נאָך דעם יאָר 1897, ווען עס זיינען געשאַפֿן געוואָרן דער פּאָליטישער ציוניזם און דער בונד, איז דער ציוניזם געווען אַן איינהייטלעכע באַוועגונג. אָבער אין אָנהויב פֿון דעם יאָרהונדערט האָט זיך פֿונם ציוניזם אָנגעהויבן אויסטיילן, אונטער דער ווירקונג פֿון דער פֿאַרשפּרייטער באַפֿרייאונגס באַוועגונג אין רוסלאַנד, אַ פּראָלעטאַרישער עלעמענט, וועלכער האָט געוואָלט שאַפֿן אַ סינטעז צווישן דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע פֿון קיבוץ גליות און דער מאַרקסיסטישער־פּראָלעטאַרישער. דאָס איז געווען דער פּועלי־ציוניסטישער געדאַנקען־גאַנג. די פּועלי־ציוניסטן האָבן שוין יאָ אָנערקענט דעם קאַמף פֿאַר באַפֿרייאונג אויף די ערטער, דאָס הייסט, אין גלות. איז אַזוי אַרום געשאַפֿן געוואָרן אַ דריטער צד צווישן דער יוגנט.

אַזוי איז דאָס לעבן געגאַנגען אין שטעטל. די עלטערע אידן זיינען זיך געגאַנגען אין זייערע אַלטע דרכים און האָבן שטילערהייט אונטערגעזיפֿצט אויף די פּירעכצער פֿון זייערע קינדער. עס זיינען פֿאַרגקומען אָפֿטע מחלוקתן צווישן עלטערן און קינדער. דער עיקר האָבן טאַטע־מאַמע מורא געהאַט אַז די קינדער וואָס האָבן זיך געלאָזט אַריינציען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, זאָלן חלילה ניט אַריינפֿאַלן צו פּאָניען אין די הענט אַריין. אייניקע זיינען טאַקע נכשל געוואָרן.

ווי עס איז שוין אויבן געזאָגט געוואָרן, אַזוי איז אָנגעגאַנגען דאָס לעבן אין שטעטל. עלטערע אידן האָבן געדאַוונט, געזעסן אין קלויז, אָדער אין בית־מדרש און געלערנט. בייטאָג האָט מען געהאַוועט און געשמאַיעט זוכנדיק פּרנסה און אין אָוונט האָט מען פֿאַרגעסן דעם עול פּרנסה, ווען מען איז געזעסן און אַריינגעקוקט אין אַ ספֿר. אַ סך אידן זיינען געווען אין שטעטל, וואָס האָבן אויף זיך קיין עול פֿון פּרנסה ניט געטראָגן. די אשת־חיל האָט געטראָגן דעם עול פֿון פּרנסה און איז געווען גליקלעך, וואָס איר מאַן קען זיצן רואיק און לערנען און זי וועט זוכה זיין אויף יענער וועלט צו זיין דעם מאַנס פֿוס־בענקעלע. די יונגוואַרג, פֿון וועלכער אַ גרויסער טייל האָט געאַרבעט אין דער גלאָז־פֿאַבריק פֿאַר קלאָגלעכע שכירות 12 און 14 שעה אַ טאָג, האָט אין אָוונט אויך פֿאַרגעסן די שווערע אַרבעט און זיך געלאָזט אויפֿן צירקל דיסקוסירן פּאָליטישע און קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען. מען איז געגאַנגען אין דער ביבליאָטעק נאָך ביכער און מען איז געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט, געלייענט און שטודירט. מען איז געווען דורשטיק נאָך וויסן.

# עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה

אַזאַ אַרט לעבן איז אָנגעגאַנגען אין אונדזער טעלעכאַן, ביז עס האָט אויס־געבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה.

באַשרייבן, וואָס די אידן אין די מלחמה־געגנטן און אויך מיר, די איינוואוי־נער פון טעלעכאַן, האָבן זיך אָנגעליטן אין די יאָרן פון דער מלחמה, וואָלט פאַרנומען גאַנצע בענדער. עס וועט זיין גענוג צו דערציילן, אַז אַזוי שנעל ווי די דייטשן האָבן אָנגעהויבן טרייבן די צאַרישע אַרמייען פון די געגנטן, האָבן זיי, די צאַרישע סאָלדאַטן, געצונדן און פאַרברענט אַלע שטעט און דערפער הינטער זיך, ווען זיי זיינען געווען געצוואונגען אָפּצוטרעטן, און כדי צו פאַר־ענטפערן זייערע מפּלות און פאַרראַט, האָבן די צאַרישע קאָמאַנדירן געזוכט צו וואַרפן די שולד אויף די אידן, אַז זיי זיינען דייטשישע שפּיאָנען. די ניט־אידישע באַפעלקערונג, אָנגערייצט פון דער פּראָפּאַגאַנדע און זעענדיק אַז אידיש האָב און גוטס איז הפקר, האָבן געראַבעוועט, פּאָגראָמירט און געשלאָגן אידן. צווישן דער אַרומיקער ניט־אידישער באַפעלקערונג האָבן זיך געפונען ניט ווייניק העצער און פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע האָבן שוין לאַנג אַרויסגעקוקט אויף אַ געלעגנהייט און האָבן אויך געגומען אויסטראַכטן אַלערליי בלבולים אויף די אידן אין שטעטל. אַזוי, למשל, האָבן זיי געלאָזט אַ קלאַנג, אַז די אידן האָבן זייער געלט, קופּער, זילבער און גאָלד, אַוועקגעשיקט צו די דייטשן. האָט מען אונטער־געשיקט אַ פּויער עפּעס קויפן ביי אַ אידן אין אַ קראָם און געהייסן זיך געבן רעשט פון אַ גרעסערער מטבע, און אַז דער קרעמער האָט ניט געהאַט קיין רעשט צו געבן, איז דאָס שוין געווען אַ גוטער סימן, אַז ער, דער קרעמער, האָט שוין זיין געלט אויך אַוועקגעשיקט צום דייטש און דאָס איז שוין געווען אַ נייער אויסרייד צו שלאָגן אידן.

דאָס ערגסטע איז אָבער געקומען ווען מען האָט טעלעכאַן אונטערגעצונדן פון אַלע זייטן און אידן האָבן געמוזט אַנטלויפן, אָדער בעסער געזאָגט, זיינען פאַרטריבן געוואָרן אינם דערבייאיקן וואַלד. מען דאַרף האָבן אַ גרויסן כוח און אויך טאַלאַנט צו באַשרייבן די האַרצרייסנדיקע סצענעס, ווי מען איז געלאָפן אין וואַלד אַריין און ווען מען האָט געמוזט צוקוקן ווי דאָס האָב און גוטס, אָנגע־זאַמלט פון יאָרן שווערע פּראַצע, ווערט פון די שוידערלעכע, שרעקלעכע פייער־צונגען פאַרלענדט. דאָ פאַלט צו די נאַכט און מען געפינט זיך מיט קינדער אומבאַשיצט אין וואַלד אונטערן פרייען הימל. די געוויינען פון טאַטעס און מאַמעס גייען עד לב השמים. און אַט דערלעבט מען טאָג און מען דערמאָנט זיך, אַז עס איז ערב יום־כיפּור, דער הייליקסטער טאָג פון יאָר, אַ טאָג פון מחילה וסליחה און דאָ געפינען זיך טעלעכאַנער אידן אין אַ ווילדן וואַלד פון אַ ווילד־געוואָרענער וועלט, צווישן ווילד־געוואָרענע מענטשן. די זון איז קיין זון ניט, דער הימל איז קיין הימל ניט, די ערד איז נאָר אַ גרויס שטיק פייער, וואָס ברענט אונטער יעדן אידנס פיס. דאַוונען קען מען ניט, נעמט איין איד אַרום אַ בוים אָנשטאָט אַ מחזור, און שרייט אויס מיט זיינע לעצטע כוחות: „גאָט אין הימל, וואו ביזטו? וואָס שוויגסטו? דער איד האַלט דעם בוים און טראַכט ביי זיך אין האַרצן און ער רעדט צום בוים: „ווי גוט דיר איז, בוים, דו לעבסט מיט

דיינע ברידערביימער אין פרידן און דער מענטש פאַרניכטעט איינער דעם צווייטן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען." און דער איד טראַכט ביי זיך: הלוואי וואָלט איך געוואָרן אַ בוים. דאָס איז געווען יוסף דער שוחט.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען דעם געגנט האָבן אייניקע טעלעכאַנער אידן זיך ווי ניט ווי איינגעאָרדנט אַרום דעם געגנט. אַ צאָל משפחות פון טעלעכאַן האָבן זיך באַזעצט אַרום דעם שטעטל מאָטעלע, אַרום דריי מייל פון טעלעכאַן. דאָרטן האָבן זיי פאַרנומען אַ צאָל שטיבער פון פויערים, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון די דייטשן טיפער אין רוסלאַנד און האָבן זייערע „כאַזייסטוועס" (באַלעבאַטיש־קייט) איבערגעלאָזט אויף הפקר. די דייטשן האָבן אין יענעם געגנט פאַרבאָטן אידן צו האַנדלען, נאָר באַאַרבעטן די ערד פאַר חיונה האָבן זיי דערלויבט.

אַ גרויסע צאָל פון די אַנטלאָפענע טעלעכאַנער אידן, אַזוי ווי די אידן פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין דעם געגנט, איז אַוועק טיף אין רוסלאַנד. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער חורבן נומער איינס פון אונדזער שטעטל טעלעכאַן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

## מען בויט די שטאָט אויף דאָס ניי

ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט האָבן אייניקע פון די צעלאָפענע טעלע־כאַנער אידן אָנגעהויבן זיך אומקערן צוריק אין שטעטל אַריין און פּרובירט מיט ליידיקע הענט ווידער זיך אויפבויען אַ מקום מנוחה. אַלע זיינען געווען אָרעם, צעבראָכן און הונגעריק. האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז קיין פּינסק איז געקומען אַן אַמעריקאַנער אידישער קאָמיטעט, וועלכער האָט געבראַכט הילף דער אידישער באַפעלקערונג. דאַן האָט דער אַנגעזעענער איד אין שטאָט, אָשר גורשטעל, זיך אַוועקגעלאָזט קיין פּינסק מיט דער האָפענונג צו קריגן הילף אויף פאַר אונדזער שטעטל. קיין גלייכער וועג פון טעלעכאַן קיין פּינסק איז נאָך ניט געווען, האָט אים געדויערט וויפיל צייט ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין פּינסק. און אָנגעקומען איז אָשר גורשטעל קיין פּינסק פּונקט דעם טאָג ווען די פּוילישע שליאַכטע האָט שוין באַוויזן איר ווילדן אַנטיסעמיטיש־מערדערלעכן פּרצוף; דעם טאָג האָט די פּוילישע מאַכט דערשאָסן זיבן־און־דרייסיק פון די אָנגעזעענ־סטע אידן אין פּינסק.

די געשיכטע איז געווען אַזאַ: אַ גרופּע פון די אָנגעזעענסטע אידן אין פּינסק האָט זיך פאַרזאַמלט צו באַטראַכטן פּלענער ווי אַזוי די הילף פון אונדזערע אַמעריקאַנער ברידער ווי אַמבעסטן צו פאַרטיילן צווישן די נויטלײדנדע אידן אין דער שטאָט פּינסק און אומגעגנט. עמיצער האָט דערלאַנגט אַ מסירה צו דער פּוילישער מאַכט, וועלכע האָט דאַן געהערשט אין פּינסק, אַז דאָס האָבן זיך פאַר־זאַמלט באָלשעוויקעס. האָט די פּוילישע מאַכט אָן אַ פאַרוואָס, אָן אַ פאַרווען, באַלאַגערט דעם פּלאַץ, אַלעמען אַרעסטירט, זיי אַוועקגעפירט צום גרויסן מאָנאַס־טיר און אַלעמען מיט איין מאָל דערשאָסן. דעם רושם, דעם פּחד, דאָס דער־שלאָגנקייט, האָט דערציילט אָשר גורשטעל, איז ניט געווען צו באַשרייבן. אָשר גורשטעל האָט זיך דאָך דערשלאָגן צו דעם קאָמיטעט און געבראַכט אַביסל הילף פאַר די טעלעכאַנער אידן. איז ניט געקוקט אויף דעם טרויער און פאַר־

לוירנקייט פון די אידן אין טעלעכאַן, ווען מען האָט זיך דערוואוסט פון דעם אומגליק, וואָס איז געשען אין פינסק, האָט דאָס ביסל הילף, וואָס אָשר גורשטעל האָט געבראַכט, דאָך אַביסל דערמוטיקט. מען האָט געזען אַז לא אַלמן ישראל. עס זיינען נאָך דאָ אידן אויף דער וועלט, וואָס פאַרלאָזן ניט זייערע ברידער.

און ערשט איצט הייבן זיך אָן די אמתע צרות. אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק בייטן זיך די אַדמיניסטראַציעס. אָט זיינען עס די פּאָליאַקן די באַלעבאַטים און מאָרגן קומען די באָלשעוויקעס און טרייבן אַרויס די פּאָליאַקן און טאָקע גאָר באַלד קומען די באַלאַכאָוויצעס און פאַרטרייבן די באָלשעוויקעס. איז אַזוי געווען: אַז די פּאָליאַקן אָדער די באַלאַכאָוויצעס זיינען געקומען איז דאָס ערשטע געווען אַ גרעסערער, אָדער אַ קלענערער פּאָגראָם אויף אידן און נאָכן פּאָגראָם זיינען גלאָט געקומען גזרות איינע שווערער פון דער אַנדערער, וואָס האָבן די לעבן־געבליבענע ניט געלאָזט אָטעמען. זיינען געקומען די באָלשעוויקעס, האָבן זיי טאָקע, וואָס אמת, קיין פּאָגראָמען ניט געמאַכט, אָבער אַזוי ווי אידן האָט מען פאַררעכנט פאַר הענדלער און זעלבסט־באַשעפטיקטע בעלי־מלאכות און אויב אַ בעל־מלאכה האָט נאָך געהאַט אַן אַרויסהעלפער, איז ער שוין נאָך פון די צייטן פון „בונד" פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ „מעלקאָסאָבסטוועניק," האָט מען קאָנפיסקירט רעכטס און לינקס אָן אַ טאָלק און אָן אַ חשבון. איז טאָקע געווען ביטער די לאָגע פון די אידן אין שטעטל, אָבער דאָס לעבן איז כאָטש געווען געזיכערט.

אַ טראַגי־קאָמישע סיטואַציע איז אַנטשטאַנען אינם לאַגער פון דער ניט־אידישער באַפעלקערונג. פאַרשטייט זיך, אַז ווען די סאָוועטישע מאַכט איז געקומען קאָנפיסקירן געוויסע טיילן פון אייגנטום פאַר דער נייער מאַכט און פאַר די נויטן פון דער אַרמיי, האָט זי קאָנפיסקירט פון אַלעמען גלייך, פון אידן אַזוי גוט ווי פון ניט־אידן. דאַן האָבן די אַרומיקע פּויערים ניט געקענט פאַרשטיין וואָס עס קומט פאַר און וואָסער מאָדנע מאַכט עס זיינען די סאָוועטן. זיי נעמען גאָר ביי אַלעמען גלייך. פריער זיינען די פּויערים געווען געוואוינט, אַז נעמען, ראַבעווען, מעג מען בלויז ביי אידן, און די סאָוועטן נעמען גאָר ביי אַלעמען גלייך. מיט דער סאָוועטן־מאַכט איז מען פון אָנפאַנג געווען מער־ווייניקער צופרידן. דאָס איז געווען כל זמן די רויטע אַרמיי האָט זיך געפונען אין און אַרום דער געגנט. די העכערע אָנפירער, באַוואוסטזיניקע מענטשן, האָבן געוואוסט וואו אײן און וואו אויס; זיי האָבן געוואוסט ביי וועמען מען דאַרף קאָנפיסקירן און ביי וועמען ניט; אויף וועמען מען דאַרף האַלטן אַן אויג. אין אַנדערע ווערטער, עס איז געווען אַ שטרענגע אָרדענונג, אָבער מיט אַ טאָלק. אַזוי שנעל אָבער ווי די אַרמיי איז אַרויס פון טעלעכאַן און האָט איבערגעלאָזט אַ לאָקאַלע מאַכט פון פריש־געבאַקענע מושלים, מענטשן אומדערפאַרענע און אויך אַ סך פאַרשוינען מיט אומזויבערע רעפּוטאַציעס, וועלכע האָבן זיך איינגעוועורימט אַלס כלומרשטע קעמפער פאַר פּראָלעטאַרישער גערעכטיקייט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סאַדיסטישע אַרבעט פון גיין איבער די הייזער כלומרשט זוכן שפּיאָנען און דערוייל האָט מען גענומען רעכטס און לינקס, וואָס עס איז נאָר געקומען צו דער האַנט: זייגערלעך, רינגלעך, קישנס, קאָלדערעס, און אַז עס האָט זיך געטראָפן סתם אַביסל סחורה איז דאָך גאָר גוט געווען.

נאָר דאָס האָט מען נאָך אויך געקענט איבערטראָגן. דער גרעסטער אומגליק איז געווען דער אומצוטרוי פון איינעם צום אַנדערן, דער חשד, און דאָ האָבן זיך שוין געפינען מענטשן מיט אומריינע הענט. אויב איינער, אָדער איינע, איז געווען אָנגעשטויסן אויף עמיצן, איז מען שוין געגאַנגען מסרן צו דער מאַכט, אַז אַזוי און אַזוי... קלאָגן זיך פאַר וועמען איז ניט געווען. די פאַראָרדענונג איז געווען, אַז אַלע קלאַגעס דאַרפן אויפן אָרט דערליידיקט ווערן. מען האָט פאַרשיקט קיין סיביר, געוואָרפן אין טורמעס און פיל מאָל גאָר „געשטעלט צו דער וואַנט."

אין שטעטל איז געווען ווי אין סדום צווישן דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג. קאָנפיסקירט האָט מען אין נאָמען פון נאַציאָנאַליזאַציע און געשטראָפט האָט מען אין נאָמען פון פאַרשאַרפטן קלאַסן־קאַמף. באַרעכטיקט צי ניט באַרעכטיקט, זיינען אַלע שטאָטישע פירער און ציוניסטן פאַררעכנט געוואָרן פאַר „וראַגי באַראָדאַ", שונאים פון פאָלק. עס האָט געהערשט אַ ווילקיר און דער איד האָט געליטן ערגער פון אַלע.

ווען נאָך דער בייטעניש פון אַלע פאַרשידענע מאַכטן אין דער מהומה־צייט האָט זיך ענדלעך איינגעשטעלט די פּוילישע מאַכט, האָט דאָס לעבן אין טעלעכאַן זיך גענומען מער־ווייניקער נאָרמאַליזירן. מען האָט זיך ווידער גענומען אויפ־בויען די האַלב־רואינירטע הייזער; מען האָט ווידער אויפגעבויט די חסידישע שולן — די ליובאַשיער, די סטאָלינער, און אויך די מתנגדישע שול. די פּוילישע מאַכט האָט ווידער געלאָזט אין גאַנג דעם אָגינסקי קאַנאַל ווי פריער. דער גראַף פּאסלאָווסקי, וועלכער האָט געירשנט די מאַיאָנטקעס פונם גראַף אָגינסקי, האָט אויפן אָרט פון דער הוטע אויפגעבויט אַ טאַרטאַק, אַ זעג־מיל פאַר דעם געהילץ פון זיינע וועלדער. דער טאַרטאַק האָט שוין פאַרמאָגט די מאָדערנ־סטע מאַשינען. דער גראַף פּאסלאָווסקי האָט אויך אויפגעבויט אַן עלעקטרישע סטאַנציע און דאָס שטעטל איז באַלויכטן געוואָרן מיט עלעקטרישער באַלייכטונג.

מיט דער הילף פון די אַמעריקאַנער אידן איז אויפגעבויט געוואָרן אַ גרויס הויז מיט זעכצן וואוינונגען פאַר נויטבאַדערפטיקע משפחות. די יוגנט האָט געשאַפן אַ ביבליאָטעק. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַזשאַרנע קאָמאַנדע מיט אַ גרויסן זאַל פאַר קאָנצערטן און טעאַטער־פאָרשטעלונגען. באַלד האָט מען אויך אויסגעבויט אַ נייע באָד און אַ מקוה מיט פריש־לויפנדיק וואַסער. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ לינת הצדק גרופּע מיט אַ באַצאָלטן דאָקטאָר פאַר אָרעמע חולאים. דאָס שטעטל האָט אויפגעלעבט. אפילו דאָס קליינע באַנעלע, וואָס די דייטשן האָבן געבויט אין דער צייט פון דער מלחמה און אָקופּאַציע, האָט ווידער אָנגעהויבן קורסירן צווישן טעלעכאַן און פּינסק.

אידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן אין דער צייט פון דער מלחמה פון טעלעכאַן, האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין. צווישן די צוריקגעקומענע איז געווען יוסף דער שוחט און ער האָט טאַקע צוריק באַקומען זיין מעמד אַלס שוחט, און אַזוי ווי קיין רב איז נאָך ניט געווען, האָט יוסף דער שוחט אויך פאַרנומען דעם כסא הרבנות.

מען האָט געוואָלט אָנהויבן פאַרגעסן אין די איבערגעלעבטע צרות און געהאָפט אויף בעסערע צייטן. די פּוילישע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ אַז אַלע אידישע קינדער מוזן לערנען אין אַ פּוילישער שול יעדן טאָג ביז צוועלף

מיטאָג־צייט און דערנאָך גיין לערנען אין אידישן חדר. איז דאָס אויך ניט געווען קיין צו שווערע גזרה. פּרנסה האָט זיך ביסלעכווייז פאַרבעסערט. די פּוילישע מאַכט האָט אָרגאַניזירט די אידישע קהילה אויף אַ ברייטן דעמאָקראַטישן אופן. אַלעס האָט אויסגעזען צו ווערן נאָרמאַל. מען האָט אָנגעהויבן זען אַ שמייכל אויף אַ אידיש פּנים, מען האָט זיך דערפילט אַביסל זיכערער.

אָבער, ווי זאָגט מען, אין מזל לישראל. אָט קומט אָן דער צווייטער קריזיס אין פּוילן און עס ווערט אַ תל פון אַלע אידישע פּרנסות. די זלאָטע האָט פאַר־לוירן דעם ווערט. עס נעמט ניט לאַנג און דער הונגער הויבט ווידער אָן זיך באַווייזן אין אידישע הייזער. פאַרצווייפלונג האָט ווידער זיך אַריינגעכאַפּט אין די געמיטער. פאַר דער יוגנט איז אַנטשטאַנען די אַלטע פראַגע: „וואָס וועט זיין? וואָס קען מען דערוואַרטן?" ווי מיט אַ שטורעם האָט די יוגנט זיך גענומען לאָזן אין וועג אַריין: ווער קיין אַמעריקע און ווער קיין ארץ־ישראל. און דאָ האָט די פּוילישע מאַכט שוין אָנגעהויבן באַווייזן איר שלאַנגישן פּרצוף. דער אַנטי־סעמיטיזם איז געוואָרן גראָב, כאָטש שנייד אים מיט אַ מעסער. מען האָט זיך גענומען אַרויסרייסן דעם לעצטן ביסן ברויט פון אידישן מויל.

אָבער דאָ איז כדאי צו פאַרצייכענען אַ פאַל, וואָס די אַנטיסעמיטישע פּוילישע שליאַכטע האָט געקראָגן אַ גוטן שנאַל איז נאָז פון די טעלעכאַנער אידן. גראָד אין יענער שווערער צייט האָט זיך דער פאַרריסענער פּוילישער שליאַכטע פאַרוואָלט איבערבויען אייניקע שלוזן פון דעם אָגינסקי קאַנאַל. האָבן זיך אידן ווידער דערפרייט. עס וועט ווידער זיין אַביסל פּרנסה. אָבער די אַנטיסעמיטישע שליאַכטע האָלט זיך גדלותדיק און איגנאָרירט לגמרי די טעלעכאַנער אידישע אַרבעטער (די פלאָטניקעס) וועלכע זיינען געווען ספּעציאַליסטן פון דור־דורות אין בויען שליוזן. די פּוילישע מאַכט האָט אָבער ניט געוואָלט באַשעפטיקן קיין אידן און זי האָט מיט פאַראַד געבראַכט אינזשענערן און אַרבעטער, מיט אַלערליי מכשירים, און זיך גענומען בויען.

אָבער ניט די גרויסע אינזשעניערן און ניט די פאַכלייט פון די פּאָליאַקן האָבן זיך אויסגעטויגט צו דער אַרבעט. האָט מען איין מאָל געבויט די שליוזן און מען האָט זיי געמוזט צעוואַרפן; אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל — און עס האָט נאָך אַלץ ניט געטויגט. דאַן ערשט האָבן די פּוילישע שליאַכטיטשעס דערזען זייער גרויסן טעות. איז מען דאַן ערשט געקומען צו די טעלעכאַנער אידישע פלאָטניקעס און געבעטן זיך רחמים זיי זאָלן זיך שטעלן צו דער אַרבעט. ווען די אידישע פלאָטניקעס האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, איז די אַרבעט אַוועק ווי עס באַדאַרף צו זיין — אָן אינזשעניערן און אָן נאַטשאַלניקעס מיט עפּאָלעטן. און דער וואונדער פון אַלע וואונדער איז געווען, וואָס דער הויפּט־מייסטער ביים בויען די שליוזן איז געווען אַ איד מיטן נאָמען שלמה בראָמבערג, וועלכער האָט קוים געקענט אונטערשרייבן זיין נאָמען. אין זיין פאַך פון בויען די שליוזן איז ער געווען אַ קינסטלער שבקינסטלער. די אידישע פלאָטניקעס זיינען אַלע כמעט געווען גרויסע מייסטערס אויף בויען שליוזן. זיי האָבן דאָס געקראָגן בירושה פון זייערע זיידעס און עלטער־זיידעס, וועלכע האָבן געבויט די ערשטע שליוזן נאָך אין אַכצענטן יאָרהונדערט.

עס איז אויך ווערט צו פאַרנאָטירן, אַז אידן האָבן אויך געבראַכט קרבנות

ביים בויען די שליוזן. עס האָט פּאַסירט מיט אַ בויער פון די שליוזן מיטן נאָמען שמעון גורשטעל, ניסל דעם שיפּערס פאָטער. ביים פאַרריכטן איינעם פון די שליוזן איז אַ טויער איינגעפאַלן און ער איז דערדריקט געוואָרן אויף טויט. אַזוי האָבן אידן דאָ אויך און אין אַנדערע פאַלן געבראַכט קרבנות פאַרן לאַנד פוילן און זיי זיינען דאָך פאַרבליבן פרעמדע.

און איצט? און איצט? דער אידישער איצט? ווען טעלעכאַן איז שוין עטלעכע מאָל געבוירן געוואָרן און עטלעכע מאָל געשטאָרבן, קומט אָן פּלוצים די גרעסטע סכנה פאַר די טעלעכאַנער אידן. אין יאָר 1939 קומט אָן היטלער מיט זיינע סאַדיסטישע דייטשן אין פוילן, פול מיט האַס צום אידישן פאָלק, און זיי נעמען זיך גלייך איזדיעקעווען, ראַבירן, שיסן, פאַרטרייבן מיט זייערע ספּעציעלע יאַגד־הינט אין די געטאָס. אויף די וועגן זיינען אומצאָליקע אידן צעריסן געוואָרן לעבעדיקערהייט פון די יאַגד־הינט. אין די געטאָס האָט דער נאַצי בעסער געקענט אָנגיין מיט זיין פאַרניכטונגס־אַרבעט.

נאָך איידער די דייטשן זיינען געקומען אין אונדזער געגנט, איידער זיי האָבן נאָך דערקלערט קריג די סאָוועטן, האָבן זיך שוין די נאַצישע ווילדע מעשים געטראָגן צו אונדז. אידן האָבן זיך גענומען לויפן אין די וועלדער. אויף די וועגן האָבן אייניקע פויערים אַריינגעלאָזט אידן צו זיי אין די הייזער, פאַר גוט געצאָלטס, פאַרשטייט זיך. אָבער וויבאַלד דער איד האָט שוין ניט געהאַט מער צו צאָלן, האָבן די פויערים זיי באַלד אַרויסגעטריבן אין ווילדן וואַלד אַריין. קיין צוריקקער איז שוין ניט מעגלעך געווען. דער דייטש האָט שוין געהאַט פאַרשלאָסן די וועגן אַרום טעלעכאַן און די מערהייט אידן זיינען דאָרטן פאַר־בליבן. די אידן וואָס זיינען פאַרבליבן אין טעלעכאַן, האָבן געהאָפט, אַז דער דייטש וועט זיי האַלטן פאַר ניט קיין שעדלעכן עלעמענט. אַזוי ווי צווישן זיי זיינען געווען שונאים פון די סאָוועטן, האָבן די אידן געדענקט, אַז דער דייטש וועט זיי ניט טאָן קיין שלעכטס, אַז דער דייטש וועט זיי ניט פאַרפאַלגן.

פון אָנפאַנג איז געווען אַביסעלע שטיל. די דייטשן האָבן דערווייל ניט געטאָן קיין שלעכטס. זיי זיינען אפילו פאַר אַ שטיקל צייט אַרויס פון טעלעכאַן. אָבער אַזוי שנעל ווי די פויערים האָבן זיך דערוואוסט, אַז די דייטשן זיינען אַוועק, האָבן די שטאָטישע גויים און אויך די פויערים פון די אַרומיקע דערפער זיך אַ לאָז געטאָן אין שטאָט אַריין ראַבירן, וואָס עס האָט זיך געלאָזט. דאָס שטעטל האָט אויסגעזען ווי אַ פייער האָט אַרומגעכאַפּט און מען טראָגט פון די הייזער וואָס עס לאָזט זיך. די רציחה פון די פויערים, דערציילן די, וועלכע האָבן די שווידערלעכע סצענעס איבערגעלעבט, איז ניט אויסצומאָלן. פויערים, וואָס האָבן מיט אידן געלעבט זייט ביי זייט יאָרן לאַנג, האָבן זיי ניט געוואָלט דער־קענען. מען האָט געשלאָגן, געבראָכן שלעסער, טיר און טויער. די רציחה איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען אַ קינד איז געלעגן און געשלאָפן אין אַ וויגעלע, האָט מען דאָס קינד אַרויסגעוואָרפן און דאָס וויגעלע צוגענומען. דער נאַצי, ווען ער איז פאַר אַ ווייל אָפּגעטראָטן פון טעלעכאַן, האָט אָנגעזאָגט די פויערים דורך זיינע אַרויסהעלפער פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אַז אידיש האָב און גוטס און אויך אידיש לעבן איז הפקר. עס איז געווען אַזוי ביטער דאָס לעבן, אַז מען האָט געהאָפט, אַז דער דייטש זאָל קומען צוריק. זעקס וואָכן האָט די לאַגע

אַזוי אָנגעהאַלטן. מען האָט געהאַפּט אויפן דייטש און ער איז טאַקע געקומען און זיך באַלד גענומען צו דער גזלנישער אַרבעט.

זיי, די דייטשן, האָבן גלייך גענומען אַלע אידן, מענער, פרויען און קינדער, און זיי געטריבן אויפן וועג צו דער הוטע, אויפן וועג צו דעם דאָרף וואולקע. דאָרט זיינען שוין געווען צוגעגרייט דריי אויסגעגראָבענע טיפע גריבער. מיט ביקסן אין די הענט האָט מען געצוואונגען די אידן פריער זיך אויסטאָן און זיך זעצן אויף די קני מיטן פּנים צום גרוב, אַזוי אַז ווען מען וועט אים אָדער זי דערשיסן, זאָל ער גלייך אַריינפאַלן אין גרוב אַריין. אויב עמיצער האָט פּרובירט אַנטלויפן, זיינען די פּויערים אים נאָכגעלאָפן און דערשאָסן און אַראָפּגעצויגן די קליידער מיט אַלעס וואָס מען האָט ביים אידן געפונען.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן פאַר די צוקונפטיקע דורות, אַז די פּויערים פון שטעטל און פון די אַרומיקע דערפער זיינען געשטאַנען און האָבן גלייכגילטיק צוגעקוקט וואָס מען האָט געטאָן מיט די אידן. אייניקע האָבן זיך געלאָזט איבער די וועלדער זוכן אידן, לעבעדיקע צי טויטע, כדי זיי באַראַבעווען און צונעמען אַלעס צו זיך.

אָט צווישן אַזעלכע חיות אין געשטאַלט פון מענטשן האָבן אונדזערע ליבע און טייערע שוועסטער און ברידער געמוזט לעבן. פאַרוואָס איז זיי געקומען אַזוי פאַרניכטעט צו ווערן. פאַרוואָס?

אונדזערע טעלעכאַנער קדושים זיינען פאַרשאָטן געוואָרן אין די דריי גרויסע גריבער־קברים. פאַרשאָטן געוואָרן זיינען זיי מיט דער ערד און זאַמד, וואָס איז רויט געוואָרן מיט זייער אייגן בלוט. ווי מען גיט איבער פון מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און צוגעקוקט פון ווייטן, האָבן געזען, אַז די ערד איבער די קברים האָט זיך געהויבן פאַר אַ לאַנגער צייט. אַ סך פון די קדושים־הרוגים זיינען ניט אויפן אָרט אויסגעגאַנגען פון די קוילן וואָס מ'האָט אין זיי אַריינגעשאָסן און זיינען לעבעדיקערהייט פאַרשאָטן געוואָרן. ערשט ווען די לעבעדיק־באַגראָבענע האָבן אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם, האָט די ערד זיך איינגעשטילט.

אָט דאָס איז געוואָרן פון אונדזער טייערן, ליבן שטעטל, טעלעכאַן. דער זעלבער גורל פון אַלע אידישע ישובים, וואו דער ווילדער נאַצי, וואָס זיין נאָמען זאָל פאַרשאָלטן ווערן לדור דורות, האָט באַטראָטן.

## אַ לעבעדיקער גרוס פון טעלעכאַן

און איצט קומט דער ערשטער לעבעדיקער גרוס פון טעלעכאַן, אָבער שוין ניט פון אונדזער טעלעכאַן.

אין יאָר 1944, ווען פּוילן איז שוין געווען באַפרייט, ווען די סאָוועטישע אַרמייען האָבן שוין געהאַט פאַרטריבן די נאַציס פון פּוילישער ערד, האָבן מיר ביידע — מיין לאַנדסמאַן, שלמה לאַנדמאַן און איך, וואָס מיר האָבן געראַטעוועט אונדזערע לעבנס אין רוסלאַנד, זיך באַטראַכט, אַז עס וואָלט געווען אַ פּלאַן מיר זאָלן זיך דערשלאָגן צו טעלעכאַן, ניט וואַרטנדיק ביז די סאָוועטן וועלן אונדז אָפּשיקן מיטן טראַנספּאָרט קיין פּוילן אַלס פּוילישע בירגער. ניט לאַנג געקלערט

לאָזן מיר זיךביידע אַוועק צו דער פּוילישער גרענעץ. קיין פיל געלט האָבן מיר ניט געהאַט, נאָר דער רייץ צו זען מיט די אייגענע אויגן טעלעכאַן איז ווערט מער ווי געלט. מיר באַשטימען פאָרן קיין לוואָוו, אָדער לעמבערג, ווי מען האָט דאָס אַמאָל גערופן. מיר האָבן געוואוסט, אַז פון דאָרטן וועלן מיר זיך שנעלער דערשלאָגן צום צענטער פון פוילן. מיר ביידע, שלמה לאַנדמאַן און איך, זיינען אָנגעקומען קיין לוואָוו סוף יאַנואַר, 1945.

אין לוואָוו האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז צו פאָרן קיין טעלעכאַן דאַרף מען האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש און אַז די באַנען גייען נאָך נישט נאָרמאַל. איז כאָטש מיר זיינען שוין געווען אויסגעמאַטערט פון אַזאַ שווערער רייזע און איך האָב געהאַלטן ביים אויפגעבן די רייזע, אָבער ווען מיין חבר שלמה האָט מיר געזאָגט, אַז ער ווייסט וואו זיינע עלטערן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די ווייהאַנאַשצער פּויערים,, וויל ער איצט אַהין פאָרן און ברענגען זיינע עלטערן אויפן טעלעכאַנער בית־עולם. האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און באַשטימט מיט אים מיטצופאָרן.

מיר נעמען זיך אָן מיט כוח און לאָזן זיך אין וועג אַריין. דער ווינטער איז אַ בייזער. שנייען און זאַווערוכעס שטורעמען, און דאָ מוז מען דעם שווערן וועג דורכמאַכן צופוס. מיר גייען, שטעלן זיך אָפּ, רוען זיך אָפּ און גייען ווייטער. אונדזער טרוים איז צו דערגרייכן טעלעכאַן. מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז עס זאָל אונדז נעמען ניט מער ווי אַ וואָך און געגומען האָט אונדז זעכצן טעג ביז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו פּינסק. מיר האָבן שוין מער קיין געלט ניט געהאַט און האָבן זיך געלאָזט צופוס קיין טעלעכאַן און אין אונדזערע מוחות און פאַר אונדזערע אויגן לויפן די בילדער פון דעם אַמאָליקן טעלעכאַן מיט די טייערע מענטשן. אויפן מאָמענט ווערט אַביסעלע לייכטער אויף דער נשמה, אָבער בלויז אויף אַ מינוט. באַלד הויבן אָן נאָגן אַלערליי געדאַנקען. מיר גייען. באַגעגענען מיר אַ פורל, אַ מאַשין. מען נעמט אונדז און מען פירט אונטער אַ פּאָר קילאָ־מעטער און מיר בראָדיען ווידער צופוס.

ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלאָגן צום דאָרף אזאריץ און פון דאָרט פירט אונדז אַ פּויער מיט אַ פורל קיין טעלעכאַן. עס וועט זיך בשום אופן ניט איינגעבן אַרויסברענגען אין ווערטער אונדזער געמיט־צושטאַנד ווען מיר זיינען צוגע־קומען צו די טעלעכאַנער בריקן. מיך האָט באַפאַלן אַזאַ ספּאַזמאַטישער שלוכץ, אַז מיין חבר שלמה האָט מיך באַין אופן ניט געקענט איינשטילן. ענדלעך קומען מיר אַריין אין שטעטל. די עלעקטרי באַלייכט די שטאָט, אין טייל הייזער איז אויך ליכטיק, נאָר אונדז איך די אויגן איז שטאָק־פינצטער. אַלע הייזער שטייען גאַנץ, ווי געווען. מיר פאָרן און פאָרן, אָבער וואוהין צו פאַרפאָרן האָבן מיר ניט. מיר זיינען עלנט און פרעמד אין אונדזער אייגענער שטאָט. דער פורמאַן אונדזע־רער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיר האָבן ניט וואו זיך אָפּצושטעלן און ער שלאָגט פאָר אונדז פירן צו זיינעם אַ שוואָגער, קאָליאַ סינעוויץ, וועלכער וואוינט אין וואַלד נאָך די פּוילישע מאָהילקעס, אויפן וועג צו וואולקע און באַבראָוועץ. אַזוי ווי מיר האָבן אים אויך געקענט, דעם שוואָגער זיינעם, לאָזן מיר זיך פירן צו אים אין וואַלד אַריין.

ער פירט אונדז און מיר ווייסן ניט. אַז האָרט ביי דעם וועג אויף וועלכן

מיר פאָרן וועלן מיר אָנטרעפן די דריי גריבער־קברים פון אונדזערע טעלעכאַנער ברידער און שוועסטער מיט זייערע קינדערלעך.

די זעקס טעג, די זעקס טרויעריקע און פינצטערע טעג, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין טעלעטאַן, זיינען מיר יעדן טאָג, אינדערפרי און פאַרנאַכט, געשטאַנען ביי די הייליקע קברים און געזאָגט קדיש, און דערביי זיך יעדעס מאָל באַגאָסן מיט טרערן. דורך די זעקס טעג, וואָס מיר האָבן זיך אַרומגעשלעפט אין שטעטל, האָבן מיר געזוכט אַרויסצוקריגן אינפאָרמאַציע וועגן אַלעס וואָס עס איז געשען, אָבער קיינער האָט ניט געוואָלטריידן. אַלע זיינען ווי פאַרשטומט געוואָרן. איך בין צוגעגאַנגען צו מיין אייגענער שטוב, די שטוב וואָס איך האָב אַליין געבויט, אָבער אַריינגיין אין שטוב האָב איך ניט געקענט. מיינע פיס זיינען ניט געגאַנגען. זיי האָבן זיך אונטערגעהאַקט און זיך אָפּגעזאָגט צו גיין.

און דאָ קומט די שרעקלעכע בילד וואָס מיר האָבן געזען: דריי גרויסע קברים־גריבער. פאַר מענער באַזונדער, פאַר פרויען באַזונדער, און איינער פון די טייערע קינדערלעך. יעדע גרופּע האָט מען באַזונדער צעשאָסן. די קברים געפינען זיך אויף דער הוטע זייט צום דאָרף וואולקע. אַנטקעגן דעם פּוילישן צווינטער. ביים סאַמע ראַנד פון וועג געפינט זיך דער קבר פון די מענער. עס שטייען דאָרט נאָך איצט די קליינע ביימעלעך, וואָס זיינען דורכגעשאָסן געוואָרן פון די דייטשישע קוילן. די ביימעלעך שאָקלען זיך, ווי זיי וואָלטן אונדז וועלן עפּעס דערציילן. אַרום אַ הונדערט, אפשר הונדערט און פופציק קילאָמעטער ווייטער, געפינען זיך צוויי קברים־גריבער, ניט ווייט איינער פון צווייטן. דאָס זיינען איינער פון די פרויען און איינער פון די קינדערלעך. מיר האָבן געוואָלט אויסגעפינען וועלכער קבר איז פון די פרויען און וועלכער פון די קינדער, אָבער קיינער פון די איינוואוינער האָט ניט געוואָלט אָנווייזן, מורא האָבנדיק טאָמער וועט מען זאָגן אַז זיי זיינען געווען פאַרמישט אין דער שחיטה־אַקציע.

מיר האָבן אויך געפונען אַ גרויסע צאָל איינצלנע קברים פון אידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן און די דייטשן זיינען זיי נאָכגעלאָפן און זיי דערשאָסן אויף די וועגן. פיל פון די, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, זיינען נאָכגעיאָגט געוואָרן פון די פויערים פון די אַרומיקע דערפער און דערשאָסן געוואָרן. פון די איינצלנע קברים איז גאָר שווער געווען עפּעס זיך צו דערוויסן ווער זיי זיינען. אין איין פאַל האָט זיך אונדז איינגעגעבן אויסצוגעפינען. ניט ווייט פון טאַרטאַק און הוטע, איבערן קאַנאַל, וואו די קליין־באַן פלעגט דורכגיין, איז דער קבר פון ישראל שוואַרצבערג מיט זיין פרוי.

אָנגעזאַפּט מיט צער און צאָרן פון אונדזער גרויסן חורבן, האָבן מיר באַשטימט צו מאַכן אַ וויזיט אין גרויסן דאָרף וויהאנאָשץ. גייען מיר ביידע צופוס און קוקן אויף דער ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט בלוט פון אונדזערע שוועסטער און ברידער. מיר קומען אָן קיין וויהאָנאָשץ און נעמען זיך אַרומקוקן, וואָס איז געוואָרן פון שלמהס משפחה. קיין לעבעדיקע אידן זיינען אין דאָרף ניטאָ. מיר הויבן אָן זיך נאָכפרעגן, וואו עס געפינט זיך דער קבר פון שלמהס עלטערן, וועמען די פויערים האָבן דערהרגעט און צוגענומען זייער האָב און גוטס. קיינער וויל ניט זאָגן. מיר גייען דורך אַ הויז און שלמה דערזעט דאָרטן שטיין זיין מאַמעס שבתדיקע לייכטער. אָבער מיר האָבן געמוזט שווייגן. מיר האָבן אַזוי

לאַנג פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן ביז עס האָט געטומען רינען בלוט פון אונ־דזערע ליפּן. נאָך פיל נאָכפרעגן זיך האָט איין אַלטער באַקאַנטער אונדזערער אונדז אָנגעוויזן וואו דער קבר פון שלמהס עלטערן געפינט זיך. מיר האָבן גע־עפנט דעם קבר, אַרויסגענומען די קדושים, אַוועקגעפירט קיין טעלעכאַן און זיי מקבר געווען אויפן אידישן בית־עולם.

צוריק אין טעלעכאַן האָבן מיר באַשטימט מאַכן אַ וויזיט ביי דעם גלח פון טעלעכאַן. אַריינגעקומען אין הויז האָט שלמה גלייך דערזען זיין שיינעם בופעט שטיין ביים גלח אין הויז. ער האָט עס גלייך דערקענט. דער גלח האָט דאָס באַ־מערקט און האָט אָנגעהויבן שטאַמלען מיט דער צונג, אַז ער האָט דעם בופעט געקויפט ביי די דייטשן. דער גלח האָט זיך אָנגעשלאָגן צו באַצאָלן פאַר דעם בופעט און האָט אַרויסגענומען עטלעכע הונדערט סאָוועטישע רובלס.

עס איז אויך כדאי צו פאַרצייכענען: אונדזער קומען קיין טעלעכאַן האָט געשאַפן אַ בהלה צווישן דער פויערישער באַפעלקערונג אין שטעטל און פון די דערפער אַרום. ערשטנס האָבן זיי ניט געגלויבט אַז עס זיינען נאָך דאָ לעבעדיקע אידן, וואָרים זיי זיינען געווען זיכער, אַז היטלער האָט שוין אַלע אידן אומגע־בראַכט; און צווייטנס, האָבן זיי זוארשיינלעך זיך געשראָקן, אַז די סאָוועטן־מאַכט וועט זיי איצט באַשטראָפן פאַר אנטייל נעמען, צוזאַמען מיט היטלערס טייוואָלים, אין די שחיטות. זיי זיינען געווען זיכער, אַז מיר זיינען געקומען, מ׳ט דער הילף פון דער נייער מאַכט, מאַכן הויז־זוכונגען און אָפּנעמען אַלץ וואָס זיי האָבן ביי די אידן אָנגערויבט.

פויערים זיינען געקומען פון די אַרומיקע דערפער אויסצוגעפינען צי עס איז טאַקע אמת, אַז צוויי אידן האָבן זיך פּלוצים באַוויזן אין טעלעכאַן. אויפטרייסלענ־דיקע באַגעגענישן זיינען פאָרגעקומען ווען די פויערים האָבן אונדז דערזען. אייניקע האָבן זיך אפילו געכאַפּט קושן מיט אונדז, מיט אויסגעשרייען אויף זייער לשון: „קאָהאָ יאַ ווידזשו?״ וועמען זע איך? אָבער מיר האָבן זיי געשליידערט גלייך אין פּנים אַריין: „אַ שד זאָל אין אייערע טאַטעס אַריין! איצט וויינט איר? ווען דער דייטש, ימח שמו, וואָלט איצט דאָ געווען, וואָלט איר דאָך אונדז גלייך אים איבערגעגעבן אונדז אומצוברענגען, ווי איר האָט דאָס געטאָן פריער מיט אונדזערע ברידער און שוועסטער!״

כאַפּן זיך אייניקע פויערים שווערן, אַז ניט זיי האָבן דאָס געטאָן. אָבער ווי אַזוי קען מען זיי גלויבן? דער שוידערלעכער מאָרד איז דאָך געווען אַזוי גרויזאַם און האַרצלאָז, אַז זיי זיינען אַלע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווילדע חיות. עס זיינען טאַקע זיכער אויך געווען אייניקע פויערים, וואָס האָבן זיך ניט באַטייליקט דירעקט אין די שוידערלעכע רויבערייען רציחות, אָבער זיי זיינען געווען אַזוי ווייניק, אַז עס לוינט זיך ניט אפילו צו טרייסטן, אַז ניט אַלע האָבן זיך אין די מערדערייען באַטייליקט.

צום סוף ווילן מיר אין עטלעכע ווערטער אָפּמאָלן, וואָס עס איז געוואָרן פון אונדזער, אייער, שיין שטעטעלע טעלעכאַן. אַ פּוסטער חורבן ליגט אויסגע־ליגט, ווי אַ שוואַרצער פינצטערער צודעק, אויף אַלע הייזער, וואָס שטייען ווי פאַרבליבענע יתומים און שטעכן די אויגן די, וועלכע האָבן פריער דאָרט געלעבט. וואָסערע טייערע טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס און טייערע

קינדערלעך; וואו אַלע האָבן געלעבט ווי איין משפּחה, געטיילט די פריידן און ליידן, און דער דייטש, ימח שמו, האָט דאָס אַלעס חרוב געמאַכט. זאָלן מיר אויף אייביק געדענקען „אשר עשה לך היטלער!"

כמעט אַלע הייזער זיינען געבליבן שטיין. בלויז אַרום צען הייזער פעלן. אייניקע זיינען פאַרברענט געוואָרן, אייניקע שטייען צעבראָכענע, אָן טירן און פענצטער. אַ גרויסע צאָל הייזער האָט פאַרנומען די סאָוועטישע מאַכט פאַר אינסטיטוציעס, ביוראָען און קראָמען. פון דער סטאָלינער און ליובאַשיער שולן איז קיין זכר ניט געבליבן. די דייטשן האָבן זיי צענומען און געמאַכט דאָרטן שוץ־גראָבנס פאַר זיך. געבליבן איז די מתנגדישע שול. די דייטשן האָבן די שול געניצט פאַר אַ מאַגאַזין (שפּייכלער) פאַר קאָרן, וואָס זיי האָבן גע־בראַכט פון די דערפער. איצט פאַרנעמען די סאָוועטן די שול פאַר דעם זעלבן צוועק. להבדיל, דער קריסטלעכער קלויסטער און דער קאָסטשאָל זיינען גע־בליבן גאַנץ, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר קיין מלחמה ניט געווען. דער אידישער בית־עולם איז לגמרי צעשטערט און צעוואָרפן. דאָ זעט מען ערשט די ווילדע רציחה. דער חורבן איז דאָ אַזוי גרויס, אַז עס ווילט זיך אויסשרייען: „געוואַלד, וואָס האָט מען געהאַט צו די אידישע מתים, זיי זיינען דאָך שוין איינמאָל געשטאָרבן! ?"

דער צאַם אַרום דעם הייליקן אָרט איז אינגאַנצן צעבראָכן, ניט געבליבן קיין זכר פון דעם. דער געמויערטער אוהל, וועלכער איז דאָרט געשטאַנען פון לאַנגע יאָרן, איז אינגאַנצן צענומען געוואָרן; ניט געבליבן קיין איין ציגל. די קברים און די מצבות זיינען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז עס רייסט דאָס האַרץ צו קוקן. מען ווערט דערשטוינט צו זען, וואָס רשעים זיינען פעאיק צו טאָן צו אידישע קברים, צו אידישע מתים.

די קברים האָבן די רשעים צוגראָבן, זוכנדיק דאָרט אידיש גאָלד. זיי האָבן געדענקט, אַז די אידן האָבן אין די קברים באַגראָבן גאָלד. די מצבות האָבן זיי גענומען צו זיך אַהיים. אייניקע האָבן פון זיי געמאַכט שאַרפשטיינער, צו שאַרפן אין זיי זייערע קאָסעס און מעסערס. גאָר אייניקע האָבן פון די מצבות געמאַכט זיך מילשטיינער אויף צו מאָלן זייער ווייץ און קאָרן. פון מצבות מיט נעמען פון הייליקע אידן, וואָס ביי זייער לעבן האָבן זיי קיין פליג אויף דער וואַנט ניט גע־טשעפּעט, האָבן די רשעים געמאָלן ברויט פאַר זיך — און זיי ווערן ניט דערוואָרגן ווען זיי פרעסן דאָס ברויט!

שטייען מיר אויף דעם בית־עולם אָנגעפילט מיט צער, ווייטיק און צאָרן און פרעגן: „גאָט אין הימל, וואו איז דיין משפּט פון צדק, יושר און אמת?" אָבער מיר בויגן אונדזערע קעפּ פאַר די קדושים און גייען ווייטער. וואָס זעען מיר? ביינער און גאַנצע גלידער פון די מתים זיינען צעוואָרפן ווי שפּענדלעך און מיר האָבן געוואונטשן, אַז הלוואי וואָלטן מיר פריער בלינד געוואָרן, איידער מיר האָבן אַזעלכעס געזען.

מיר האָבן זיך געווענדעט צו דער סאָוועטישער מאַכט פון טעלעכאַן, אַז מען זאָל מאַכן צאַמען אַרום די דריי פרישע קברים־גריבער פון די אומגעבראַכטע קדושים, וועלכע געפינען זיך אויפן וואולקער וועג. מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז אויב זיי וועלן דאָס טאָן, וועלן מיר פאַרבלייבן אין טעלעכאַן און וועלן זיי

אסתר מילער

# די וועלט איז אָרעמער געוואָרן

מיטן נאַצישן אומברענגען אַ דריטל פון אונדזער אידיש פאָלק, איז די וועלט אָרעמער געוואָרן. די נאַצי־מערדער האָבן אומגעבראַכט שטעט און שטעטלעך אין אייראָפּע, טעלעכאַן אַריינגערעכנט. אָט־דער גרויסער אומגליק איז ניט בלויז אַ אידישער, עס איז אויך אַן אַלגעמיינער וועלט־אומגליק.

אונדזער געשיכטע פון די לעצטע פּאָר טויזנט יאָר איז פול מיט קאַטאַסטראָפישע פּאַסירונגען. אָבער קיין מאָל נאָך האָט דאָס אידיש פאָלק ניט דורכגעמאַכט אַזעלכע שווידערלעכע, ממש אומגלויבלעכע, קאַטאַסטראָפעס, ווי אין די לעצטע 25 יאָר, זינט דער אַנטשטייאונג פון דעם נאַציזם אין דייטשלאַנד.

אין משך פון דער נאַצי־דייטשישער מגפה זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פינף מיליאָן דערוואַקסענע אידן און אַ מיליאָן מיט 200,000 קינדער. ווער זיינען זיי? וואָס זיינען זייערע נעמען? דער צעטל איז לאַנג פאַר דער וועלט צו וויסן... די מערהייט: פשוטע האָרעפּאַשנע מענטשן, וואָס צוליב זייער אָרעמקייט און פּאַרנומענקייט, האָבן ניט געהאַט די צייט און מאַטעריעלע מיטלען צו אַנטוויקלען זייער אייגעבוירענעם אינטעלעקט, זייערע טאַלאַנטן מיט וועלכע די נאַטור האָט זיי באַשאָנקען. עס זיינען אָבער דאָ אַ סך פּאַרשניטענע נעמען וואָס זיינען דער וועלט יאָ באַוואוסט.

זיי שיינען אַרויס ווי אַ ליכט־טורעם אין אַ פינצטערער נאַכט: וויסנשאַפטלער, דערפינדער, לערער, שרייבער, דיכטער, פּעדאַגאָגן, אַרטיסטן, מוזיקער, היסטאָריקער — גרויסע גייסטער, וואָס האָבן געקאָנט דער וועלט אַזויפיל געבן און אין וועלכע די וועלט נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק. מיט זייער אומקום איז די וועלט אָרעמער געוואָרן...

ניט אין אַלע דורות ווערן געבוירן מענטשן וואָס קאָנען זיך אויפהויבן העכער פון זייער צייט און אומשטענדן אין וועלכע זיי לעבן. „דער נאַצי־מערדער

---

העלפן מיט דער אַרבעט. זיי האָבן אונדז געענטפערט, אַז מיר זיינען הונדערט פּראָצענט גערעכט און באַרעכטיקט דערצו, נאָר אַזוי ווי אַלע מענער זיינען נאָך אין דער אַרמיי קען מען נאָך דאָס איצט ניט באַווייזן. אַזוי שנעל ווי די מענער וועלן זיך אומקערן פון דער אַרמיי וועט מען צוטרעטן מאַכן די צאַמען.

אָט אַזוי זעט אויס אונדזער ליב און טייער שטעטעלע טעלעכאַן, וואו עס זיינען פאַרבליבן אונדזערע טייערסטע און ליבסטע, וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט. אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס, ברידער און שוועסטער, זין און טעכטער, נאָענטע און גוטע פריינט. מיר וועלן שוין קיינמאָל ניט קומען צו זיי אויף קבר אָבות.

איצט זאָלן מיר אַלע זאָגן דעם אל מלא רחמים און שווערן, אַז אויף דור דורות זאָל פאַרצייכנט ווערן צום געדענקען: זכור אשר עשה לך הדייטש.

האָט אָפּגעטויט דאָס פיזישע אין זיינע קרבנות איידער עס האָט זיך אים איינ־געגעבן אָפּצוטויטן דאָס גייסטיקע." לייענען מיר אין אַרכיוו פון דר. עמנואל רינגעלבלום און אין אַנדערע טאָג־ביכער וואָס זיינען געפונען געוואָרן נאָכן חורבן, פאַרגראָבענע אין דער ערד אין די געטאָס און אַנדערע „אומשלאַג־פּלעצער"... אַ מוטער שטאַרבט, אַריינבלאָזנדיק איר לעצטן אָטעם־צוג אין מויל פון איר טויטן קינד; פאַרליבטע שטאַרבן פאַרקלאַמערט אין די אַרעמס; אַ זיידע, פאַרפייניקט פון קראַנקהייט און הונגער, שטאַרבנדיק, גיט צו מוט זיין 14 יאָריקן אייניקל, בענטשט ער אים ער זאָל אַרויסקומען אַ לעבעדיקער און קעמפן קעגן די נאַצי־מערדער. (דער אייניקל האָט דאָס דערלעבט צו דערציילן אין ישראל צו אייכמאַנס פּראָצעס).

אויך מיין ברודער, שמואל גאָדינער, פון טעלעכאַן, דער סאָוועטיש־אידישער שרייבער, דער פאַרטיזאַן, זיין קערפער צעבראָכן, שטאַרבט מיט גייסטיקער גרויסמוט, אַריינזאָגנדיק דעם נאַצי אין פּרצוף מיטן גלויבן: „מיר וועלן זיגן!"...

„נעמט נקמה פון בלוטיקן שונא פאַר אונדזער טויט!" קלינגט מיין ברודער אהרנס קול אין דער וואַרשעווער געטאָ. עס הערן זיך די שטימען פון זיינע קינדער, קינדס קינדער. אויך צווישן די קינדער האָבן זיך געפונען גייסטיקע כוחות צו שלאָגן זיך מיט ליידיקע הענט קעגן דעם שווער באַפּאַנצערטן נאַצי־שונא, געגן זיינע נייעסטע פאַרניכטונגס אינסטרומענטן.

די העלדישקייט פון די קליינע אידישע קינדער אין אַלע געטאָס, דאַרף נאָך די וועלט אָפּשאַצן.

„דער ציל פון די נאַציס איז געווען, פריער פון אַלץ, אומצוברענגען די אידישע קינדער. די ברוטאַלע גרענעצלאָזע גרויזאַמקייט פון די נאַציס געגן קליינע קינדער איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס די וועלכע האָבן געזוכט צו פאַרניכטן די וואָרצלען פון אידישן פאָלק, האָבן ניט געוואָלט איבערלאָזן דעם נייעם דור, וואָס וואָלט געזיכערט די צוקונפט און המשך פונעם אידישן פאָלק," האָבן די ישראל ריכטער געזאָגט ווען זיי האָבן געפונען אייכמאַנען שולדיק אַלס פאַרברעכער קעגן דער מענטשהייט.

די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון דר. דוואָרזשעצקי פאַרנעמט אַ בוך פון פיר הונדערט זייטן, וואָס איז דערשינען אין אידיש און העברעאיש. דר. דוואָרזשעצקי דערקלערט, אַז לויט פאַרשיידענע אָפּשאַצונגען האָבן די נאַציס דערמאָרדעט אין משך פון זייער הערשאַפט אַרום אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט אידישע קינדער. ער דערציילט: „ווען ס'איז געקומען די ליקווידאַציע אין די געטאָס, פלעגן פאָרקומען אין געטאָ „קינדער־אַקציעס". אין געטאָ ווילנע, דעם 27טן מערץ; אין געטאָ קאָוונע, דעם 27 און 28 מערץ, 1944; אין געטאָ שאַוול, דעם 5טן נאָוועמבער, 1943; אין געטאָ קראָקע, דעם 13טן מערץ, 1943; אין געטאָ לאָדזש, אויגוסט 1942; אין געטאָ ביאַליסטאָק, אויגוסט 1943; אין געטאָ טאַר־נאָוו, דעם 7טן נאָוועמבער 1942, און אין געטאָ וואַרשע, בשעת דער גרויסער גירוש אַקציע פון יולי־סעפּטעמבער, 1942. (אין פילע אַנדערע געטאָס וואָס זיינען ניט דערמאָנט..) אָט אַזוי ציילן מיר „וויסנשאַפטלעך" אונדזער גרויסן פאַרלוסט — קינדער, פאַר וועלכע דער איד האָט שטענדיק געלעבט...

די ערשטע צו די טויט אַרויספירונגען פלעגן זיין די קינדער פון יתומים־הייזער דאָס אויסמאָרדן די אידישע קינדער דורך די נאַציס פלעגט פאָרקומען אויף די גרויזאַמסטע אופנים: מען פלעגט אויף זיי אָנרייצן דרעסירטע הינט; מען פלעגט שפּאַלטן קינדערשע קעפּלעך אין סלופּעס, אָפּהאַקן די קעפּ מיט העק; וואַרפן לעבעדיקערהייט אין ברונעמער, אין ברענענדיקע שייטערהויפנס, אַ סך מאָל פאַר די אויגן פון די מוטערס...״

דר. דוואָרזשעצקי דערציילט ווייטער, אַז נאָך דער מלחמה, אויף די פאַר־שיידענע משפּטים (אויך פון אַנדערע פאַרשיידענע אַרכיוון, דאקומענטן און טאָג־ביכער) דערוויסן מיר זיך אַז דייטשע דאָקטוירים האָבן דורכגעפירט די שענד־לעכסטע געשלעכט־אָפּעראַציעס און עקספּערימענטן איבער פרויען און קליינע קינדער, הויפּטזעכלעך איבער אידישע קינדער. ער פאַרענדיקט דאָס בוך מיט דער דערקלערונג: „אויך דער גרעסטער טייל פון יענע קינדער, וואָס זיי איז געלונגען זיך צו ראַטעווען.״

פון דער דאָזיקער גזירה — קינדער־אַקציעס אין דער געטאָ — זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן און אין אוישוויץ. גאָר ווייניק פון זיי זיינען געבליבן לעבן...״

צווישן די, וועלכע זיינען אַריבערגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ און שפּע־טער קיין בערגען־בעלזען און זיינען אומגעבראַכט געוואָרן, האָט זיך אויך געפונען די 15 יאָריקע אַנאַ פראַנק, וועלכע האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גייסטרייכע ירושה: „דאָס טאָג־בוך פון אַנאַ פראַנק.״

אין דער טערעזין געטאָ, טשעכאָסלאָוואַקיע, האָבן די נאַציס אומגעבראַכט פופצן טויזנט קינדער, די מערסטע פון זיי אידישע. אין ריגע זיינען אויסגע־שאָכטן געוואָרן פערציק טויזנט קינדער. די קינדער זיינען געווען יינגער פון פופצן יאָר.

12 און 15 יאָריקע קינדער האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גייסטיק ריזיקע ליטעראַרישע ירושה פון פּיין און צער, שרעק, טרויער און אויך טרייסט און טרוי־מען, האָפענונגען פאַרקערפּערט אין פילע טאָג־ביכער. זיי האָבן אויך איבער־געלאָזט פיר טויזנט צייכענונגען און לידער וועגן זייער לעבן אין געטאָ. די ירושה געפינט זיך איצט אין דעם אידישן מלוכה־מוזיי אין פּראַג.

איין קינד מיטן נאָמען „טעדי״, שרייבט אין אַ ליד:

„ווען אַ נייע קינד קומט דאָ אָן,
זעט אים אַלץ אויס מאָדנע...
דאָ אין טערעזין איז דאָס לעבן אַ גיהינום
און ווען איך וועל זיך אומקערן אַהיים —
קאָן איך ניט זאָגן...״

דער דרייצן־יאָריקער האַנוטש האָכענבערג, פון פּראַג, וועלכער איז אומגע־בראַכט געוואָרן דעם 18טן דעצעמבער, 1943, אין אוישוויץ, האָט מיט ווייטאָג אויסגעדריקט אין אַ ליד די ענדערונג, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין אים. ער שרייבט:

„איך בין אַמאָל געווען אַ קליין קינד,
מיט דריי יאָר צוריק.
דאָס קינד האָט געבענקט נאָך אַנדערע וועלטן.
אָבער איצט בין איך שוין מער ניט קיין קינד.
ווייל איך האָב זיך אויסגעלערנט צו האָסן.
איך בין אַ דערוואַקסענער מענטש איצט.
איך וויס דעם טעם פון שרעק...“

אַן אומבאַקאַנט קינד האָט אין 1943 געזוכט דורך ליד צו דערמוטיקן זיך און די אַנדערע קינדער און האָט אָנגעשריבן אַ ווערק אונטערן נאָמען: „בענקשאַפט נאָך דער היים.“ אינעם ליד שרייבט דאָס קינד:

„אָבער קיינער טאָר זיך ניט אונטערגעבן!
די וועלט דרייט זיך און צייטן וועלן זיך בייטן·
מיר האָפן אַלע, אַז די צייט וועט קומען,
ווען מיר וועלן זיך צוריקקערן אַהיים.
איצט באַגרייף איך, ווי טייער זי איז
און אָפט געדענק איך זי...“

דער גלויבן, אַז אויף דער וועלט זיינען דאָ אַנדערע מענטשן, מענטשן מיט וועמען מען קאָן לעבן און זיך באַפריינדן, קומט צום אויסדרוק אין קורצע זיבן שורות פון דער יונגער אַלענאַ סינקאָוואַ, וועלכע איז אַגב אַרויס אַ לעבעדיקע. זי שרייבט:

„איך וועל זיך אָוועקלאָזן איינע אַליין,
וואו ס'זיינען דאָ אַנדערע מענטשן, בעסערע מענטשן,
אין אַן אומבאַקאַנט אָרט,
וואו איינער דערמאָרדעט ניט דעם צווייטן.
מעגלעך, פיל פון אונדז,
אַ טויזנט אין צאָל, וועלן גרייכן דעם ציל
גאָר אין גיכן...“

אונטערן נאָמען „שרעק“ שילדערט די צוועלף־יאָריקע איוואַ פּיקאָוואַ דעם שוידער אין טערעזין־געטאָ און זי רופט אויס:

„ניין, ניין, מיין גאָט, מיר ווילן לעבן!
ניט צוקוקן ווי אונדזער צאָל ווערט צערונען.
מיר ווילן האָבן אַ בעסערע וועלט.
מיר ווילן אַרבעטן — מיר דאַרפן ניט שטאַרבן!“

און אַן אַנדער קינד, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן אין אוישוויץ דעם 28טן אָקטאָבער 1944, האָט אָנגעשריבן אין טערעזין געטאָ אַ קליין ליד אונטערן נאָמען „דער גאָרטן“:

„אַ קליין גאָרטן,
אָנגעפילט מיט אנגענעמע גערוכן און פול מיט רויזן·

דער וועג איז שמאָל,
און אַ קליין ייִנגל שפּאַצירט איבער אים.
אַ קליין ייִנגל, אַ זיס ייִנגל,
אַזוי די בליִענדיקע בלומען.
ווען די בלומען וועלן אויפבליִען
וועט שוין דאָס קליין ייִנגל מער ניט זײַן.״

ווי אַנאַ פראַנק אין איר באַהעלטעניש, און אַנדערע קינדער פון געטאָ־טאָגביכער, אַזוי האָבן אויך טויזנטער אידישע קינדער אין געטאָ טערעזין פאַרמאָגט דעם באַוואוסטזיין און מוט צו באַזיגען דאָס לעבן און צו לעבן מיט מוט. אַן אומבאַקאַנט אידיש קינד אין געטאָ טערעזין האָט אויסגעדריקט די מוט און גבורה אין די פאָלגענדע שורות:

„העי, מאַך אַ פאַרזוך צו עפענען דיין האַרץ
און פלעכט אויס אַ קראַנץ פון זכרונות דאָרט.
צו שיינקייט. גיי אַרויס אַמאָל אין וואַלד
דאָן, אויב די טרערן וועלן פאַרשטעלן דיין וועג,
וועסטו וויסן ווי וואונדערבאַר ס׳איז
צו זיין אַ לעבעדיקער.״

צער און גבורה האָט אויך אויסגעדריקט אין אַ ליד דאָס ייִנגל פרידמאַן פון פראג, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן דעם 29טן סעפטעמבער, 1944, אין אוישוויץ, ווען ער האָט זיך געזעגנט מיטן לעצטן קאָלירפולן שמעטערלינג, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון געטאָ־טערעזין, פאַרענדיקט זיין ליד מיט די פאטע־טישע ווערטער:

„. . . שמעטערלינגען לעבן ניט דאָ
אין דער געטאָ. . .״

אין דער ווידערשטאַנד באַוועגונג פון ריגער געטאָ האָבן אנטייל גענומען 12-13 יאָריקע קינדער. ווען אין „געסטאַפּאָ״ פאַלט אַריין אַ ייִנגעלע פון ריגער געטאָ, אַוורעמקע, קומט ער אום, אָבער פון אים באַקומט די געסטאַפּאָ קיין וואָרט ניט אַרויס. העלדישע זייטלעך פון שלעפן געוועזן אין ריגער געטאָ שרייבט אַריין אַ קינד פון געטאָ מיטן נאָמען האָפּמאַן... אין ריגער געטאָ איז געוועזן אַ פאַל ווען אַ אידיש אינגעלע, רענע, וועמען ס׳איז נאָך קיין צען יאָר ניט געווען, האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון אַקציע. ווען ער איז אַנטדעקט געוואָרן, וואַרפט ער זיך פון פינפטן שטאָק מיט די ווערטער: „קיין לעבעדיקער גיב איך זיך ניט אָפּ צו מיינע מערדער. . .״

אָט־די אידישע קינדער־העלדן, וועלכע האָבן דורכגעפירט די סאַמע ריזי־קאַלסטע אויפגאַבן, פאַרגאָסן זייער בלוט אויף די שלאַכטפעלדער אין קאַמף מיט די היטלעריסטישע חיילות, אָט־די פיל צוזאַגנדיקע טאַלאַנטפולע קינדערלעך האָבן די נאַצי־חיות אומגעבראַכט און די וועלט איז אָרעמער געוואָרן...

אין מיין מאַמעשן קאָפּ און האַרצן האָט זיך איינגעפעסטיקט אַ בילד, וואָס אַ שרייבער האָט געמאָלן פון אַ זיבן־יאָריקן אידישן אינגעלע, וואָס די נאַציס

האָבן, אין סעפּטעמבער 1943, אומגעבראַכט אין פּלאַשעווער לאַגער. ערב דער הינריכטונג האָט דאָס קינד געפרעגט זיין מאַמען: „מאַמע, שטאַרבן טוט זייער וויי?" די מאַמע האָט צוגעדריקט דאָס קינד נעענטער צום האַרצן און געענט־פערט: „ניין, בלויז אַ ווייליניקע."

אונדזערע אידישע וואונדן און די וואונדן פון די טעלעכאַנער לאַנדסלייט און פון דער וועלט זיינען נאָך צו פריש (21 יאָר נאָך) אַז דער איצטיקער דור פון וואָרט־קינסטלער, מאלער, דראַמאַטורגן, זאָלן קענען אָפּשאַצן און אַרויס־ברענגען דעם ריזיקן וועלט־אומגליק. עס וועט דאַרפן קומען אַ נייער דור, כדי צו קאָנען אָביעקטיוו אָפּשאַצן די גרוילקייטן פון די נאַציס, אָפּשאַצן דעם קאָלאָ־סאַלן פאַרלוסט אין מענטשלעכן בלוט, פאַרשריט און ערדישע ווערטן וואָס דער נאַצי־מערדער, די חיה אין מענטשן־געשטאַלט, האָט געבראַכט אויף דער וועלט.

אָט־די געניאַלע קינדער האָט דער נאַצי־מערדער אומגעבראַכט און די וועלט איז אָרעמער געוואָרן. אָבער דער וואָרצל איז געבליבן, דאָס אידישע פאָלק לעבט.

אויך אין אונדזער שטעטל טעלעכאַן זיינען געווען באַגאַבטע אידישע קינ־דער, אַ שעפערישע אידעאַליסטישע יוגנט, וועלכע האָט געקאָנט מאַכן אַ גרויסן ביטראָג צום מענטשלעכן פּראָגרעס. אויך זיי האָבן העלדיש געקעמפט קעגן בלוטיקן דייטשישן שונא אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, אַלס פּאַרטיזאַנער אין די געדיכטע וויס־רוסישע וועלדער. זייער אָנדענק וועט שטענדיק לעבן אין אונדזערע הערצער. ווייניק האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלערס גיהנום. אייניקע זיינען אַוועק אין צייט קיין ישראל, פילע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער רויטער אַרמיי. די ברידער לייבל און אפרים קליטעניק (זיי זיינען געבליבן לעבן, מאַכן אַ גרויסן בייטראָג צו דער זאַך פון שלום); אליהו סענדערס, בערל זוסקין, פייוול לעמל, אהרן שמואל (רבקהס זון, וועלכער איז אומגעקומען פאַרטיידיקנדיק לענינגראַד); לייזער לוצקי, שלמה לאַנדמאַן, און אַ סך אַנדערע. פילע יונגע קינדער זיינען אַוועק מיט די פּאַרטיזאַנער, צווישן זיי מיין קוזינע, די ענערגישע טאַלאַנטפולע, דינה גאָדינער. זי האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך איצט אין לאָדזש.

אין דעם שטעטעלע טעלעכאַן איז ניט געווען קיין געטאָ, קיין אומשלאַגס פּלעצער, קיין קרעמאַטאָריעס, אויך ניט קיין באַזונדערע „קינדער־אַקציעס." די דאַטע פון אונדזער בראָך: אויגוסט דעם 4טן, 1941. די נאַצי־מערדער האָבן צונויפגעטריבן די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג — מענער, פרויען, אַלטע לייט און קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער, געהייסן גראָבן דריי לאַנגע קברים לענגאויס דער ברייטער הויטע גאַס, געגעבן אַ באַפעל די אָרטיקע גויים (אויך פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן פריער זעקס וואָכן צייט פּאָגראָמירט די אידן) זיי זאָלן שיסן... די אומוויסנדיקע גויים, פאַרסמט פון ביטערן האַס קעגן אידן, האָבן געשאָסן... ביזן לעצטן איד, ביזן לעצטן קינד... אַ סך ניט צום טויט דערשאָסענע זיינען איז אַגאָניע אויסגעגאַנגען.

דער געוועזענער רויט־אַרמייער און פאַרטיזאַן, אפרים קליטעניק, וועלכער איז געשטאָלט, פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין די גרויליקע מלחמה־יאָרן, האָט צוזאַמענגעבראָכן, געוויינט ווי אַ קינד, ווען ער איז געקומען מיט עטלעכע יאָר

שפּעטער אין זיין געבורטס־שטעטל טעלעכאַן. אויך סאָל לאַנדמאַן, וועלכער געפינט זיך איצט אין אַמעריקע, איז דאָרטן געווען. אַ שוידער נעמט אַרום צו לייענען אפּרימס בריוו און הערן סאָלן דערציילן וואָס די סאַדיסטישע חיה אין מענטשן־געשטאַלט — די נאַציס — האָבן אָגעטאָן צו די אידן. אפילו איצט, 21 יאָר נאָכן גרויסן בראָך, ליגט טעלעכאַן נאָך אַלץ אין אַ טויטער פאַרשטומט־קייט. אידישע הייזער, וואָס האָבן זיך מער־ווייניק אָפּגעשטעלט גאַנץ, זיינען פאַרנומען פון פויערים, וואָס פאַר מורא (פאַר דער וועלט, געוויסן, אָדער לעבע־דיקע אידן?) האָבן פאַרהאַקט מיט ברעטער טירן און פענצטער. „מען זעט ניט קיין מענטש אויפן גאַס, מען הערט ניט קיין קינדערשן געלעכטער...״ שרייבט אפּרים. „דער געזונטער פויער האָט געציטערט ווי אַ בלאַט ווען ער האָט מיך דערזען אַריינקומען צו אונדז אין שטוב, וואָס ער האָט פאַרנומען״, דערציילט סאָל לאַנדמאַן.

די גרוילקייטן פון די נאַציס (און טעלעכאַנער און אַרומיקע גוים, וועלכע האָבן מורא געהאַט ניט אויסצופאָלגן נאַצי־באַפעלן) געגן אידן, פון וועלכע דער פויער האָט סאָלן דערציילט, זיינען אַזוי שוידערלעך, אַזוי פאַנטאַסטיש אומגלויב־לעך, אַז דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד קאָן דאָס ניט באַנעמען. מען מוז זיך אָפּשטעלן און פרעגן: „איז דאָס מעגלעך״ אין וועלכן יאָרהונדערט לעבן מיר?״ ווען מיר ווערן זיכער אַז די אַלע שוידערלעכקייטן האָבן פּאַסירט אין אונדזער צייט פון ציוויליזירטן 20טן יאָרהונדערט, באַפאַלט אונדז אַ מורא און אַ שאַנדע פאַרן מענטשלעכן מין, ניט נאָר פאַר דעם „מענטש״ פון אונדזער דור, נאָר אויך פאַר די דורות וואָס וועלן קומען נאָך אונדז.

און עס איז דאָ פאַרוואָס זיך צו שעמען און אורזאַכן פאַר מורא. אויב מענטשן (ביאָלאָגיש זיינען נאַציס מענטשן) האָבן געקאָנט אַזוי גייסטיק זינקען, באַגיין אַקטן אויף וועלכע נאָר ווילדע חיות זיינען פעאיק, טאָ מיט וואָס איז די וועלט זיכער אַז עס קאָן ניט פּאַסירן ווידעראַמאָל? עס איז ניט נאָר אַ פראַגע פון דער פאַרניכטונג פון אַ דריטל פון אידישן פאָלק, אונטער די בלוטיקע נאַצי־הענט, עס איז אַ וועלט־פראַגע. די גאַנצע וועלט שטייט אין געפאַר פאַרסמט צו ווערן פון אַנטיסעמיטיזם, פאַראורטייל און ראַסן־האַס.

גערעכט איז געווען שמעון דובנאָוו, דער גרויסער אידישער היסטאָריקער, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן פון די נאַצי־הענקער, זונטיק פאַרטאָג, דעם 30טן נאָוועמבער, 1941, אין ריגער געטאָ. אין די שמועסן מיט די קינדער פון געטאָ האָט ער געזאָגט: „אַלץ וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דער אידישער געשיכטע ביז איצט איז גאָרנישט. די אידישע געשיכטע הייבט זיך ערשט אָן.״. . מיר קאָנען צוגעבן, אַז די געשיכטע פון דער מענטשהייט הייבט זיך ערשט איצט אָן.

עס וואָלט געווען אַ גייסטיקע דערלייכטערונג פאַר אונדז אידן, אויך פאַר דער וועלט, צו וויסן, אַז דאָס דייטשיש פאָלק איז משוגע געוואָרן; עפּעס אין זייער דענקונגס אַפּאַראַט איז קאַליע געוואָרן; אַז זיי, די נאַציס, זיינען אַנדערש פון אַנדערע פעלקער. דאַן וואָלט די ציוויליזירטע וועלט אָנגענומען מיטלען, זען אַז די נאַצי־עפּידעמיע זאָל זיך ניט פאַרשפּרייטן. די מענטשהייט וואָלט זיך באַמיט צו היילן אָדער זיי קוואַראַנטינען. אָבער די געפאַר איז גרויס, ווייל זיי, די דייטשן, זיינען ביים קלאָרן זינען; אָרגאַניזאַטאָרן, וויסנשאַפטלער, דערפינדער,

וואָס האָבן געשטעלט צו דינסט זייערע טאַלאַנטן, דערפונדן מאָרד־מאַשינען פאַר טאָטאַלער אויסראָטונג פון אידישן פאָלק; זייערע פּראָפעסאָרן און דאָקטוירים האָבן עקספּערימענטירט אויף פרויען און קינדערשע קערפּערס. זייערע „דאַמען" האָבן געמאַכט לאָמפּן־אַבאַזשורן פון מענטשלעכער הויט... די דייטשן האָבן פּראַקטיצירט אוממענטשלעכע עקספּערימענטן אין פאַרשיידענע מאָרד־לאַגערן. דר. מענגעלע, דער הויפּט־דאָקטאָר פון אוישוויץ, איז געווען דער גרעסטער סאַדיסט פון אַלע. ער לעבט, באַהאַלט זיך אויס ערגעץ אין דער מערב־וועלט...

דאָקטאָר מענגעלע איז ניט דער איינציקער מערדער וואָס לעבט און באַהאַלט זיך אויס. עס זיינען דאָ נאָך מאַסן־מערדער, באַהאַלטענע און אָפענע, וואָס לעבן און באַהאַלטן זיך אויס. (עס ווילט זיך ניט פאַראומרייניקן דאָס יזכור־בוך מיט זייערע נעמען). אָט פאַר די טויטלעכע נאַצי־מיקראָבן מוז די וועלט זיין אויף דער וואַך.

## אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אָרגאַניזירטע פאַרברעכן קעגן אידן אין דייטשלאַנד:

צוויי חדשים נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, אין 1933, האָבן די נאַציס אָנגעהויבן פאַרפאָלגן אידן. צוערשט זיינען זיי באַרויבט געוואָרן פון בירגערשאַפט, צערויבט די פאַרמעגנס, געשטעלט געוואָרן אויסערן געזעץ; קיין אַרבעט מיט — אָדער פאַר — „דזשענטיילס"; זיי האָט מען פאַרבאָטן אַריינצוקומען אין קיין קראָמען, קיין קאַפעיס אָדער רעסטאָראַנען, קיין טראַנספּאָרטאַציע, קיין פאַבריקן און קיין טעאַטער. די סינאַגאָגעס זיינען געשענדעט און פאַרברענט געוואָרן, אידישע מוזיקער טאָרן ניט שפּילן באַך אָדער בראַמס; מענדעלסאָנס מוזיק מוזיק איז געווען דערלויבט. שפּעטער האָבן די נאַציס פאַרברענט זיינע קאָמפּאָזיציעס צוזאַמען מיט די ווערק פון די בעסטע אידישע שרייבער, היינריך היינע אַריינגערעכנט. מאָבס האָבן געטאַנצט אָרום פייער, געשריגן: „הערויס מיט די יודישע ווערים! אַרויס פון ריינעם אַרישן סופּערמען! יודען פון דייטשלאַנד זאָלן אַרויסגעטריבן ווערן פון לאַנד, אָדער פאַרניכטעט ווערן!"

אַ סך פון די באַרויבטע, געיאָגטע אידן זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אַנדערע האָבן אין פאַרצווייפלונג געזוכט אַ לאַנד וואוהין צו אַנטלויפן. די אידן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין האַלבע און אין גאַנצע פאַרמאַכטע טויערן פון די נייטראַלע לענדער. די דייטשן האָבן געזען די גלייכגילטיקייט פון די דעמאָקראַטישע לענדער צו די היימלאָזע און געיאָגטע, האָבן באַשלאָסן אַז קיינער וויל די אידן ניט האָבן, זיי זיינען אַ לאַסט אויפן לאַנד און ווערטלאָז אויפן מאַרק... עס מאַכט ניט אויס וואָס צו זיי וועט געשען...

אין דעם ליגט טיילווייז די שולד אויף די מערב־לענדער. די גרעסטע שולד טראָגט אַמעריקע. פון יאָר 1933 ביז 1943, האָט אַמעריקע געעפנט אַ קליין שפּעלטעלע פון „גאָלדענעם טויער" צו די אידן פון אייראָפּע, אַריינגעלאָזן אין לאַנד 190,000 פון די מיליאָנען אידן וואָס זיינען געווען פאַראורטיילט צום אומקום פון אונטער די בלוטיקע נאַצישע הענט. וואָלטן די הערצער און טויערן ברייטער געעפנט געוואָרן צו די דאַכלאָזע אידן אין זייער פאַרצווייפלטער לאַגע,

וואָלטן נאָך אַ פּאָר מיליאָן געראַטעוועט געוואָרן פון די גאַז־קאַמערן, אומשלאַגס־פּלעצער און קרעמאַטאָריעס.

באַלד האָבן די נאַציס צענומען זייערע בלוטיקע הענט, געאַרבעט מיט אויס־גערעכנטער פּינקטלעכקייט, טייוולשער שנעלקייט און רשעות קעגן אידן. אידן זיינען געצוואונגען געוואָרן צו טראָגן געלע לאַטעס (מגן דוד) אויף די אָרעמס; זיי זיינען צוזאַמענגעטריבן געוואָרן ווי סטאַדעס בהמות אין איבערגעפּאַקטע געטאָס, וואו קראַנקהייט, הונגער, שמוץ און טיפוס עפּידעמיעס האָבן געבושעוועט. די נאַצי־קאַניבאַלן זיינען ניט געווען צופרידן. שטאַרבן מיט אַזעלכע טויטן איז אַ צו פּאַמעלעכער פּראָצעס. זיינען די אידן טעגלעך אין די צענדליקער טויזנטער געשיקט געוואָרן אין טויטן־וואַגאָנען אין די קרעמאַטאָריעס פון אָשוויענטשים, מיידאַנעק, טרעבלינקאָ און אַנדערע גאַז־קאַמערן.

די וועלכע האָבן נאָך געקענט אַרבעטן האָבן די דייטשן גענוצט פאַר שקלאַפן־אַרבעט אין די געטאָס. זייער טויט איז צייטווייליק אָפּגעלייגט געוואָרן ביז זיי זיינען געוואָרן נוצלאָז פון שווערער איבערמענטשלעכער אַרבעט. דאַן זיינען זיי פאַרטריבן געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס. קלעפּ און פאַרקריפּלונג האָבן זיי באַגלייט אויף די וועגן צו די גאַז־קאַמערן. ווער עס האָט ניט געקאָנט גיין איז געפאַלן אונטער די קוילן פון די רוצחים. און ווידער קלעפּ, ווידער געבייטשט. זייערע קערפּערס זיינען שנעל געבראָכן געוואָרן, אָבער זייער גייסט האָט אויס־געהאַלטן דאָס „מענטשלעכע אין זיך"; טויטע קערפּערס פון מוטערס זיינען גע־פונען געוואָרן איבערגעבויגן איבער זייערע קינדער, באַמיענדיק ביז צום סוף צו באַשיצן זיי; יונגע און עלטערע מענטשן, מיט זייערע הענט אין ליבשאַפט פאַרפלאָכטן . . .

דערווייל האָבן זיך די נאַציס אַמוזירט; אין טשעלמנאָ האָט מען ניט גע־אַרבעט זונטיק. די דייטשן האָבן געוואָלט האָבן אַביסל „פּאַן" דעם טאָג. האָבן זיי אויסגעשטעלט די אידן אין לאַנגע רייען, אַרויפגעשטעלט יעדן אַ פלעשל אויפן קאָפּ און געשאָסן. אויב די קויל האָט געטראָפן אין פלעשל, איז דער מענטש ניט דערשאָסן געוואָרן, נאָר אויב עס האָט געטראָפן נידעריקער, איז געווען זיין סוף. די „גליקלעכע", וועלכע זיינען דערווייל געבליבן לעבן, האָבן געטאָן די אַרבעט פון אָפּראַמען די טויטע קערפּערס.

טשעלמנאָ איז געווען אַ פּרימיטיווער פאַרניכטונגס לאַגער. איידער די עקספּערימענטן אין מאַסן־מאָרד מיט „סייקלאָן בי", די סיאַנייד קריסטאַלס (טויט־לעכע גאַזן) דורגעזייט אין גאַז־קאַמער, האָט אָפּגענאַרט דאָס אויג, אויסגעזען ווי אַ שפּריץ־באָד. אין טשעלמנאָ האָבן נאָך דאַן די נאַציס גענוצט לאַסט־וועגענער פאַר טראַנספּאָרטאַציע; די נאַציס האָבן געגעבן די אידן האַנטוכער, זייף, געזאָגט זיי זיינען אויפן וועג צו נעמען אַ באָד, זען אַ דאָקטאָר און קריגן פרישע זאַכן. די פאַרשלאָסענע וועגענער זיינען פאַרטריבן געוואָרן אין אַ וואַלד. דאָרט האָט מען אַריינגעפּאָמפּעט קאַרבאָן מאָנאָקסייד אין זיי. דאָס איז געווען אַ לאַנגזאַמער טויט, „ווערטפולע צייט" פאַרנוצט און געהרגעט צו ווייניק מענטשן. די מאָרד מאַשינעריע האָט געמוזט אויסגעבעסערט ווערן...

ביז דעם יאָר 1943 זיינען גרויסע קופּעס פאַרגאַזטע קערפּערס געשאַרט געוואָרן מיט לאָפּעטעס אָדער הויב־מאַשינען גלייך אין די גראָבנס אַריין. נאָכן

באַזוך פון הימלערן איז אַדאַפּטירט געוואָרן אַ מער פּינקטלעכע און שפּאָרעוודיקע אַרבעט. „פּאַיר" סיסטעם (שייטערהויפן צו פאַרברענען טויטע קערפּערס). אין טרעבלינקאַ אַליין זיינען געווען 13 גאַז־קאַמערן. יעדע 35 מינוט זיינען דאָרטן 10,000 אידן אומגעקומען. יעדע וואָך איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון די גאַז־קאַמערן פון אַכט ביז צען קילאָס גאָלד (אַרויסגעריסן פון טויטע מיילער) אין וואַליזעס קיין בערלין, וואָס האָט געהאָלפן באַרייכערן דעם דריטן רייך...

דערציילט אַ יונגערמאַן, אַן עדות צו אייכמאַנס פּראָצעס אין ישראל:

„איך בין אויפגעוואַקסן אין טויטן־לאַגער אין טרעבלינקע. צו 14 יאָר בין איך אָפּגעריסן געוואָרן פון מיין מאַמע. די נאַציס האָבן איר פאַרשיקט אין קרעמאַטאָריע מיט טויזנטער אַנדערע אידן. די דייטשן האָבן דאָס גערופן „הימל־שטראַסע." איך האָב געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד. מיין זיידע האָט ניט דערלאָזט, האָט מיך געבענטשט און געזאָגט אַז ס'איז מיין פליכט צו לעבן, העלפן אַנדערע. און אַזוי ווי איך בין נאָך יונג, וועל איך אפשר איבערלעבן דעם היטלער גיהינום, דאַן זאָל איך דערציילן דער וועלט וואָס די נאַציס האָבן אָפּגעטאָן צו אידן. איך האָב געהאַט פאַרשיידענע „באַשעפטיקונגען" אין טרעבלינקע, פון אָפּשערן די האָר פון טויטע פרויען ביז שטאָפּן מאַטראַצן מיט זייערע האָר, ביז אַרויסציען גאָלדענע ציין פון טויטע מיילער. איין טאָג האָב איך געפונען צווישן אַ באַרג טויטע מיין שוועסטערס קערפּער..." ער האָט זיך אַרומגעקוקט מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן, ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן פון זיין אייגענעם קול.

אין סאַלאָניקאַ, גריכנלאַנד, האָבן די דייטשן געגעבן דערלויבעניש דער ניט־אידישער באַפעלקערונג צו נעמען פון אידישע קראָמען וואָס און וויפיל סחורה זיי ווילן. זיי האָבן דאָס געטאָן, געצאָלט מיט אַ ציניש: „איך בין דיר שולדיק" צעטעלע. די באַרויבטע אידן זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָס, וואו אַ טיפוס עפּידעמיע האָט געבושעוועט. (די נאַציס האָבן מורא געהאַט פאַר טיפוס — געאיילט צו דעפּאָרטירן זיי אַלע, אפילו געזונטע).

ווי געוויינלעך, האָבן די נאַציס פאַרשפּרייט ליגן, געגעבן פאַלשע האָפענונג, אַז אידן פאָרן קיין פוילן, וואו זיי וועלן אָנהויבן אַ ניי לעבן. מיט די לעצטע אָפּגעשפּאָרטע געלט האָבן זיי געקויפט ווערטלאָזע זלאָטעס. ווען די נאַציס האָבן אָנגעפּאַקט צו 78 מענטשן אין אַ פראַכט־וואַגאָן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צו האַלטן 40, האָבן די אידן אָנגעהויבן פאַרדעכטיקן זייער צוקונפט. לאַנגע טעג און נעכט האָבן זיך געשלעפּט די פראַכט־וואַגאָנען מיטן „טראַנספּאָרט מאַטעריאַל", ווי די דייטשן האָבן עס גערופן. קינדער זיינען דערשטיקט געוואָרן פון דורשט, שמוץ און קראַנקהייט. די פראַכט־וואַגאָנען זיינען שטענדיק אָנגעקומען מיט אַ גרויסער צאָל טויטע. אידן אין גריכנלאַנד האָבן געציילט 56,000; נאָך דער נאַצישער אויסשלאַכטונג זיינען געבליבן 1950 . . .

די אידן זיינען ניט געווען קיין שאָף, וואָס האָבן זיך געלאָזט פירן צום שלאַכט־הויז, אָבער זיי זיינען געווען צופיל ציוויליזירט צו גלויבן, אַז די דייטשן, אַ הויך־קולטורעל פאָלק, מיט אַ וועלט־נאָמען, זאָל זיין פעאיק אויף אַזעלכע באַרבאַרישע שווידערלעכקייטן. די נאַצי־פאַשיסטן האָבן אויסגענוצט זייער נאַאיוויטעט, געזאָגט ליגן, געגעבן פאַלשע האָפענונגען, פאַרשפּרייט באַרואיקנדיקע ידיעות, גענאַרט און געמאָרדעט; אומעטום און איבעראַל, איבער גאַנץ

אייראָפּע, וואו נאָר דער בלוטיק־נאַצי־שטיוול האָט געטראָטן: די זייף אין אוישוויץ גאַז־קאַמערן, וואו ס'איז צוגעזאָגט געוואָרן אַ שפּריץ־באָד, זיינען געווען שטיינער; אויף די טויט־וואַגאָנען האָבן די נאַציס פאַרטיילט טויזנטער בילדלעכע קאַרטלעך פון אַן אויסגעטראַכטן פּלאַץ „וואַלדזע"; געצוואונגען די קרבנות שרייבן פריילעכע נייעס צוריק צו די געטאָס (פון וואַנען מ'האָט זיי טראַנספּערירט צו די קאַלך־אויוונס).

קיין זאַך האָט ניט אָפּגעשטעלט די נאַצי־מערדער אויב עס האָט נאָר געדינט זייער ציל: אָפּצוהאַלטן די אידן פון גוואַלט־אַקטן און ווידערשטאַנד. און דאָך, צעבראָכן פיזיש, הונגעריקע, געפּייניקטע, האָבן די אידן רעוואָלטירט קעגן דעם צעיושעטן, שווער־באַפּאַנצערטן שונא — נאַציזם. די היסטאָרישע העלדישקייט אין דער וואַרשעווער, ביאַליסטאָקער, אוישוויץ, טרעבלינקע, סאָביבאָר, ריגער און אַנדערע געטאָס — דאַרפן נאָך באַשריבן ווערן.

דער אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ וועט בלייבן אויף דור־דורות אַ מאָנומענט צום קוראַזש פון דער מענטשהייט און אַ וואָרנונג צו מערדער און דעספּאָטן, אַז דאָס אידישע פאָלק איז שטאַרק, און וועט בייקומען אַלע הענקער: נאַציזם, פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם.

עס איז אַ טעות וואָס אייניקע דענקען, אַז דער אָפּנעמער־קרייז פון יזכור־ביכער און חורבן־ליטעראַטור איז אַ באַגרענעצטער, אַ קליינער. די פאַקטן ריידן קעגן דעם. נעמענדיק אין אַכט די פילע ווערטפולע אינפאָרמאַטיווע ביכער און פּנקסים וואָס זיינען דערשינען וועגן היטלעריזם און זיין טאָטאַלן מאָרד איבערן אידישן פאָלק, ווי וויליאַם שיירערס „אויפקום און פאַלן פון 3טן רייך", הילבערגס „פאַרניכטונג פון אידן אין אייראָפּע", אייזענבאַכס „היטלעריסטישע פּאָליטיק פון אויסראָטן אידן", רויטלינגערס בוך „וועגן אידן פאַרניכטונג", הוירשיס „די וואַנט", „מילע 18" און נאָך. אויף די אַלע ביכער האָבן זיך די לייענער וואַרעם אָפּגערופן, דיסקוטירט און אַ סך געלייענט. קריטיקער האָבן געגעבן ווערטפולע אָפּשאַצונגען, אַז מיר זיינען ניט אַליין אין אונדזער וויי, אין אונדזער בראָך. „די וועלט" הויבט איצט אָן פאַרשטיין אויף וויפיל זי איז אָרעמער געוואָרן מיטן אומברענגען זעקס מיליאָן אידן... אַ דריטל פון אידישן פאָלק, און אידן מיט גרויסע נעמען אין דער ליטעראַרישער וועלט: יצחק קאַצענעלסאָן, ישראל שטערן, הלל צייטלין, ק. ליס, ש. גילבערט, י. פּרעגער, זלמן סאָקאָלאָוו; די העברעאישע שריפטשטעלער יקיר וואַרשאַווסקי און ה. א. קאַפּלאַן; די פּובליציסטן: אַהרן איינהאָרן, בן־ציון, כילינאָוויטש, יאַנוש קאָרטשאַק; די היסטאָריקער: שמעון דובנאָוו, שמעון הובערבאַנד, ליפּמאַן צאַמבער, יחיאל לערער, נתן אייבעשיץ, נ. שטערנבערג, יצחק בערנשטיין, מרדכי געבירטיק, און אַנדערע, פיל צוזאָגנדיקע טאַלאַנטן. עס זיינען אַוועק אין די טויט־לאַגערן צוויי דורות (עלטערע און די יינגערע) בויער, שעפער פון דער אידישער ליטעראַטור, פון דער אידישער פּרעסע, וויסנשאַפטלער, לערער, טעאַטראַלן — און די וועלט איז פאַרשעמט און אָרעמער געוואָרן...

דער מאַסן־מאָרד איבער מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן דורך די בלוטיקע נאַצי־הענט נאָר ווייל זיי זיינען אידן האָט פּאַסירט אין אונדזער לעבנס־שפּאַן — אין דעם באַלערנדיקן 20טן יאָרהונדערט. מיר מוזן אַלץ וויסן וועגן דעם. דאָס

„וויסן“ זאָל אונדזער אַמוניציע זיין, מיט וועלכער מיר וועלן קעמפן קעגן בלוטיקן שונא — נאַציזם־פאַשיזם. מיר מוזן זיין וואַכזאַם, לערנען צו דערקאָנען אַלע סימנים פון אָפענעם און באַהאַלטענעם אַנטיסעמיטיזם, ראַסן־האַס, גענאָסייד (פעלקער פאַרניכטונג), אונטער וועלכער מאַסקע ער זאָל זיך ניט באַהאַלטן, כדי צו פאַרזיכערן, אַז קיינמאָל מער, אין ערגעץ, צו קיין פאָלק זאָל דאָס ניט פּאַסירן.

צו איגנאָרירן, פאַרמאַכן די אויגן צו אַנטיסעמיטיזם און ראַסן־האַס איז אַזוי געפערלעך, ווי איגנאָרירן קאַנסער. זאָגן: וואָס זאָל מען טאָן? ס'איז אַ שטראָף אויף דער מענטשהייט, ס'מוז זיך ענדיקן אין טויט. אַנטיסעמיטיזם איז קאַנסער, וואָס גרייפט אָן די שוואַכערע מיטגלידער פון דער מענטשהייט מיט קרימינעלע נאַטורן. וואָס פריער מען פאַרכאַפּט עס, אַלץ גרעסער די שאַנסן פאַר אַ געזונט לעבן מיר זעען שוין וואָס עס האָט פּאַסירט אין דייטשלאַנד, ווען די קאַנסער־צעלן האָבן זיך פאַרמערט, געקראָגן קאָנטראָל אויפן פּאָליטישן, סאָציאַלן און עקאָנאָמישן קערפּער. מענטשן זיינען רעדוצירט געוואָרן צו ווילדע חיות; ניט נאָר אידן שטאַרבן, אַלץ וואָס ס'האָט אַ מענטשלעך ווערט שטאַרבט: גערעכטיקייט, אמת, יושר, רחמנות, טאָלעראַנץ און ציוויליזאַציע אַליין שטאַרבט.

מיר זיינען פאַרפליכטעט צו לערנען פון דער גרעסטער טראַגעדיע, פון שוידערלעכסטן אומגליק וואָס ס'האָט געטראָפן צו אידן, פון אונטער די בלוטיקע הענט פון די נאַציס. מיר זיינען דאָס שולדיק צו אונדזער געוויסן, צום המשך פון אונדזער פאָלק, צו קעמפן קעגן נאַצי־קאַנסער, מאַכן די וועלט נאַצי־ריין, כדי דער מענטש זאָל לעבן אין שלום, זיכערקייט און כבוד; כדי ווערט זיין דעם נאָמען מ ע נ ט ש.

עס וואָלט געווען אוממעגלעך פאַר אונדז אידן, ווי אַ פאָלק, אַנצוהאַלטן דעם גלייכגעוויכט אין לעבן, דעם גלויבן אין מענטשן, ווען ניט פאַר אייניקע שיינענ־דיקעביישפילן אויסנאַמען (צום באַדויערן זיינען דאָס אויסנאַמען) פון מענטש־לעכער גוטסקייט קעגן נאַצי־רשעות, וואָס אַ טייל פון דער קריסטלעכער וועלט האָט אַרויסגעוויזן צו אונדז אידן אין דער שוידערלעכער היטלער־עפּאָכע, אין אַ סך פאַלן איינשטעלן דאָס אייגענע זיכערקייט און לעבנס כדי צו ראַטעווען אַ אידן, אַ אידיש קינד פון די בלוטיקע נאַצי־נעגל. ניט נאָר וועלן מיר, דער איצטיקער דור, געדענקען אונדזערע ניט־אידישע פריינט, מיט ליבשאַפט און אַכטונג וועט זיי געדענקען דער אידישער דור וואָס וועט קומען נאָך אונדז.

אַ נאָבעלן מענטשלעכן ביישפיל האָט געצייגט דענמאַרק: דאָס דענישע פאָלק, געפירט פון קעניג קריסטשען, האָט געראַטעוועט זיינע אידן, צום ווילדן צאָרן פון די נאַציס: „אויב איר וועט אַרויפצווינגען אויף מיינע בירגער צו טראָגן דעם „געלן שטערן“, וועל איך זיין דער ערשטער דאָס אָנצוטאָן“, האָט ער געזאָגט. די דענעמאַרקער אידן האָבן קיינמאָל ניט געטראָגן דעם מגן־דוד אויפן אָרבל און קיינמאָל ניט פאַרטריבן געוואָרן אין די געטאָס.

די נאַציס, ווי געווויינטלעך, האָבן געהעצט, פאַרשפּרייט פלוג־בלעטלעך מיט עקלהאַפטע ליגנס וועגן אידן; מיט אַלע מיטלען געזוכט אָנוואַרפן אַ שרעק אויף דער באַפעלקערונג, אָבער דאָס דענישע פאָלק האָט זיך ניט געלאָזט פאַר־סמען פון די נאַציס. זיי האָבן אַריבערגעפירט די אידן אַריבערן וואַסער קיין שוועדן, באַהאַלטן אַלטע אידן אין זייערע האָספּיטעלער אונטער קריסטלעכע

נעמען, פאַרהיט די הייליקע חפצים פון די סינאַגאָגעס אין לוטעראַן טשוירטש. קיין איינציקער דענער האָט ניט פאַרשעמט זיך אָדער זיין פאָלק מיט פאַרראַטן אַ אידן צו דער געסטאַפּאָ. אַ סך דענער האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס פאַרן מענטשלעכן אַקט.

פון אַרום זיבן טויזנט דענער אידן האָט די געסטאַפּאָ געכאַפּט אַ פּאָר הונ־דערט, פאַרשיקט קיין טהערעזענשטאַט, דער מילדסטער קאָנצענטראַציע לאַגער פון אַלע. ווען דאָס דענישע פאָלק האָט געהערט אַז אידן הונגערן דאָרטן, האָט יעדער איינער — פון קעניג ביזן שוסטער — בייגעשטייערט געלט און שפּייז צו דערהאַלטן די אידן ביים לעבן.

שוועדן איז געווען נייטראַל אין דער מלחמה, אָבער ניט נייטראַל לגבי מענטשלעכקייט. זי האָט געגעבן אַזיל (שוץ־אָרט) צו די וועלכע האָבן זיך דער־לאַנגט צו אירע ברעגן, און אַזוי ברייטהאַרציק מיט געבן בירגערשאַפט צו אידן, דאָס די נאַציס האָבן געגעבן אַ ספּעציעלע פאַראָרדנונג געגן דעם: „אידן וואָס האָבן נייטראַלע בירגערשאַפט, מוזן גלייך פאַרשיקט ווערן צו מזרח אין די גאַז־קאַמערן" — זאָגט אַ נאַצי־באַפעל וואָס איז געפונען געוואָרן נאָך דער מלחמה. און אויך שוועדן האָט אַרויסגעגעבן אַ גוטהאַרציקן מענטשן מיט אַ געוויסן, מיטן נאָמען ראַול וואַלענבערג, אַ ראַט־געבער פון שוועדישן קאָנסול אין בודאַפּעסט. די נאַציס האָבן געשיקט טעגלעך 12,000 אונגאַרישע אידן צום טויט — דאָס איז געווען אין זומער און האַרבסט פון 1944, ווען פאַר אַלעמען איז שוין געווען קלאָר אַז די דייטשן האָבן פאַרלוירן די מלחמה. ראַול וואַלענבערג האָט געדונגען הייזער אין בודאַפּעסט, אַרויפגעצויגן די שוועדישע פאָן, אָנגעפילט זיי מיט אידן, וואָס האָבן זיך איצט גערופן שוועדן. פּראַכט־וואַגאָנען איז שוין ניט געווען צו קריגן, אוישוויץ געשלאָסן, די רויטע אַרמיי אין פאַראויס־מאַרש, זיינען נאָך די נאַציס אַלץ געווען אַנטשלאָסן צו פאַרניכטן די לעצטע אידן. די עס־עס־לייט האָבן באַפוילן אַ „ווינטער טויטמאַרש" פאַר אידן פון אונגאַרן צו עסטרייך. דאָס איז געווען אַזאַ שוידערלעכע, אָפענע מערדעריי, אַז הימלער האָט ענדלעך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אָפּצושטעלן. ראַול וואַלענבערג איז געפאָרן ביים זייט פון די לאַנגע רייען וואַקלענדיקע, פאַלנדיקע אידן, אויסגעטיילט שפּייז, קאָלדרעס און מעדיצין.

די טויערן פון לוקסעמבורג זיינען געווען אָפן צו אַלע געיאָגטע אידן. אין דער קליינער שוצלאַזער לאַנד האָבן זיי געקאָנט טראַכטן פון זיך ווי פון מענטשן און ניט ווי געיאָגטע חיות. דאָס פריינדלעכקייט פון לוקסעמבורגער פאָלק האָט זיי געגעבן מוט און האָפענונג. מיט דער צייט האָבן פילע געקראָגן וויזעס צו נייטראַלער טעריטאָריע. אונטער דער מאָראַלישער פירערשאַפט פון עליזאַבעט, קעניגין־מוטער פון די בעלגיער, מיט דער הילף פון אַרצבישאָף און די בעלגישע אונטערערדישע באַוועגונג, האָט געהאָלפן גרופּן אידן צו אַנטלויפן, אויך אַרונטערפירן פון די רעלסן טויט־וואַגאָנען. די שטראָף פאַר העלפן אידן איז געווען טויט!

מיר סאַלוטירן יעדן איינעם און יעדע איינע, די אַלע נאָמענלאָזע פון אונ־דזערע קריסטלעכע פריינט, בראַווע, שיינע גייסטער, וועלכע האָבן בעסער ריזיקירט מיט זייערע לעבנס איידער העלפן די נאַצי־באַרבאַרן אָדער צוקוקן פון

אַ ווייטן שוץ־ווינקל, אָדער פאַרמאַכן די אויגן צו אידישע ליידן. ניט נאָר האָבן זיי געראַטעוועט אידישע לעבנס, פאַרהיט אין אידישן פאָלק דאָס ליבשאַפט און גלויבן אין מענטשן־מין, זיי האָבן אויך געבראַכט כבוד און האָפענונג צו דער מענטשהייט, אַז דער מענטש וועט בייקומען אַלע שלעכטקייטן צוזאַמען מיט דער סאַדיסטישער נאַצי־קאַנסער־אידעאָלאָגיע... אַוודאי זיינען דאָס געווען איזאָלירטע אַקטן, אויסנאַמען; וואָלטן זיך מיליאָנען מענטשן אין דעם באַטייליקט, וואָלט די וועלט איצט אַנדערש אויסגעזען — רייכער און גליקלעכער געווען.

נאָרוועגיע האָט אויך געוויזן אַ שיינעם ביישפּיל פון מענטשלעכער סאָלי־דאַריטעט קעגן רשעות:

ווען די נאַציס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן ווי די רויב־פויגל וואָס שנעלער פאַר־ענדיקן דאָס טאָטאַלע אומברענגען פון אידן, האָט דאָס נאָרוועגישע פאָלק, צוזאַ־מען מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג, צוגעאײַלט מיט רעטונגס־אַרבעט, אַרויסגעפירט אַ גרויסן טייל אידן איבער ריזיקע שניי־באַדעקטע בערג, אין סוב־זיראָ וועטער קיין שוועדן. זיי האָבן געמוזט דורכגיין אַ געפערלעכע גרענעץ־וואַך (פראָנטיער) אונטער אַ האָגל פון קוילן. הונגעריקע, אויסגעשעפּטע, זיינען אַסך געפאַלן, ניט דערגאַנגען צום לעבן... דאָך האָט זיך דער „אונטערערדישער שוץ" באַוועגונג איינגעגעבן ראַטעווען אַ העלפט פון די אידן.

די האָלענדער זיינען אַרויס אין אַ גענעראַל־סטרייק, אין פּראָטעסט קעגן דער באַהאַנדלונג פון אידן; דער סטרייק איז ווי געוויינטלעך געוואָרן אונטער־דריקט פון דער דייטשער „פייערונג סקוואַד." די נאַציס האָבן געהעכערט דאָס כאַבאַר פאַר פאַרראַטן אידן; די האָלענדער האָבן פאַרגעזעצט צו באַהאַלטן אידן; אַלץ מער און מער אידן זיינען געפונען געוואָרן. די האָלענדער האָבן זיך אַנטזאָגט צו „סימפּאַטיזירן מיט דער דייטשער טאַקטיק" — באַקלאָגט זיך אַ דייטשישער דאָקומענט, וואָס איז פאַרגעבראַכט געוואָרן ביים אייכמאַן פּראָצעס.

אפילו דייטשלאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ „הייליקן" מיטן נאָמען: פּאַסטער גראָבער. ער האָט געגלויבט אין דער לערע פון זיין לאָרד, און עפנטלעך געהאָלפן די אידן אין דייטשלאַנד. פאַר זיין גלויבן האָט ער באַצאָלט מיט פאַרשיקט ווערן אין דער דאַכאַו טורמע. זיינע פריינט אין דייטשלאַנד האָבן אים שטילערהייט מיטגעהאָלפן אין דער נאָבעלער אַרבעט. זייערע נעמען מוזן נאָך אַלץ בלייבן אַ סוד פאַר דער וועלט...

אין 1938, נאָך די נאַצישע אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען אויף אידן אין דייטש־לאַנד, איז פּאַסטער גרובער געפאָרן קיין שווייצאַריע בעטן מער אויסלענדישע וויזעס פאַר געיאָגטע אידן. אין אַלע אָפיציעלע אינסטיטוציעס און אַמבאַסאַדעס האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אויף טויבע אויערן. זיי האָבן ניט געהאַט קיין געפיל, ניט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַרשטענדניש פאַרן פינצטערן מזל וואָס איז באַפאַלן די אידן. אַרויסגעקומען איז ער מיט זיין קאָמיטע פון די „הויכע פענצטער" פול מיט ביטערניש און שאַנדע פאַר אַנטזאָגן פאַר הילף.

„וואָלטן די מיניסטעריומס פאַר אויסלענדישע אנגעלעגנהייטן אַרויסגעוויזן כאָטש אַ קליין ביסל פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אינטערעס צו די געיאָגטע און היימלאָזע מענטשן, אימיגראַנטן, וואָלט מעגלעך געווען ביי יענער צייט אָפּצו־ראַטעווען פון בלוטיקן שונא מיליאָנען אידן." (פּאַסטער גרובערס רעפּאָרט).

(דאָס זיינען אַלץ פאַקטן פון די סאַמע אויטענטישע קוואַלן פון באַרג פּאַפּירן און דאקומענטן ביים אייכמאַן פּראָצעס.)

* * *

טויזנטער מייל ווייט פון די מאָרד־מאַשינען און גאַז קאַמערן, אין דער באַשיצטער, זאַטער אַמעריקע, זיינען אויך געווען אַזעלכע נאָבעלע מענטשן און אידן־פריינט ווי אין אייראָפּייאישן „קעסל־גרוב". אַזאַ איינער איז געווען דזשאָן וויליאַמס, אַ גייסטלעכער. איין טאָג קלאַפּט ער אין מיין טיר: „זע, לייען וואָס מען טוט צו מענטשן, צו אידן; זייף מאַכט מען פון זיי..." און מיט שרעק אין די אויגן גיט ער מיר איבער דעם „לייף" זשורנאַל פון יענע גרויליקע מלחמה־טעג. מיר זיינען פאַרשטומט געוואָרן; ווייטאַג און שאַנדע האָט אונדזער פריינטשאַפט פאַר־שטאַרקט. אין אָוונט זיינען מיר געגאַנגען אין זיין קירך און צוזאַמען מיט זיין קאָנגרעגיישאַן געבעטן גאָט פאַר די ליידנדע און פאַרפאָלגטע.

„וואָס האָט דאָס אַ שייכות מיטן אומקום פון טעלעכאַן? פון אונדזערע נאָ־ענטסטע און טייערסטע משפחות און לאַנדסלייט?" קאָן דער לייענער פרעגן. דאָס האָט אַ גרויסע שייכות; דאָס איז אַ רינגעלע אין דער גאַנצער בלוטיקער קייט. די זעלביקע נאַצי־רוצחים, וועלכע האָבן אומגעבראַכט דאָס אייראָפּעאישע אידנ־טום, האָבן אומגעבראַכט טעלעכאַן. אָבער דאָ איז די וואונד געווען גרעסער (אויב עס קאָן נאָך זיין), ווייל דאָס זיינען געווען „אייגענע" גויים, אָנגערייצט פון דער בלוטיקער נאַצי־חיה צו טאָן זייער פאַרניכטונגס אַרבעט; און פון דאָס נאַטור־שיינע שטעטעלע טעלעכאַן, מיט איר געמיינדע אידן, איז געוואָרן איין גרויסע קופּע הרוגים.

די צייט קאָן ניט היילן, קאָן ניט שטילן דעם גרויסן ווייטאַג, דעם קאָלאָ־סאַלן פאַרלוסט פון אונדזערע משפחות, לאַנדסלייט, קדושים, וועלכע זיינען אַזוי גרויליק אומגעקומען פון אונטער די בלוטיקע נאַצי־הענט. אין זייער הייליקן אָנדענק דעקן מיר אויף אונדזערע וואונדן אין דעם טעלעכאַנער יזכור־בוך, דורך אים ריידן מיר צו אונדזער דור און צו די דורות וואָס וועלן קומען; ווידער און אָבער דערמאָנען מיר דעם אָנזאָג פון אונדזערע מאַרטירער־קדושים: געדענקט די פאַרברעכערישע מעשים פון די נאַצים קעגן דעם אידישן פאָלק! געדענקט און שטייט אויף דער וואַך, אַז אַזעלכע גרוילקייטן זאָל מער ניט פּאַסירן אויפן פּנים פון דער ערד! שטיין אויף דער וואַך קעגן אַנטיסעמיטיזם, נאַציזם, ראַסן־האַס — דאָס איז אונדזער חוב צום פאַרשניטענעם אידישן פאָלק, צו זיך אַליין; דאָס איז דער געבאָט פון דער שעה און דער צוועק פון אונדזער יזכור־בוך.

ווי ווייטאַגדיק, ווי פּיינלעך עס זאָל ניט זיין די אַגאָניע, מאַרטיראָלאָגיע פון אומשולדיקע מענטשן־אידן מוזן מיר דאָס טאָן. דער געוויסן פאָדערט דאָס פון אונדז, אַז מיר זאָלן אַלץ וויסן, קוקן אין די אויגן דעם שוידערלעכן אמת, אַריינדרינגען טיף אין די וואונדן פון אונדזער אידישן פאָלק, פון אונדזער פאַר־שניטן שטעטעלע טעלעכאַן, מיט אירע אָרענטלעכע מענטשן, מיט איר דורות־לאַנגן לעבנס־שטייגער. דאָס געוויסן פאָדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן געדענקען און ניט מורא האָבן דערמאָנען אונדזער פאַרגאַנגענהייט. אַ פאָלק וואָס האָט ניט קיין פאַרגאַנגענהייט, האָט אויך ניט קיין קעגנוואַרט, און במילא ניט קיין צוקונפט.

אהרן קליטעניק

# טעלעכאַן און דער מינכען אָפּמאַך

שטיל און טרויעריק האָט אויסגעזען טעלעכאַן אין 1938. ניט געלעבט האָט דאָס שטעטל, נאָר וועגעטירט. אַ גרויסער טייל פון דער טעלעכאַנער יוגנט האָט עמיגרירט קיין פּאַלעסטינע, פּאַראייניקטע שטאַטן, בראַזיליע און אַנדערע לענדער. אַ גרויסער טייל זיינען געזעסן אין די תפיסות אָדער פאַרטריבן געוואָרן אין אַנדערע שטעט דורך דער פּויליש־פּאַשיסטישער מאַכט. געבליבן זיינען אַלטוואַרג, קינדער, ניט דעצידירנדיקע יוגנט...

טויט און אָרעם האָט אויסגעזען דאָס קולטור־לעבן, ניט געווען מיט וועמען אַ שמועס אָנבינדן. יעדער האָט געציטערט פאַרן אייגענעם שאָטן. אויף דער מערב־גרענעץ פון פּוילן האָט זיך שטאַרק איינגעוואָרצלט דער היטלעריזם. פּוילן מיט איר מאָטשיצקי, רידז־שמיגלי, בעק און קאָט געזינדל, האָט אַלץ אים נאָכגעטאַנצט און נאָכגעמאַלפּעוועט. — — —

דעם אָפּמאַך אין מינכען צווישן דאַמאָלסדיקע גרויסמאַכטן האָט טעלעכאַן ריכטיק אויפגענומען און פאַרשטאַנען: עס גרייט זיך אַ צווייטע וועלט־מלחמה!

האָבן אַלטע אידן נאָך מער זיך איינגעהילט אין טלית און תפילין און געבעטן דעם דערבאַרעמדיקן גאָט ער זאָל אָפּרופן די שרעקלעכע גזירה... איז מען געגאַנגען אויסהערן די דרשות פון הרב גליקס, דעם פאָרשטייער פון דער אַגודה, און מ׳איז גרייט געווען צו גלויבן אַז שולדיק אין אַלעמען זיינען די פּאַרעקשנטע קאָמוניסטן, וועלכע ווילן זיך נישט אונטערגעבן און שפּינען זייער נעץ פון אונטערערדישער אַרבעט...

די עקאָנאָמישע לאַגע פון טעלעכאַן אין יענער צייט איז געווען אַ שרעקלעכע. שטאַרק האָט זיך געפילט דער קריזיס, וועלכן פּוילן האָט דאַן אַדורכגעלעבט. געאַרבעט „מיט די זייטן" האָבן די אידישע קרעמער; ידישע בעלי־מלאכות זיינען געוואָרן גלייכצייטיק ערד־אַרבעטער; געאַרבעט האָבן זיי אין „שווייס פון שטערן" כדי צו פאַרזיכערן זיך קאַרטאָפל, קרויט און אַנדערע גרינסן. קיין גרויסע רייכטימער האָט טעלעכאַן קיינמאָל נישט פאַרמאָגט, אָבער אַלע יאָרן האָט דאָס שטעטל געלעבט מיט האָפענונג און טרוים...

* * *

---

מיר האָפן, אַז אונדזער יזכור־בוך וועט באַווירקן כאָטש אַ צאָל מענטשן צו שטיין אויף דער וואַך און קעמפן קעגן נאַציזם, ראַסן־האַס, רעאַקציע און אַנטיסעמיטיזם; ניט דערלאָזן עס זאָלן זיך ווידערהאָלן די גרוילטאַטן פון נאַציזם, פאַר אַ וועלט פון פרייהייט, פרידן און פעלקער־פריינטשאַפט. דאַן וועט אונדזער יזכור־בוך ווערט זיין אונדזער אַלעמענס אָנשטרענגונג און מי.

אסתר מילער

## אידן אין מיליטער

הערבסט־צייט פלעגט מען יונגעלייט רופן אין מיליטער. געדינט האָט מען צוויי יאָר. פלעגן מאַמעס, שוועסטער און ווייבער באַגלייטן זייערע זין, ברידער און מענער מיט יאָמער און געוויין און מיט אומגעדולד ציילן יעדן טאָג און וואָך, געטאָפּלט אין חדשים... ענדלעך צוויי יאָר אַריבער און די קינדער קומען אַהיים און דערציילן וויפיל שפּאָט און דערנידערונג זיי זיינען אויסגעשטאַנען אין מיליטער אַלס אידן... נאָר די פרייד, וואָס געקומען געזונטע זיינען זיי אַהיים פלעגט גיך לאָזן פאַרגעסן אין די אַלע אומאַנגענעמלעכקייטן... — אַ זאָרג, אַז מיין זון איז נישט קיין גוטער „יוון"; זאָל ער נאָר זיין געזונט, וועט שוין גאָט זיך דערבאַרימען! . . .

דער „נאַבאָר" אין הערבסט 1938 יאָר איז געווען אַ גרעסערער ווי יעדעס יאָר. מען האָט נישט געמאַכט קיינע אויסנאַמען. איין־און־איינציקע זינדלעך, שפּייזער פון פאַמיליעס — אַלע אָן אונטערשייד געמוזט זיך שטעלן אין מיליטער־דינסט. די וואָס האָבן שוין געדאַרפט קומען אַהיים פון מיליטער, זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן לענגער... האָבן שוין אידן געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ נייער אומגליק — אַ צווייטע וועלט־מלחמה.

אין מיליטער זיינען אַוועק אַ צאָל פון דער טעלעכאַנער יוגנט: אהרן לאַנדמאַנס זון — מיכל לאַנדמאַן, חיים יוזשיקס אייניקל (חיים דעם בעדערס) אַלטער יוזשיק; מיכל לייפערס זון, יאָשע לייפער; אָשר גורשטעלס זון, ניאָמע גורשטעל; אַלטער קריסטאלס זון, גרושקעס זון און נאָך און נאָך...

פאַרהאַלטן אויף לענגערע דינסט האָט מען אהרן גאָדינערס בן־יחיד — אַלטער גאָדינער; יודל, גרושקין, פּיניע פעלדמאַן און אַ סך אַנדערע...

פּאַרטיפּט האָט זיך דאָס אומגליק אין פרילינג, ווען אין מיליטער האָט מען גערופן עלטערע אידן וו אויך קריסטן. די פּרעסע האָט שוין ברייט געשריבן וועגן דעם, אַז היטלער פאָדערט צו אַנולירן דעם „פּוילישן קאָרידאָר" און ציט אויס זיינע לאַפּעס אויף די דערבייאיקע שטחים פון פּוילן.

די פּוילישע פירער האָבן געקלאַפּט אָן די „אַפּצאַסן" און געוואָרנט, אַז זיי וועלן קיין איין קנעפּל נישט אָפּגעבן...

די לאַגע דאַן, כאָטש אָן אָנגעשטרענגטע און געפערלעכע, וואָלט געקענט געראַטעוועט ווערן, ווען די פּוילישע, פּריציש־קאַפּיטאַליסטישע רעגירער וואָלטן מער רעאַל געדענקט. ליידער, פאַרבלענדט פון ראַסן־ און קלאַסן־שנאה, האָבן זיי נישט אָנגענומען די הילף פון ראַטן־פאַרבאַנד. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך דערנענטערט מיט שנעלע טריט . . .

## פּויליש-דייטשישע מלחמה

פרייטיק, דעם ערשטן סעפּטעמבער, 1939, האָבן האַרמאַטן שאָסן און לופט באָמבעס אויפגעטרייסלט גאַנץ פּוילן. די היטלער־בעסטיע האָט זיך באַוויזן אין איר גאַנצער שוידערלעכקייט. דאָס פּוילישע פאָלק האָט אויף זיין אייגענעם קערפּער דערפילט דעם טעם פון טאָטאַלן קריג. אַמגרויזאַמסטן האָבן די היטלער לופט־פליער באַשאָסן די ציווילע באַפעלקערונג: קינדער, פרויען און מענער.

מענטשן האָבן געלאָזן האָב און גוטס און געלאָפן פאַר זיך און אין די צענדליקער און הונדערטער אומגעקומען אויף די וועגן. די לעבן־געבליבענע זיינען ווי וואַנ־זיניקע געלאָפן, טראַגנדיק נאָך זיך שרעק און פאַרצווייפלונג...

שוין אין אויגוסט 1939 יאָר, האָט זיך אין טעלעכאַן געשאַפן אַ פאָלקס־פראָנט. אין אַנבליק פון דער אָנקומענדיקער געפאַר האָבן זיך אַלע ריכטונגען געאייניקט, כדי צוזאַמען טראָגן הילף די קרבנות פון דער מלחמה. אַלס פאָרזיצער איז אויסגעוויילט געוואָרן הרב גליקס. זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער — ציוניסטן און קאָמוניסטן.

שוין אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער איז טעלעכאַן פאַרפלייצט געוואָרן פון פּליטים פון צענטראַל פּוילן, וועלכע האָבן דערציילט שוידערלעכע געשיכטעס וועגן די היטלער־מערדער. טעלעכאַנער אידן האָבן די פּליטים אויפגענומען און לויט זייערע מעגלעכקייטן געגעבן זיי הילף. די לאַגע איז געווען אַ פאַרצווייפלטע. שוין דעם 6טן סעפּטעמבער איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן די צענטראַלע פּוילישע מאַכט. מלוכה־אָנגעשטעלטע, מיליטער־לייט זיינען געלאָפן אויף מזרח, צו דער סאָוועטן־גרענעץ.

די העכערע מלוכישע און מיליטערישע אָנפירערשאַפט איז אַנטלאָפן קיין רומעניע און געלאָזן אַלץ אויף הפקר. דאָס מיליטער האָט העלדיש און ווירדיק פאַרטיידיקט דאָס פאָטערלאַנד. ליידער איז עס געווען שוואַך באַוואָפנט און פאַר־לאָזט דורך דער הויפּט־מאַכט, וועלכע זיינען ווי שטשורעס געלאָפן פון דער ברענענדיקער שיף. דאָס היטלער מיליטער איז פאַרהאַלטן געוואָרן ביי די מויערן פון וואַרשע. זיי האָבן די הויפּט־שטאָט אַרומגערינגלט און מאַרשירט ווייטער אויף מזרח.

אַ טייל פון דער טעלעכאַנער יוגנט האָט זיך גענומען צום וואַנדער־שטעקן. איין וועג איז געבליבן: מאַרשירן צו די גרענעצן פון ראַטן־פאַרבאַנד און דאָרט זוכן אַ רעטונג...

## פריידיקע טעג

דעם 17טן סעפּטעמבער, אין די פרימאָרגן שעהען, האָט די ראַדיאָ צעטראָגן אַ פריידיקע מעלדונג: „דאָס סאָוועטישע מיליטער טרעט אַריבער די גרענעץ פון געוועזענעם פּוילן, בכדי צו באַפרייען אירע שוועסטער און ברידער פון מערב ווייסרוסלאַנד און מערב אוקראַינע.“ באַדייט האָט דאָס, אַז היטלער מיליטער וועט קיין טעלעכאַן נישט אַריין...

בליץ־שנעל האָט זיך די ראַדיאָ מעלדונג צעטראָגן איבערן גאַנצן שטעטל. אַלע גאַסן זיינען פאַרפולט געוואָרן מיט מענטשן; קיינמאָל נאָך, אפילו אין די יאַריד־טעג האָט טעלעכאַן אַזויפיל מענטשן נישט געזען.

אַלע זיינען געלאָפן מיט צעשטראַלטע פּנימער און באַגריסט זיך מיטן גרויסן גליק. אידן און ווייסרוסן האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט. הרב גליקס האָט אַרומגעכאַפּט אידן און קריסטן, מענער און פרויען, געהאַלדזט, געקושט און געוואונטשן אַ מזל־טוב. דאָס זעלבע האָט געטאָן דער רוסישער פּאָפּ, און די גאַנצע באַפעלקערונג האָט נאָכגעטאָן זייער ביישפּיל...

שוין דעם 17טן סעפּטעמבער אין די פרימאָרגן שעה'ען, ווען דאָס גאַנצע

שטעטל איז באַהערשט געוואָרן מיט אַ פרייד־כוואַליע, האָבן זיך צענויפגעקליבן אויף אַן ענגערער באַראַטונג די חברים: ישראל דוד קאַגאַן, אפרים און לייבל קליטעניק, ישראל בערנשטיין, מאָטיע ראַשטשינער, זינאָווי באַלאַדאָוויטש, און באַהאַנדלט די פראַגע פון שאַפן אַן אָרטיקע מאַכט, וועלכע זאָל פאַרזיכערן רו און אָרדענונג דער גאַנצער באַפעלקערונג. ס'איז באַשטימט געוואָרן זיך צו ווענדן צו אַלע חברים, סימפּאַטיקער און פאָרגעשריטענע עלעמענטן, אידן און קריסטן, וועגן אַריינטרעטן אין דער פאָלקס־מיליץ, ווי אויך איבערגעבן אין רשות פון דער נייער מאַכט געווער, אויב אַזעלכעס באַזיצן זיי. ס'האָבן זיך גלייך געווענדט אַ סך אַרבעטער און פויערים, גרייט אַריינצוטרעטן אין די רייען פון דער פאָלקס־מיליץ...

אין די דעצידירנדיקע שעה'ען האָט זיך צום שרייבער פון די שורות גע־ווענדט הרב גליק און פאָרגעלייגט זיין מיטאַרבעט. גלייכצייטיק האָט ער איבער־געגעבן אַ פּיסטאָלעט, וועלכן ער זאָל האָבן באַקומען פון די געוועזענע פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען. אין ערשטן מעת־לעת האָט ער אָנגעהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיטן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט. אין ווייטערדיקן גאַנג פון די געשעענישן האָט ער, צוליב זיין פאַרנומענעם פּאָסטן אַלס רב, געמוזט פון דער מיטאַרבעט רעזיגנירן.

אַ סך העלדישקייט, מוט און אָפּעראַטיוויקייט האָט אַרויסגעוויזן דער לאַנג־יאָריקער סימפּאַטיקער, שלמה לאַנדמאַן, וועלכער האָט זיך גלייך פון אָנהויב גע־שטעלט אין דינסט פון דער נייגעשאַפענער מאַכט און אַ לענגערע צייט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט...

דאָס סאָוועטישע מיליטער איז אַריין אין טעלעכאַן דעם 21טן סעפּטעמבער. פאַר די 4 טעג איז שוין געווען געשאַפן אַ גוט באַוואָפנטע מיליץ ווי אויך אָרטיקע מאַכט אָרגאַנען, וועלכע האָבן מיט אַ סך מסירת נפש נישט דערלאָזט צו שטערן די רו און צו קיין שום בלוט־פאַרגיסונג...

אין עטלעכע וואָכן אַרום זיינען פאָרגעקומען וואַלן, וועלכע האָבן אויסגע־ווילט פאַרשטייער פון דער אָרטיקער מאַכט. צווישן די אויסגעווילטע זיינען געווען די, וועלכע האָבן יאָרן־לאַנג געקעמפט פאַר אַ נייער אָרדענונג.

פרידלעך און רואיק איז דאָס לעבן געפלאָסן אין משך פון 21 חדשים. טעלעכאַן האָט זיך לאַנגזאַם און זיכער איינגערינגלט אין נייעם לעבן און גע־גלויבט, אַז היטלער־דייטשלאַנד וועט נישט וואַגן צו באַפאַלן דעם ראַטן־פאַרבאַנד.

## דער גרויסער אומגליק

שרעקלעך איז געווען די ידיעה פון סאָוועטישן ראַדיאָ, וועלכע האָט געגעבן צו וויסן, אַז דעם 22טן יוני, 1941, איז היטלער־דייטשלאַנד פאַררעטעריש באַ־פאַלן דעם ראַטן־פאַרבאַנד. געוואוסט האָבן מיר, אַז די מלחמה וועט טייער קאָסטן דער מענטשהייט. דער לעצטער באַלאַנס איז אויסגעפאַלן שרעקלעכער ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. זעקס מיליאָן אידן, דריי מיליאָן פאָליאַקן, צען מיליאָן סאָוועטישע בירגער, ווי אויך מיליאָנען בירגער פון גאַנץ אייראָפּע דערמאָרדעטע — דאָס זיינען די רעזולטאַטן פון דער היטלער־מלחמה...

די אידישע טעלעכאַנער באַפעלקערונג איז אין עטלעכע וואָכן נאָכן אַריינ־

דינה גאָדינער

# מיין ברודער לעבט!

באַגינען. עס שלאָפט נאָך דאָס שטעטל מיט אַ שווערן, אומרואיקן שלאָף. איך מאַך צו די אויגן און עפן זיי ווידער אויף מיט ווייטאָג אין האַרצן. אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. עס קלינגען נאָך מיר אין די אויערן די מוראדיקע ווארנונגען *"Uwaga, uwaga, nadchodri!"*

„אַכטונג, אַכטונג, עס קומט אָן! "...

דאָס באַדייט, אַז דער שונא אין לופט קומט אָן אין אַ שווערן „באַבאַוועץ" און וועט באַלד באַמבאַדירן דעם אַרום... איך טראַכט וועגן מיין איין־און־איינציקן ברודער, וועלכן מ'האָט אַזאַ יונגיטשקן אַוועקגענומען פון אונדז און געוואָרפן ערגעץ וואו אין די אָקאָפּעס, צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד.

איך לעב בלויז מיט איין באַגער אין מיין האַרצן: צו זען אים אַ לעבעדיקן, צו הערן זיין שטים. איך טראַכט אויך מיט אומרו וועגן אַלתרקע, חיים דעם בעדערס אייניקל, און וועגן אַהרן לאַנדמאַנס זון, מיכל, און וועגן נאָך און נאָך טייערע, אידישע קינדער פון טעלעכאַן, וועמען מ'האָט אָפּגעריסן פון זייערע היימען און אין העלישן פייער געוואָרפן...

נאָר דאָס לעבן גייט אָן ווייטער. עס קומט די האָפענונג מיט פליגלען ברייטע און ברענגט מיט זיך ווידער לעבן מיט פרייד.. אָט שטיי איך ביים פענצטער מ ט אויגן פאַרוויינטע, מיט בליקן וואָס בלאָנדזשען ערגעץ ווייט און כ'זע אין פאַנטאַזיע מיין ברודער.... אָט גייט ער אַזאַ אָפּגעצערטער; ער רייסט זיך אַרויס פונעם פייער און קומט... מיטאַמאָל גיט אַ קלונג מיר אין אויער אַ „מזל־טוב" און עמיצנס אַ צאַרטע האַנט נעמט מיך אַרום... אַשר גייט! אַשר גאָדינער לעבט! ער געפינט זיך איצט אויף שוועגטאַוואַליער גאַס...

נאָך קיינמאָל האָבן פאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט ניט פאַראייניקט זיך אַזוי צוזאַמען, מיינע אויגן זיינען פאַרנעפּלט, דאָך זע איך ווי מיין טאַטינקע וויל גיין

---

טרעטן פון דער היטלער־מאַכט צענויפגעטריבן געוואָרן אויף איין אָרט און מער־דערלעך צעשאָסן געוואָרן דורך מאַשין־געווער. די אַלע קדושים האָבן זייער רו געפונען אין ברידער־קברים עטלעכע קילאָמעטער פון טעלעכאַן...

פון צווישן די וואָס זיינען פון טעלעכאַן אַנטלאָפן, זיינען אַ סך אומגעקומען אין באַדינגונגען ביז איצט נישט באַוואוסטע.

ערשט אין יאָר 1957 האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו זיין אין טעלעכאַן און באַזוכן די דאָזיקע ברידער־קברים, אָנגעוויזן דורך קריסטלעכע חברים, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די היטלער אָקופּאַציע אין די רייען פון פאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען.

טעלעכאַן איז לויט היטלערס ווילן געוואָרן אידן־ריין און ס'איז ליידער ביז איצט נישטאָ ווער עס זאָל אַ מצבה שטעלן...

אים אַנטקעגן און קען זיך ניט רירן פון אָרט. ער גלויבט ניט זיין אייגן גליק, צו באַגריסן אונדז מיטן טייערן גאַסט. הייסט עס, ס׳איז אמת, מיין ברודערקע לעבט! אָט גייט ער, ער איז איינגעהילט אין שמאַטעס, שוואַרץ און אויסגעשעפּט, נאָר מיט אויגן אומרואיקע און גלאַנציקע, ווי דער גרויל פון מלחמה־פייערן וואָלטן זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיי.

ס׳גאַנצע שטעטל ווייסט שוין וועגן דער נייעס און קינד און קייט גייט מיט אים, באַגלייט אים ביז אונדזער הויז. ווי אַ פייל פון בויגן פליט די נייעס איבערן גאַנצן שטעטל. עס קומען מאַמעס און טאַטעס, וועלכע געהערן נאָך ניט צו די גליקלעכע ווי מיר און וועלכע וועלן שוין קיינמאָל, ליידער, ניט געהערן צו זיי... אומגעקומען איז דער שלאַנקער אַלתרקע, חיים דעם שרייבערס אייניקל; ניטאָ שוין דער שיינער, גוטער מיכל לאַנדמאַן... און נאָך און נאָך טייערע, נאָענטע נעמען...פרייען מיר זיך מיט מיין ברודער און אומערן גלייכצייטיק...

עס דערציילט מיין ברודער, ווי אַזוי ס׳איז אים געלונגען צו אַנטלויפן פון טויט. ער האָט געהאַט גליק. אַ גוטע פּוילישע פאַמיליע האָט אים אויפגענומען, פאַרביטן אים דעם זעלנער־מונדיר אויף אָט־די שמאַטעס, אַ דאַנק וועלכע ס׳איז אים געלונגען זיך צו ראַטעווען. אויסגעזען האָט ער זייער יונג און אָט־די שמאַטעס האָבן אים אָנשטאָט אַ זעלנער פאַרוואַנדלט אין אַ יונגן יאַט, וועלכער ווי אַ פאַרלאָזענער פון עלטערן, לאָזט זיך איבער דער וועלט בעטלען... ער איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף. לאַנג און שווער איז געווען זיין וועג; דורך פייער און שווערד מיט באָמבעס באַגלייט...

ווייל איך זיך פרייען, איך האָב שוין צוריק מיין ברודער, נאָר עפּעס אַ שווערקייט , עס דריקט ווידער מיין האַרץ, און דער הימל איז עפּעס אַזוי שווער ווי בליי... צי איז עס געווען אַ פאָרגעפיל, אַז מיין פרייד איז בלויז אַ צייטווייליקע, אַז עפּעס שרעקלעכעס גרייט זיך אין דער לופטן? אַז ס׳הענגט אַ דאַמאָקלעס שווערד איבער די קעפּ פון מיינע נאָענטע און איבער גאָר מיין שטעטעלע, מיין וויגעלע, טעלעכאַן ?...

## דאָס גליק איז געקומען אומגעריכט

די נאַכט איז געווען דאַן זייער אַ פינצטערע. איך האָב מורא געהאַט צו גיין אויפן ברעג. אין יעדן ווינקל האָבן שאָטנס געשראָקן. — זיי הערלדיש! זיי הערל־דיש! — האָב איך געמורמלט צו זיך אַליין, און... געפיבערט פון שרעק.

אפרים מיט לייבלען, ישראליקל בערנשטיין, ישראל דוד, עטלעכע ווייס־רוסישע חברים האָבן אַ זיצונג אויפן ברעג, וואָס פאַר אַ שטעלונג אָנצונעמען? ווי זיי זאָלן האַנדלען איז אַזאַ פאַרצווייפלטער לאַגע? אַנטלויפן? דעזערטירן? ניין ! זיי זיינען געווען קעמפער און וועלן אַזעלכע פאַרבלייבן. דאַן באַשליסן זיי צו נעמען אנטייל אין קאַמף. זיי וועלן זיך אָנשליסן אין דער פּוילישער אַרמיי און צוזאַמען זיך שלאָגן מיט דייטשלאַנד, דעם גרעסטן שונא פון דער וועלט.

מיר באַוועגן זיך ווי גייסטער אינעם חושך פון דער נאַכט. דאָס שטעטל אָטעמט שווער און האָפנסנגסלאָז. ווער וועט ברענגען ליכט אין אַזאַ פינצטער־ניש אַ טיפער? פונוואַנען וועט קומען די רעטונג?

קומט די האָפענונג אומגעריכט: אַ ליכטיקע זון זאָגט צו אַ „גן־עדן" אויף דער וועלט... מזל־טוב, מזל־טוב! עס קושן זיך יונג און אַלט, עס שפּאַנט די פרייד געאַרעמט מיט אידן און קריסטן און עס הילכן לידער מונטערע, זיכערע, דער־הויבענע. די מלחמה איז געענדיקט. די רויטע אַרמיי איז געקומען באַפרייען ווייס־רוסלאַנד און געבראַכט מיט זיך לידער און פרייד.

## אפרים פּאָרט זוכן די רויטע אַרמיי

— וואו זיינען זיי, אונדזערע באַפרייער? ס'האָט נאָך זיי קיינער פון אונדז ניט געזען. עפּעס אַ צווייפל באַהערשט די געמיטער. עס פאָרן אַדורך טעלעכאָן אַזוי פיל פּוילישע אָפיצערן; זיי לויפן, זיי איילן זיך ווי חיות געיאָגטע און לאָזן איבער נאָך זיך אַזוי פיל קרבנות. זיי פאַלן אומבאַאַמערקט אַריין אויף אַ פּאסטרונעק און ברענגען אום די מיטגלידער פון דער ציטווייליקער מאַכט. אַ כאַאָס הערשט אויף פּאָליעסיע. באַאומרואיקט און פאַר'יתומ'ט איז דאָס שטעטעלע טעלעכאָן.

און אָט שאַפט זיך אַ קאָמיטעט; ס'ווערן אויסגעוויילט: אפרים, לייבל, מאָטקע ראָשטשינער, ישראל דוד, ישראליקל בערנשטיין, לייבע אייזנבערג, איי־ניקע ווייס־רוסישע חברים, און נאָכדעם קומט אויך צו פרייוויליק שלמה לאַנדמאַן, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן גרייטקייט צו גיין אין אַלע געפאַרן וואָס ס'האָבן דאַן געלויערט און געדראָעט...

אפרים מיט לייבלען, שלמה לאַנדמאַן — זיי זיינען תמיד אויף דער וואַך. אומזיסט טרוים איך צו זען כאָטש אַמאָל אפרימען אינדערהיים. איך ווער אייפער־זיכטיק צו דער נייער מאַכט... איך בענק נאָך אפרימען, וויל מיט אים שמועסן, דערציילן אַזוי פיל. נאָר ער איז פאַרנומען מיט עפּעס העכערס, וויכטיקערס ווי פריוואַטער לעבן. איך וויין און לאַך און אַ מאָדנע שטאָלצקייט באַהערשט מיך גלייכצייטיק: צוויי ברידער. ביידע זיינען זיי גרייט אָוועקצוגעבן זייער לעבן פאַר דעם הייליקן שלום, פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט.

איינשטימיק און גליקלעך מיט מיין גורל, איך ציטער דאָך אייביק וועגן זיי, מיינע נאָענטע. יעדע מינוט, עס דראָעט זייער לעבן אַ געפאַר.. די באַפעלקערונג איז צעטומלט. זייער פיל פאַרלירן דעם גלויבן אין דעם אַז די רויטע אַרמיי איזווירקלעך געקומען, און די לאַגע ווערט זייער אַן ערנסטע. ס'פאַראייניקן זיך די שוואַרצע כוחות צוזאַמען. זיי קענען יעדע מינוט באַפאַלן דעם פּאָסטערונעק. זיי גרייטן זיך צו ראַבעווען און מאָרדן... און די הילף איז נאָך דערווייל אַזוי ווייט. ס'גייען אַרום קלאַנגען אַז די רויטע אַרמיי געפינט זיך שוין אין האַנצעוויטש, נאָר מענטשן זיינען אומגעדולדיק, גלויבן ניט אין דעם, און ס'וואַקסט די געפאַר פון טאָג צו טאָג.

דאַן ווערט באַשלאָסן אַז עמיץ מוז ריזיקירן מיטן לעבן און צופאָרן קיין האַנצעוויטש פאַרבינדן זיך מיט די רויט־אַרמייער און וואָס שנעלער ברענגען עמיצן פון זיי קיין טעלעכאָן. ס'ווערן אויסגעוויילט אפרים מיט נאָך צוויי ווייס־רוסישע, העלדישע חברים. ווער האָט דאַן געקענט פאַרשטיין און פילן וואָס עס טוט זיך אין מיין האַרצן... עס וועבן זיך לעגענדעס, איינע שרעקלעכער פון דער צווייטער. דער טויט לויערט איבער די וועגן... און דאָ, מיינע שכנים, מיין

טאַטע — זיי וואָרענען, בעטן זיך ביי מיר: האַלט אים אָפּ, לאָז אים ניט פאָרן! ס'איז אין צווייפל צי דו וועסט נאָך אים זען אַ לעבעדיקן... נאָר אָט וואַרט שוין אויף זיי אַן אויטאָ, אָרום פול מיט מענטשן, ווי אויף אַ לעבעדיקער לוויה... און איך? איך וויל ניט בלייבן אַליין. ניין! אָפּהאַלטן אים קען איך ניט, כ'טאָר ניט! נאָר פאָרן מיט אים, טיילן מיט אים די געפאַר — ווער קען עס מיר פאַרווערן?

ליידער, ביי מיין גרעסטער אָנשטרענגונג, ביים ראַנגלען זיך מיט זיי אַלעמען, בעטנדיק דורך טרערן מיך מיטצונעמען — בין איך דאָך געבליבן אין פאַר־צווייפלונג אַליין... צו גרויס איז געווען דאַן די געפאַר מיטצונעמען אַ פרוי. איך בין נאָכגעלאָפן נאָכן אויטאָ, גרייט געווען אומקומען, אַבי נאָר צוזאַמען מיט זיי. נאָר לייבל האָט מיך צוגענומען צו זיך אויפן פאסטערונעק, מורא האָבנדיק מיך איבערצולאָזן אַליין.

* * *

די לאַגע איז דאַן געווען אַזוי אָנגעשטרענגט, ווי נאָך קיינמאָל ניט. מיט־אַמאָל דערהערן מיר דורך דער ראַדיאָ אַז די פוילישע אַרמיי קומט צוריק. מיר זיינען צעטומלט, מיר ווייסן אַליין ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט מיר געפינען זיך. און דאָ, פּלוצלינג, ריידנדיק מיט לייבלען — עס גיט אַ הילך אַ שאָס אַזוי נאָענט, אַזוי מוראדיק נאָענט, און... לייבל פאַלט אום... דאַן האָט זיך מיטאַמאָל דער הימל אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד. מיר זיינען געווען זיכער אַז דער שאָס איז געקומען דורכן אָפענעם פענצטער. לייבל הויבט זיך אויף. ער איז פאַר־וואונדעט, נאָר עס דראָעט אים ניט קיין געפאַר. און אויסגעשאָסן האָט זיין אייגע־נער רעוואָלווער, וועלכן ער האָט געהאַלטן ביי זיך. די קויל איז פאַרביי מיר אַדורכגעפלויגן מיט גרויס חסד, שוינענדיק מיך, נאָר איך בין עפּעס ווי פאַר־טויבט געוואָרן, אָט ווי כ'וואָלט אינגאַנצן פאַרלוירן דעם באַוואוסטזיין. צופיל איבערלעבונגען אויף מיינע שוואַכע פּלייצעס מיט איין מאָל. אפרים איז ערגעץ וואו אין געפאַר, לייבל איז פאַרוואונדעט, און די לאַגע אין אַלגעמיין איז אַזוי ניט קלאָר...

לייבלען נעמט מען צום דאָקטאָר; גיטל און איך זיינען צוזאַמען מיט אים. די נאָכט איז האַרבסטדיק און אויפן האַרצן איז האַרבסטדיק... וואָס וועט ברענגען דער סודותדיקער מאָרגן...

## פאַרן זון־אויפגאַנג ווערט תמיד פינצטער...

ניט קיין קליינע העלדישקייט איז געווען דאַן די רייזע זייערע קיין האַנ־צעוויטש, וואוהין זיי זיינען בכלל ניט דערפאָרן. אויפן וועג האָבן זיי באַגעגנט פיל פוילישע פריצים און פויליש מיליטער. ניט וויניק קרבנות זיינען אין יענע טעג געפאַלן אויף די וועגן. דאָך איז זיי געלונגען זיך צו דערוויסן, אַז די רויטע אַרמיי איז ניטאָ אין האַנצעוויטש בכלל און קיינער ווייסט ניט דעם אמת וועגן זייער קומען... זיי גייען, זאָגט מען, איבערן ברייטן שליאַך און ניט איבער די וועלדער. און גאַנץ מעגלעך אַז זיי וועלן זיך צוריקקערן פונוואַנען זיי זיינען געקומען... אַזעלכע ווערסיעס, אָן אַ טראָפּן טרייסט אין די מידע געמיטער, האָבן זיי מיט געבראַכט מיט זיך פון זייער שווערער רייזע, קומענדיק באַגינען

צוריק קיין טעלעכאַן. די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיי אָפּגעוואַרט מיט אומ־געדולד, זוכנדיק דעם אמת אין זייערע מידע, ניט אויסגעשלאָפענע אויגן...

„דער ציל כשרט דעם מיטל.״ זיי באַשליסן צו זאָגן ליגן בכדי צו באַרואיקן די באַפעלקערונג און אָפּשרעקן די וועלכע לויערן אויף רויב...

— די רויטע אַרמיי איז אין האַנצעוויטש. זי גייט מיט שנעלע טריט איבער ווייסרוסלאַנד און גאַר אין גיכן וועלן זיי זיין אין טעלעכאַן... האָט דער עולם לייכטער אָפּגעאָטעמט. אַ שווערער שטיין איז מיר אויך פון מיין האַרצן אַראָפּ־גענומען געוואָרן. (אויך איך בין געווען פון די „אָפּגענאַרטע״) און רואיק בין איך געשלאָפן אין יענער נאַכט, ווי נאָך קיינמאָל ניט.

אויף מאָרגן, אַן אויסגערוטע, איך לויף צו מיין „דיקטאַטאָר״. איך וויל אַ שמייכל פון גליק אויף זיין פּנים, און געפין בלויז אַ שאָטן פון אומעט, פון ניט־דערשלאָפענע נעכט, און ווער ווייסט וויפיל צער אינעם האַרצן...

איך זע שלמה לאַנדמאַן אַ פאַרטראַכטן, אַן אומעטיקן; לייבל ליגט נאָך אַ קראַנקער נאָכן צופאַל פון שאָס, און איך פיל אַז עפּעס איז דאָ נאָך ניט אין אָרדענונג; עפּעס האָבן זיי פון מיר פאַרהוילן...

שטיל, פול מיט דראָאונג איז געווען דאַן דער אָוונט. אויפן צווייטן טאָג נאָכן צוריקקער פון אפרימען מיט די צוויי חברים, און מיטאַמאָל אַזעלכע מורא־דיקע שיסערייען, ווי האָרדעס ווילדע אָנגעקומען פון סוויענטאָוואָליער גאַס, די הייפל פּוילישע אָפיצערן, און ס׳האָבן די קאָפּיטעס פון זייערע פערד צוזאַמען מיט אומצאָליקע ביקסן־שאָסן אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, ווי אַן אָנזאָג פון גרויזאַמקייט און פאַרניכטונג; אָט ווי זיי וואָלטן געוואָלט אָפּ־לייקענען דעם אמת אַז די רויטע אַרמיי איז ווירקלעך דאָ און די באַפרייאונג וועט קומען מאָרגן, איבערמאָרגן, אין די נאָענטסטע טעג...

מיין טאַטע איז שוין אויף. ער קוקט מיט אומרואיקע אויגן אויף מיר, און איך לייען און איך פיל וואָס עס טוט זיך אין זיין האַרץ... איך בין האַלב אויס־געטאָן, וואַרף איך אויף זיך אַרויף אַ מאַנטל און עפן האַסטיק די טיר... עמיץ ציט מיך צוריק מיט וואַרעמע, נאָר ציטערדיקע הענט. מיין טאַטינקע בעט זיך ביי מיר מיט טרערן אין די אויגן: — וואו ווילסטו לויפן איצט, אין אַזאַ שיסעריי?..

פון וואַנען אַזאַ כוח אין מיר? איך רייס זיך אַרויס פון זיינע הענט און איך לויף אָן אָטעם. איך — אַ קליין זיך באַוועגנדיק פּינטעלע, אויף איין זייט, און זיי, ווי געשפּענסטער שוואַרצע, אויף דער צווייטער זייט — גאַלאָפּירן און שיסן פליענדיק... ווי ס׳קלאַפּט מיין האַרץ! נאָר ניט פאַרשפּעטיקן, נאָר קומען וואָרענען זיי צו דער צייט! ווייל איך ווייס און איך קען דאָך זיי, די העלדישע יאַטן; זיי וועלן פאַנאַטיש שטיין אויף דער וואַך און וואַרטן... זיי — בלויז אַ הייפעלע — וועלן פּרובירן זיך אַנטקעגנשטעלן אַזויפיל אָפיצערן, וועלכע אַנטלויפן וואו „פעפער וואַקסט״... און מורא האָבנדיק פאַרן אייגענעם שאָטן, קענען זיי אומ־ברענגען אַזויפיל אומשולדיקע.

איך בין געקומען צו דער צייט! זיי זיינען געשטאַנען אין דרויסן: אפרים, שלמה לאַנדמאַן, און נאָך אַ רוסישער חבר. זייער ציל איז געווען צו גיין קאָנ־טראָלירן די וואַך, וועלכע איז דורך זיי צושטעלט געוואָרן איבערן גאַנצן שטעטל. נאָר אָט זיינען זיי אָנגעקומען אויף די פערד און שיסנדיק געפלויגן אָן אָטעם.

# טעלעכאַן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

אויף די ברעגן פון אגינסקער קאַנאַל, וועלכער פאַראייניקט האָט צווי טייכן: די פּינע און שטשאַרע, האַרט ביי גרעניצן פון פּאָליעסיע, ניט ווייט פון די פּינסקער בלאָטעס — געפינט זיך דאָס שטעטעלע טעלעכאַן, פאַרשיידענע לעגענדעס קרייזן אַרום אָט־דעם קליינעם שטעטעלע.

טעלעכאַן באַדייט, אַז דאָ הי איז באַהאַלטן געוואָרן אַ קערפּער פון אַ טאַטערישן כאַן, וועלכער אין זיין געיעג נאָך וועלט־רוים, איז דערגאַנגען ביז אָט־דער לעבהאַפטער שטעטעלע און דאָרט פאַרענדיקט זיינע חשבונות מיט דער וועלט. אַזוי פלעגן דערציילן די זיידעס און אַזוי האָבן עס איבערגענומען די אייניקלעך.

און כאָטש קליין און אָרעם איז געוועזן דאָס שטעטעלע, האָט זי דאָך אָפּגעשפּילט זייער אַ גרויסע סטראַטעגישע ראָל אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווי אויך אין דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה. אַרומגערינגלט מיט שטעטלעך און דערפלעך איז טעלעכאַן תמיד געווען דער שטאָלץ פון פּאָליעסיע און אייביק זיך אויסגעצייכנט מיט איר פאַרגעשריטנקייט און יוגנטלעכן אויפברויז. נאָך פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905 האָט טעלעכאַן פאַרמאָגט שטאַרקפאַרשפּרייטע פרייהייטס־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן מיטגעווירקט ביים שטורעמען די פעסטונג פון צאַריזם. די טעלעכאַן־יוגנט האָט אנטייל גענומען אין צעשמעטערן דעם צאַריזם אויך אין יאָר 1917, און ווען אויף פּאָליעסיער ערד האָט זיך איינגעשעלט אַ נייע קאָלאָניאַלע מאַכט, מיט פּילסודסקין בראָש, איז די טעלעכאַנער יוגנט, אָנגעפירט דורך אומגעזעענע כוחות, דערצויגן אויף הייליקע פרייהייטס־טראַדיציעס, ווידער צוגעטראָטן מאַסנווייז צום קאַמף פאַר אַ ניי לעבן. וועגן אַ גאַנצע ריי קעמפער וועלן מיר שרייבן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך.

## ליקוי חמה

ס'איז זומער 1914. דאָס שטעטעלע טעלעכאַן שלאָפט זיך זייער רואיק. עס קרעכצן די זיידעס פון שלאָף און שטילערהייט וויינען די באָבעס. עס טוליען די מאַמעס די קינדער צום האַרצן און רופן זיי אָן מיט די צערטלעכסטע נעמען.

---

מיר זיינען געשטאַנען נעבן פּאַסטרונעק אין דער שמאָלער געסעלע, וואו מיכל לויפער האָט געוואוינט. אפרים מיט שלמה לאַנדמאַן האָבן זיך געריסן צום קאַמף, צום קאַמף מיט אַזעלכע ניט גלייכע כוחות! ס'וואָלט דאָך פון זיי קיין זכר ניט געבליבן....

צום גליק זיינען זיי אַנטלאָפן מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, מיטנעמענדיק מיט זיך אייניקע יוגנטלעכע, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך (אויף זייערע פּאָסטנס), איבערלאָזנדיק נאָך זיך שרעק, כאַאָס און צווייפל אין פאַרמאַטערטע הערצער...

באַגינען עס דאַוונען די טאַטעס מיט גרויס געפיל און טוען תפילה צו גאָט פאַר פּרנסה און מנוחה, פאַר שלום אויף דער וועלט. נאָר דער הימל איז ווי פאַר־פּאַנצערט און די זון איז אַזוי קאַרג מיט איר ליכט... גרויע פלעקן שוועבן און אַרום, שוואַרצע וואָרגענדיקע וואָלקנס פאַרציען דעם הימל — ליקוי חמה. באַלד וועט אונטערגיין די זון. און כאָטש אַלע ווייסן, אַז ס'וועט אויפשיינען ווידער מיט שטראַליקן ליכט, דאָך עפּעס אַ שטורעם קומט אָן פון דער ווייט און נעמט אַרום די צעקלעמטע הערצער פון קליין און גרויס.

עס איז אַ בייזער צייכן... אַ מלחמה הענגט אין דער לופטן. עס וועט באַ־שטימט אויך נישט אויסמיידן דאָס שטעטעלע טעלעכאַן.

ליקוי חמה. עס ווערט פינצטער מיטאַמאָל. קינדער און דערוואַקסענע דורך פאַררייכערטע גלעזער קוקן אין הימל אַריין. נאָר אָט שוועבט אַרויס פון דער פינצטערניש אַ שוואַרצער פויגל און דערנענטערט זיך מיט רויש פון מערב אויף מזרח, אָט ווי עס וואָלט זיך אויפגעהויבן פונעם יידישן בית־עולם און מיט שטאָלענע פליגל געוואָרנט: — עס וועט זיין אַ מלחמה. — — — —

זייט גרייט צום קאַמף! — איז גאָר גיך אָנגעקומען די טרויעריקע בשורה, אַז ערגעץ־וואו שלאָגט מען זיך שוין און אַז די צאַרישע אַרמיי איז שטאַרק צע־שמעטערט געוואָרן דורכן דייטש און עס קייקלט זיך העט ווייט, פון מערב אויף מזרח און אָט האָט מיטאַמאָל אויפגעציטערט דאָס שטעטעלע פון הילכיקן זעלנער־געזאַנג: „סאַלאָווי, סאַלאָווי, פּטאַשיטשקאַ“... און ס'האָבן געציטערט די ווענט פון די הילצערנע כאַטקעס, ווען געוויגט ס'האָט זיך צום טאַקט פונעם ליד. די אָפּטרעטנדיקע קאַוואַלעריע און פיעכאָטע, די גרויסע פאָלקן פון פאַרשידענע פעלקער... ווי געשפּענסטער האָבן געשראָקן די קאָזאַקן מיט זייערע ווילדע, אומ־רחמנותדיקע נאַגייקעס. זיי אַלע האָבן זיך געטשעפּעט צו יידן, געיאָגט זיך נאָך יידישע טעכטער. טשערקעסן, גרוזינער, טאַטאַרן... געוואַלדיק גרויס איז געווען די צאַרישע אַרמיי, נאָר שוואַך און אונמעכטיק, טעכניש אָפּגעשטאַנען און אָרעם.

דאָס אָפּטרעטן פון זייערע פאָלקן האָט געדויערט זייער לאַנג און דאָס איז געווען זייער שרעקלעך פאַרן שטעטעלע טעלעכאַן. איינמאָל אין אַ פרייטיק־צו־נאַכט, ווען אידן זיינען געגאַנגען פון דער ליבעשויער שול, האָבן זיי אויפן הויף פון בערל דעם „שאַפּעטשניק“ אויף וואָלאָסטנאָער גאַס, באַמערקט אַ גרויסן פייער. אַ פּאַניק האָט באַהערשט זייערע אָנגעשטרענגטע, אומרואיקע געמיטער. עס איז שוין ווייזט אויס דער סוף. דאָס שטעטעלע ברענט. און מיט די לעצטע כוחות גענומען שרייען: „פּאַזשאַר“!... נאָר אָט האָבן זיך פון די הויפן אַרויסגע־שאָטן קאָזאַקן ווי בייזע רוחות און מיט נאַגייקעס זיך געוואָרפן אויף די אומגליק־לעכע אידן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די קאָזאַקן האָבן אָנגעצונדן אַ פייער־שייטער און געסמאַליעט אַ חזיר...

* * *

ס'איז ראש השנה 1915. די טעלעכאַנער אידן זיינען אַלע אין די שולן און די שול־ווענט זיינען אַדורכגעווייקט דורך טרערן. נאָר דער הימל איז ווידער פאַרפּאַנצערט און קיין שום תפילה לאָזט עס ניט דורך אין די הויכן... און ס'קומט אָן אַ שרעקלעכער ערב־יום־כיפּור פאַר די טעלעכאַנער אידן. די רוסישע מאַכט גיט אַ שנעלן באַפעל צו עוואַקואירן דאָס שטעטל. קורץ איז דער טערמין פון

עוואַקואַציע און די אידן באַוויזן קוים אַריבערצעוואַרפן כאָטש אַ טייל פון זייער מיט בלוט פאַרהאַרעוועטן פאַרמעגן, אויפן צווייטן זייט בריק. זייער פיל גייען אַרויס הויל און נאַקעט מיט עופעלעך אויף די הענט. זיי אַלע באַמיען זיך צו איינגלידערן אין די וועלדער פון הארטעלער, סאמאַנער און וויהאַנאַשטשער וועגן.

דער באַפעל פון עוואַקואַציע דערגרייכט זיי אויך דאָרטן. דאָס צאַרישע מיליטער טרייבט זיי נאָך ווייטער, טיף אין רוסלאַנד. בלויז אַ קליינער טייל איז געבליבן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. נאָכן אַריינטרעטן פון דייטשישן מיליטער קערן זיי זיך אום צוריק קיין טעלעכאַן.

ליידער איז קיין שטעטל שוין מער ניט געווען. אומרחמנותדיק האָט מען געברענט און געצונדן אַרום. געבליבן זיינען בלויז אייניקע הייזער. און ווידער האָבן זיך די צוריקגעקומענע געמוזט עוואַקואירן אויף מערב און געפינען זיך עטלעכע יאָר אין די שטעטלעך פון פוילן, ווי לאָמזשע, מאַקאָווע, אָסטראָלענקע און אַזוי ווייטער.

נאָכן אויסברוך פון דער קערענסקי רעוואָלוציע זיינען די טעלעכאַנער אידן צוריקגעקומען קיין טעלעכאַן. אויך די איבעריקע ביסל טעלעכאַנער, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די מלחמה אין מאָטעלע און אומגעגנט, האָבן זיך אומגע־קערט צוריק אַהיים. טעלעכאַן איז געווען אינגאַנצן פאַרניכטעט, געבליבן זיינען בלויז באַראַקן, וואו ס'האָבן אַמאָל געוואוינט, פאַר דער מלחמה, די הוטע אַרבע־טער. אָבער די הוטע איז אויך פאַרברענט געוואָרן. אויף אירע חורבות האָט מען אין יאָר 1921 אויפגעבויט אַ טאַרטאַק.

צווישן די וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט קיין טעלעכאַן זיינען געווען: אַלטער גורשטעל, דער סטאָליער, מיט זיינע זין און צוויי טעכטער; ניסן גורש־טעל, דער שיפער, מיט זיינע זין: אָשר, יודל, וועלוול, מיכל, מאָטל און טאָכטער סימע, דוד קליטעניק דער שוסטער, מיט זיינע צוויי זין און טאָכטער; אַהרן פעלד־מאַן דער געלער, מיט זיין טאָכטער איטקע; גרשון קאגאַן מיט זיינע קינדער; אברהם חיים קאמאדיעיעוו מיט זיין פאַמיליע; אָשר און ריבה קאַגאַן מיט זיינע קינדער; גרשון קליטעניק מיט זיין פאַמיליע; די ברידער ישראל און אהרן גאָדי־נער מיט זייערע פאַמילעס; ישראל שוואַרצבערג („ישראל משיח") מיט זיין פרוי שרה; ראובן גורשטעל און פאַמיליע; אברהם דוד אייזנבערג מיט זיינע שיינע טעכטער; איסר באקעלמאַן און פאַמיליע; רחל מעלצער מיט אירע קינדער; חיים ישעיה דער לערער, מיט זיינע קינדער; הערשל רוטקאָוויצקי, דער לערער, מיט זיינע טעכטער און זין; משה פייוול קליטעניק, יצחק, לאַנדמאַן, מענדל לאַנדמאַן, אַהרן לאַנדמאַן מיט זייערע פאַמיליעס (די וויהאַנאָשטשער); אַהרן אַבראַמאָוויטש (נאָטשניצאַ) און פאַמיליע; יאָסל דוד אייזנבערג מיט זיינע זין און טעכטער; שלום שאלאכמאַן מיט זיין זון מאָטל און פאַמיליעס; מאכע דאָנדיק מיט זיין פרוי דינה רבקה און זייערע טעכטער; טשערנע די אַלמנה מיט אירע טעכטער; די שוחטים יאָסל און אַהרן קאָבריק מיט פאַמיליעס; חייקל דער קצב; סענדער דער שניידער; הלל אייזנבערג דער שניידער; חיים דער בעדער; יוזשיק, לייבע און חנניה מאָזרי־רער, מיט זייערע פאַמיליעס; מרדכי דער שוסטער (באַשעס); שאַמע און אסתר קרופטשיק מיט פאַמיליע; פייוול רובאַכאַ (כאַשע לאהס זון); פריידל לוצקי מיט

איר פאַמיליע (אהרן לוצקיס פרוי); די אַלמנה אייזנבערג (קרופּניק) מיט איר׳ע טעכטער און זון, איטשע מאיר, באַשקע, שרה, און אַנדערע.

ניט אַלע זיינען אָנגעקומען מיט איין מאָל. נאָר ביסלעכווייז האָבן זיך די טעלעכאַנער איינוואוינער צוריק איינגעבירגערט אין זייער געבורטס־שטעטעלע און אויפגעבויט צוריק זייערע היימען.

## טעלעכאַנער אידן זיינען קיינמאָל ניט אומבאַהאָלפן

אין יאָר 1917 האָבן די טעלעכאַנער אידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די פּוילישע שטעטלעך אַרום וואַרשע, זיך דערוואוסט, אַז מ׳קען שוין פאָרן אַהיים. די דייטשישע מאַכט גיט אַרויס דערלויבענישן. קיינער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט אַז דאָס שטעטל איז פאַרברענט. די דייטשע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן הילף מיט דעם וואָס זי האָט געגעבן טראַנספּאָרט מיטלען. צופרידענע איז מען געפאָרן קיין טעלעכאַן, נאָר געטראָפן האָט מען פּלעצער באַוואַקסענע מיט ווילדן גראָז, מיט קוסטעס און בעריאָזעביימלעך. איז ניט געווען קיין אַנדער ברירה ווי צו באַזעצן זיך אין די באַראַקן, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעבויט אין וואַלד, ביי אַ דריי קילאָמעטער פון שטעטל. אָבער מען דאַרף דאָך לעבן, עסן... און פון וואַנען נעמט מען עס? צום גליק איז עס זומער און געוואַקסן זיינען אין די וועלדער יאַגדעס, מאַלינעס, שוועמעלעך און באַזונדערס ליסיצעס; דאָס זיינען געווען קליינע, מיטעלע און צעוואַקסענע שוואָמען. האָבן די אידן געקליבן אָט־די וואַלד־פּרוכטן, געקאָכט עס און געגעסן עס ביזן טיפן האַרבסט.

נאָר אָט קומט אָן דער ווינטער און די לאַגע ווערט פיל ערנסטער. דאַן האָבן די אידן זיך אויך ניט פאַרלוירן. ס׳האָבן אַ טייל פון זיי געפאָרן אין מאָטעלער און קאָסאָווער געגנט און איינגעקויפט קאַרטאָפל, קאָרן, מעל און גרויפּן. אַנדערע האָבן געהאַנדלט, אייניקע געבעטלט... אין דעם פּרילינג האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. פון וואַנען האָבן טעלעכאַנער אידן אַזוי גיך באַהערשט די פּויערים־אַרבעט, איז נאָך ביז היינט־צוטאָג שווער צו באַגרייפן. געווירקט אויף דעם האָט אין ערשטער ריי דער הונגער. ניט ווייניק האָט געהאָלפן דאָס, וואָס געלערנט האָט מען זיך אין דער צייט פון מלחמה ביי די פאַרבליבענע אין די געגנטן פון מאָטעלער און יאַנאָווער פּויערים.

ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן צו איינאָרדענען און געדאַנקט האָבן די טעלעכאַנער אידן גאָט, וואָס געקומען זיינען זיי צוריק קיין טעלעכאַן, און עסנדיק צו דער זאַט ברויט מיט קאַרטאָפל האָבן זיי ווי פאַרגעסן פון דער מורא־דיקער מלחמה...

אָבער אין דער צייט ווען טעלעכאַנער אידן זיינען געווען פאַרנומען מיט זייערע טאָג־טעגלעכע זאָרגן זיינען אין דער וועלט פאָרגעקומען געשעענישן מיט אַ גרויסן פאַרנעם. די איבערקערעניש אין רוסלאַנד האָט געבראַכט פרייהייט אַלע פעלקער פון דער גרויסער צאַרישער אימפּעריע. די פרייהייט־ווינטן האָבן אויך דערפרישט טעלעכאַן. אידן זיינען זיכערער געוואָרן און האָפערדיקער. פאַר־געסן האָט מען זיך אין טאָג־טעגלעכער זאָרג און גענומען זיך פעסטער צו דער אַרבעט. טעלעכאַנער בחורים און מיידלעך, אויסגעפּוצט אין דאָס שענסטע וואָס

זיי האָבן פאַרמאָגט, זיינען געפאָרן קיין פינסק און לונינעץ, צו באַגריסן די נייע מאַכט. אויך קינדער האָבן מיט פרייד אויסגעטראַכט נייע פאַרווײַלונגען. דער שרעקלעכער צאַר ניקאָלאַי האָט שוין מער ניט געשראָקן, נאָר געדינט אַלס „ליאַלקע" צום שפּילן זיך, וואו יעדער „זעלנער" האָט געקענט אויסשיסן אין אים זיין צאָרן און האַס, אָנגעזאַמלט אין זייערע קינדערשע הערצעלעך, דורך הונדערטער יאָרן פון צרות און זאָרגן, איבערגענומען דורך זייערע עלטערן, זיידעס און עלטער־זיידעס...

ליידער איז די יום־טובדיקע שטימונג זייער שנעל פאַרטונקלט געוואָרן. די באַנדעס פון באַלאַכאָוויטשן און פּעטליורעס היידאַמאַקעס זיינען אין קאַמף מיט דער באָלשעוויסטישער מאַכט באַפאַלן אַ גאַנצע רייע שטעטלעך פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד און געראַבעוועט, פאַגראָמירט אידן. צום גליק זיינען די באַנדעס קיין טעלעכאַן ניט דערגאַנגען.

די לאַגע האָט זיך גענומען אויסקריסטאַליזירן. די באָלשעוויקעס האָבן צעשמעטערט אַ טייל פון די באַנדעס. די קאַמפן זיינען איצט פאָרגעקומען ווייט אויף די מזרח, דרום און צפונדיקע געגענטן פון רוסלאַנד. טעלעכאַן האָט אין ווינטער פון יאָר 1918 אויף 1919 אויסגעזען ווי אַ בער, וואָס אָנגעגרייט האָט אין זומער פון יאָר 1918 פיל שפּייז און פאַרבאַהאַלטן זיך אין דער נאָרע, בכדי רואיק אַדורכשלאָפן דעם ווינטער. נאָר אויפגעוועקט זיי פון שלאָף און צעשטערט זייער רו האָט אַ נייע אַרמיי, וואָס האָט אַריינגעמאַרשירט קיין טעלעכאַן אין מערץ 1919. געווען איז עס די פילסודסקי אַרמיי, וועלכע האָט זיך ניט באַנוגנט מיט דער פרייהייט פון דער רעוואָלוציע, נאָר אַליין געפּרואווט פאַרכאַפּן פרעמדע ערד און אָנגרייפן די באָלשעוויקעס פון מערב־זייט.

דער פרילינג פון 1919 איז פאַר די טעלעכאַנער אידן באַזונדערס געווען אַ שווערער. די ידיעה פון 39 קדושים אין פינסק, שטייערן און אפילו שמיץ האָבן געבראַכט מיט זיך די נייע הערשער. און דערצו זעלנער־מאַרודערן, וואָס פאַלן אַריין אומגעריכט אין די וואַלד־באַראַקן און רויבן צו ביי די אידן דעם לעצטן ביסן ברויט. אַזעלכע אָנפאַלן אויף אידישע הייזער פלעגן פאָרקומען 2־3 מאָל אין וואָך. אידן זיינען געווען אונמעכטיק און הילפלאָז.

די פּוילישע אַרמיי איז לאַנגע מאָנאַטן פאַרהאַלטן געוואָרן אין טעלעכאַן דורך די פויערים־פּאַרטיזאַנער פון הארטאל, ריטשקע און אַנדערע דערפער. אָנמעכטיק קעגן די פויערים האָט די נייע מאַכט אָנגעווענדעט אַלע טעראָר־מיטלען קעגן דער אָרטיקער באַפעלקערונג; ניט אויסגעמיטן האָבן זיי אפילו שטראָפן מיט — שמיץ. און אָט אַזאַ שטראָף ווי פון מיטל־אַלטער האָט ניט אויסגעמיטן יודל גורשטעל, ניסלס זון, אהרן אַבראַמאָוויטש (נאָטשניצאַ) און אויך אַ טייל אָרטיקע פויערים. און געדראָעט האָט מען יעדן איינעם, וואָס וועט נאָר וואַגן זיך קעגנשטעלן דער מאַכט — מיט שמיץ.

טעלעכאַן האָט איבערגעלעבט אַ שוידערלעכע שטיקל צייט. אידן האָבן זיך נאָך מער צו דער ערד צוגעבונדן, געאַקערט, געזייט, ווי געוואָלט וואָלטן זיי פאַרגעסן די זאָרגן פון די נייע שטייערן, וואָס אַזוי אָפט ס'פלעגן אָנוואַרפן אויף זיי די נייע שטאָט־קאָמענדאַנטן. אין 1920 האָט טעלעכאַן געזעגנט די פּוילישע אַרמיי מיט איינגלידערן זיך טיפער אין וואַלד, וואו אויסבאַהאַלטן האָבן זיי פערד

מיט בהמות און דאָס לעצטע ביסל גוטס פון מאָרודערן און פאַרשיידענע וואַלד־רויבער.

פאַרגעקומען איז אַן אויסטויש פון עטלעכע ביקסן־שאָסן און אין אַ שעה 5 נאָכן אָפּטרעטן פון פּוילישן מיליטער, איז אַריין די ערשטע אויסשפּיר־גרופּע פון די „רויטע" און אין עטלעכע שעה נאָכדעם איז אַריין די רויטע אַרמיי. גע־גאַנגען זיינען מענער און פרויען־פאַלקן, אויך יוגנטלעכע אָפּטיילונגען; געאיילט האָבן אַלע אויף מערב, בכדי צו דערגרייכן „וואַרשע און בערלין"...

טעלעכאַן האָט ווידער אויפגעלעבט. געשאַפן האָט זיך אַן אַרטיקע מאַכט, וואו אויך אידן האָבן געהאַט זייערע פאַרשטייער. אין דער מיליציע האָבן באַזונ־דערס זיך אויסגעצייכנט: שמחה זלבערשטיין, מיכאל גורשטעל, יאַנקל קליטעניק און אַנדערע. ניט לאַנג האָט עס געדויערט. אין אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער האָט זיך די רויטע אַרמיי געמוזט צוריקציען אויף מזרח, געיאָגט דורך דער פּוילישער אַרמיי, וועלכע האָט ווידער געבראַכט מיט זיך גרויל און שמוץ...

געשניטענע אידישע בערד און שרעק אָן אַ סוף. דער ערשטער וואָס האָט געקראָגן געשלאָגן איז געווען לייזער דינאָוויץ, וועלכער איז זיך רואיק געגאַנגען דאַוונען צו אַלטער דעם סטאָליער (גורשטעל). קיין שולן צום דאַוונען זיינען נאָך נישט געווען, פלעגט מען זיך צונויפקלייבן ביי אַ מנין אידן אין פרעמדע הייזער. לייזער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז גייענדיק אין שול וועט ער באַגעגענען די ערשטע אויסשפּירער פון דער פּוילישער אַרמיי — דערפאַר האָט ער געכאַפּט פּעטש — — — — אַ העזה פון אַ ייד צו גיין מיטן טלית אין שול, דאַן, ווען די פּויליש־פּריצישע אַרמיי פאַרנעמט צוריק טעלעכאַן...!

אין אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען פאַרהאַלטן אַלטער גורשטעל און פאַר זיין „חוצפּה" צו באַווייזן זיך אין גאַס, האָט מען אים געשניטן די באָרד... און געשניטן האָט מען עס ניט מיט אַ שערל... און ווידער שטייערן, שטייערן אָן אַ סוף...

פיל בעסער האָט אויסגעזען דאָס יאָר 1921. קיין טעלעכאַן איז געקומען יעקב צירינסקי און אויפן פּלאַץ פון דער פאַרברענטער הוטע האָט מען גענומען בויען אַ האָלץ־פאַבריק (טאַרטאַק).

האָט אויפגעלעבט דאָס שטעטעלע טעלעכאַן. אידן האָבן אָנגעהויבן צו פירן קלעצער פון וואַלד; אידן זיינען געוואָרן בוי־אַרבעטער און בכלל אַרבעטער אין טאַרטאַק. אייניקע האָבן ברויט געבאַקן צום פאַרקויפן; פיל האָבן זיך גענומען צו נייען מלבושים און שוכוואַרג פאַר די טאַרטאַק אַרבעטער; געעפנט האָבן זיך אידן מאַנופאַקטור קראָמען... ביים אָנהויב איז עס געווען אַ „ספּולקע" פון 4־ען: אברהם חיים קאמאדעיעוו, גרשון קאגאַן, די ברידער אָשר און יודל גורשטעל; געעפנט האָבן זיך „באַקאַליי" קרעמלעך, וואו אידן האָבן געהאַנדלט מיט קריסטן, איבערלאָזנדיק ביי אהרן דעם שוחט (נחום פערלשטיינס אידעם) דעם מאָנאָפּאָל אויף הייזון, ליכט, און נאַפט. און ווען קיין טעלעכאַן איז געקומען אַ גאַסט פון אַמעריקע און געבראַכט מיט זיך ברייוו פון פריינט און פאַמיליע און אויך דאָלאַרן, איז די פרייד געווען אומגעהויער. אידן האָבן אויפגעלעבט. ס'האָבן זיך אַלע אַ נעם געטאָן צום אָפּבויען דאָס שטעטעלע. אַז עס זאָל נאָך שענער און בעסער זיין ווי פאַר דער מלחמה. קיין בוי־מאַטעריאַל האָט ניט אויסגעפעלט. ברעטער קען מען קויפן אין טאַרטאַק, אַביסל צוגנבענען, אויב ס'איז נויטיק... מיט ציגל

איז אויך ניט קיין זאָרג. אַ טייל קען מען אויסגראָבן פון די הויטע פונדאַמענטן, אַ טייל פון „פוסטן מויער", וואָס שרעקט שוין ניט מער די אייניקלעך ווי זייערע זיידעס און באָבעס... אַ טייל — קויפן ביי די אַרומיקע פויערים.

איז געוואַקסן דאָס שטעטל טעלעכאַן. בלויז אייניקע האָבן זיך מיטן שטעטל אָפּגעזעגנט און אַוועק קיין רוסלאַנד. געווען זיינען עס: איסר קעגעלמאַנס, צוויי זין און צוויי טעכטער; שמחה זילבערשטיין (דער יאַנעווער'ס); איסר און משה שאַלאַכמאַן; כאַשע לאה'ס אַן אייניקל, און אַנדערע. נאָר זיי האָבן ניט גורם געווען צו צערייסן די גאַנצקייט פון שטעטל; טעלעכאַן האָט זיך געשמידט איר קייט פון דורות אויף דורות...

## דער אָנפאַל אויף טעלעכאַן אין יאָר 1924

געווען איז אַ האַרבסטיקער טאָג. דאָס שטעטל האָט זיך רואיק געוועבט איר טאָג־טעגלעכן לעבן. צוגעוואוינט צו דער נייער מאַכט, וועלכע האָט זיך ב'סלעכוויז איינגעפירט אירע אָרדענונגען, געטיילט ווירטשאַפטן פאַר אירע קאמבאַטאַנטן, איבערגעצויגן אויף איר זייט מיט געוויסע הנחות די שטעטלדיקע בירגער און דעם רייכן פויער, איינגעפירט שטאַנדהאַפטיקע מאַכט אָרגאַנען מיט פאָליציי; קינדער אין פוילישע שולן געצוואונגען צו גיין, און געגלויבט, אַז אַלץ איז אין בעסטער אָרדענונג. נאָר ניט פאַרגעסן האָט דער פּאָליעסיער פויער, אַז אָפּגעריסן האָט מען אים פון זיין פאָלק און מלוכה, וואָס איינגעפירט האָט ביי זיך אַ נייע מאַכט, וועלכע דורך שווערקייטן עס שפּרייזט צו אַ נייעם לעבן...

האָבן זיך געבונטעוועט גאַנצע דערפער און זייער האַס און צאָרן איינגע־פלאָכטן אין פאַרטיזאַנישע אַרויסטרעטונגען, וואָס האָבן זיך געצויגן פון 1919 ביז 25־1924, ווען די געשאַפענע לאַגע פון סטאַבילקייט אויף דער גאַנצער וועלט האָט זיי געצוואונגען זיך פאַנאַנדערלאָזן... איינער פון די לעצטע אַקטן איז געווען דער אָנפאַל אויף טעלעכאַן, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אין די הענט פון די פאַרטיזאַנער... די אָנפירונג האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַפאַלן די פאָליציי און אנטוואָפענען זי, פאַרהאַלטן די אָנפירער פון דער אָרטי־קער פוילישער מאַכט, אַרעסטירן זיי און, צוזאַמען מיט דער פאָליציי, צעשיסן... נאָר באַקומען האָט זיך עפּעס אַנדערש... געהיימניספולע, אומבאַקאַנטע גרופּעס צו דריי און צו פיר האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן איבער טעלעכאַנער גאַסן. זייער אומגעריכטער אָנקום האָט געשראָקן די טעלעכאַנער איינוואוינער. ס'איז געווען קלאָר, אַז די אומבאַקאַנטע זיינען באַוואָפנטע און, אַז אין אָט־דעם שיינעם האַרב־סטיקן טאָג גרייט זיך אַן אומגליקלעכער, שרעקלעכער אָנפאַל...

די באַוואָפנטע גרופּעס, איבעררא‌שט פון דעם לייכטן זיג, זיינען אַוועק קלייבן געלט ביי די רייכערע, שטעטלדיקע איינוואוינער און ביים קלענסטן ווידערשטאַנד פון שרה גורשטעל (ניסל דעם שיפערס פרוי) האָבן זיי איר דער־שאָסן; דערשאָסן האָבן זיי אויך די פּאָליציאַנטן, דעם גמינע וואָיט און יעקב קליטעניק, זאַוול דעם קצב'ס אַ זון.

אַ שרעקלעכן איינדרוק האָט דער אָנפאַל געמאַכט אויף די טעלעכאַנער איינוואוינער. אַזאַ שווידער־נאַכט און אַזוי פיל קרבנות אומזיסט... און שווער

איז געווען צו באַגרייפן. פאַרוואָס האָבן די פּאַרטיזאַנער דערשאָסן צוויי אידן, וועלכע זיינען ניט געווען קיין פאָרשטייער פון דער מאַכט?!

לאַנג, לאַנג האָבן די טעלעכאַנער ניט געקענט פאַרגעסן יענע אומגליקלעכע נאַכט. יעדער מינדסטער שאָרך האָט געשראָקן און געוואָרנט: אַז עס גייען ווידער די אָנפאַלער...

## טעלעכאַנער יוגנט אָרגאַניזירט זיך

ס'איז שוין עטלעכע יאָר נאָך שליסן דעם שלום מיט די באָלשעוויקעס און דאָך לעבט פּוילן ווי אויף אַ ווולקאַן, וועלכער לאָזט זיך זייער טיף פילן פון צייט צו צייט. דער אַרבעטס־מענטש האָט דערפילט זיין מאַכט און די רעגירונג מוז אָנווענדן אַלע אירע כוחות בכדי צו פאַרהאַלטן דעם גאַנג פאָראויס פון אַרבעטער־קלאַס און אין טייכן בלוט דערשטיקט יעדע פרייע באַוועגונג. אָבער די באַיאָנעטן און ביקסן פון דער פּויליש־פריצישער זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי לינדערן ניט דעם עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס וואַקסט אָן מיט יעדן טאָג. און די אינפלאַציע טענדענצן וואַקסן אַזוי שנעל, אַז די מאָנאַט־פאַרדינסטן פון אַן אַרבעטס־מענטש באַטרעפן מיליאָנען מאַרק, פאַר וועלכע מען קען בלויז קויפן עטלעכע פּעקלעך שוועבעלעך...

טעלעכאַנער יוגנט איז געטריי אירע פּראָגרעסיווע טראַדיציעס און שוין אין יאָר 1922 אָרגאַניזירט זיך דאָ די ערשטע יוגנט אָרגאַניזאַציע. געווען איז עס נאָך זייער ווייט פון אַן אויסגעקריסטאַליזירטער באַוועגונג. אַלע האָבן געפילט די נויטווענדיקייט פון שאַפן פונדאַמענטן פאַר אַ ברייטער קולטור־אַרבעט, וועלכע איז מעגלעך אין די ראַמען פון אַ רייכער ב י ב ל י אָ ט ע ק. צו דער אַרבעט האָבן זיך גענומען: פּיניע מאַזריער, מיכל טשיזש, רבקה אַבראַמאָוויטש, איטקע מעלצער, דאָבע רוטקאָוויצקי, יהושע אייזנבערג, ריבע לעווין, טויבע שניידמאַן און פיל אַנדערע. אין דער זעלבער צייט קומט אָן קיין טעלעכאַן מרדכי בראָמ־בערג, זייער אַ פאַרגעשריטענער און לינק־געשטימטער. ער העלפט זייער פיל צו אָרגאַניזירן די ביבליאָטעק און שטעלט פאָר דער יוגנט ברייטערע פּערספּעק־טיוון אויף איר פאָראויסגייענדיקן וועג. אַלע זיינען איינשטימיק, אַז קודם כל מוז מען די יוגנט אָרגאַניזירן און זי וועט שוין אַליין געפינען איר ריכטיקן וועג...

צווישן די וועלכע זיינען די ערשטע אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אין אָנהויב זיך גערופן: „השומר הצעיר", זיינען געווען: יאָסל און שעטל שניידמאַן, דאָבקע קליטעניק, יואל מאַזריער, אפרים און לייבל קליטעניק, גאָלדע סטאָליאַר, כייטשע לוצקי, ישראליק בערנשטיין, ישראל דוד קאַגאַן, ראָזע אַבראַמאָוויטש, נעכקע מעלצער, נחמיה לעווין, יהושע שקליאַר און אַנדערע. געווען זיינען עס מערסטנטייל יוגנטלעכע אין עלטער פון 16־15 יאָר, וועלכע זיינען שוין געווען אַריינגעצויגן אין די אַרבעטס־וואַרשטאַטן און אַרבעטנדיק 15־16 שעה אין מעת־לעת האָבן זיי שוין שטאַרק געפילט דעם יאָך פון אַ קאַפּיטאַליסטיש־פריצישן פּוילן.

פול מיט ענערגיע און שטאַרקן ווילן האָבן זיך די יוגנטלעכע גענומען צו דער אַרבעט. שנעל איז געוואַקסן זייער באַוואוסטזיין און גאָר אין גיכן וואַקסן

אויס פון דער קליינער גרופּע צוויי מעכטיקע יוגנט אָרגאַניזאַציעס: לינקע פּועלי־ציון און לינקע. זיי קאָנטינואירן די אַרבעט פון בויען די ביבליאָטעק און אין אירע ראַמען שאַפט זיך אַ לייען־זאַל, וואו עס פירט זיך אָן אַ ברייטע קולטור־אַרבעט, און יעדע פון אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס מאַכט קלאָר איר אידייען פּלאַטפאָרמע און קעמפט פאַר איר פּראָגראַם. אויסער דעם אָרגאַניזירן זיך פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וועלכע נעמען אַריין כמעט די גאַנצע אַרבעטנדיקע יוגנט.

אין יאָר 1926 ברעכט אויס דער ערשטער סטרייק צווישן די טאַרטאַק אַר־בעטער אָנגעפירט דורך די לינקע. עס סטרייקן עטלעכע הונדערט אַרבעטער און „וואָזאַקעס". די אַרבעטער פאָדערן אַן 8 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, העכערע לוינען, אָנערקענען די אַרבעטס־פאָרשטייער און אַ גאַנצע רייע אַנדערע פאָדע־רונגען. דער סטרייק איז אַדורך זיגרייך. אין עטלעכע וואָכן אַרום ברעכט אויס אַ צווייטער סטרייק, וועלכער נעמט אַריין אַלע שטעטלדיקע האַנדווערקער אַרבע־טער: שוסטער, שניידער, סטאָליאַרעס, שלאָסער און שמידן. די אַרבעטער פאָדערן אַן 8־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג, העכערן די לוינען, אָנערקענען די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע.

דער סטרייק האָט זיך אַנטוויקלט לאַנגזאַם, אַרומגעכאַפּט אַלץ מער וואַר־שטאַטן. אַנטשלאָסנקייט פון די סטרייק־אָנפירער, זייער אויפקלערונגס אַרבעט האָט די גאַנצע אַרבעטנדיקע יוגנט אַריינגעצויגן אין די קאַמפּס־רייען. באַלע־באַטים האָבן אָנגעהויבן אַ קעגן־אַקציע, געפּרואווט אפילו שרעקן מיט דער מאַכט, נאָר די אייניקייט פון די סטרייקנדיקע האָט זיי געצוואונגען גיין אויף הנחות. דער סטרייק־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון: אפרים קליטעניק, יוסף שניידמאַן, הירשל קאַגאַן, לייבל טשערנאָמאָרעץ, און שמעון יעקב גורשטעל. די מאָנאָליטע שטעלונג פון סטרייק־קאָמיטעט האָט באַאיינפלוסט די גאַנצע אַרבעטנדיקע יוגנט. שוין לאַנג האָט טעלעכאַן ניט אַדורכגעמאַכט אַזאַ אימפּאָזאַנטן איינהייט סטרייק.

הערבסט צייט, 1926־27, ווערן איינגעאָרדנט אַ גאַנצע רייע דעמאָנסטראַ־ציעס קעגן פאַשיסטישן רעזשים פון פּילסודסקי אין סוויענטאָוואָליע און קאָסאָווע, וואו די טעלעכאַנער פּאַרטיי און יוגנט אָרגאַניזאַציע נעמען אָן אַקטיוון אנטייל.

טעלעכאַנער יוגנט באַשטראַלט מיט איר פאַראויס־מאַרש די אַרומיקע שטעטלעך, ווי קאָסעווע, יאַנאָווע, מאָטעלע, לאהישין, סוויענטאָוואָליא און אַנ־דערע. די פּויליש־פריציש־קאַפּיטאַליסטישע מאַכט פאַלט אויף די שפּורן פון דער דאָזיקער טעטיקייט און עס הויבן זיך אָן שיטן רעפּרעסיעס.

אין פרילינג 1927, ווערן אַרעסטירט מרדכי בראָמבערג, לייבל אייזנבערג, מרדכי באָבראָוו, ווי אויך אַ גאַנצע רייע חברים ווייסרוסן. דאָך שוין אין זומער 1927 ווערן אויפגעשטעלט אַלע פאַרבינדונגען און די טעטיקייט פון דער יוגנט נעמט אַרום ברייטערע קרייזן פון דער אַרבעטנדיקער יוגנט.

די טעטיקייט נעמט אַרום אַ גאַנצע רייע געביטן: קולטור־אַרבעט, ביבליאָ־טעק און לייען־זאַל. אין דער פאַרוואַלטונג גייען אַריין די חברים: ישראל דוד קאַגאַן און ישראליק בערנשטיין; פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט, אָנגעפירט דורך אפרים קליטעניק, יוסף שניידמאַן, יאָשקע מעלצער, שמעון יעקב גורשטעל, לייבל קלי־

טעניק, ישראל בעגין; אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע: אפרים קליטעניק, גדליה לאַנדמאַן. אין דער אומלעגאַלער אַרבעט ווייזן אַרויס אויסערגעוויינלעכע אַקטי־וויטעט און העלפֿן מיט: ישראליק בערנשטיין, לייבל קליטעניק, שמשון לאַנדמאַן, ישראל דוד קאַגאַן, און אַנדערע.

זייער טעטיקייט האַלט אָן ביזן יאָר 1928. אין דער צייט ווערן אַרעסטירט אפרים און לייבל קליטעניק. גדליה באַהאַלט זיך אויס אַ לענגערע צייט און עמיג־רירט אַרויס פֿון פּוילן.

די טעטיקייט פֿון דער יוגנט ווערט איבערגעריסן אויף אַ שטיקל צייט, אָבער שוין אין יאָר 1929 ווערט זי ווידער אופֿגעבליט דורך די חברים שמשון לאַנד־מאַן, ישראל דוד קאַגאַן, ישראליק בערנשטיין, מאָטקע ראָשטשינדער, בערל רובאַכע, אָנגעפֿירט דורך לייבל קליטעניק, וועלכער איז באַפֿרייט געוואָרן נאָכן אָפּזיצן אַ יאָר צייט.

זייער טעטיקייט געדויערט דאָס מאָל ביזן יאָר 1931; ווען עס קומען פֿאָר נייע אַרעסטן און טייל דערמאָנטע ווערן אַרעסטירט. תפיסה־יאָרן זיינען אָפּגע־זעסן: מרדכי בראָמבערג — 6 יאָר; לייבל אייזנבערג — 4 יאָר; אפרים קליטעניק — 6 יאָר; לייבל קליטעניק — 5 יאָר; ישראל דוד קאַגאַן, שמשון לאַנדמאַן, ישראליק בערנשטיין — צו 4 יאָר. די פֿאַרשטאַרקטע רעפּרעסיעס האָבן גע־צוואונגען אַ גאַנצע רייע יוגנטלעכע צו עמיגרירן אויסער די גרעניצן פֿון פּוילן. דאָך האָבן זיך די איינפֿלוסן פֿון די לינקע פֿאַרשפּרייט און אַרומגענומען יוגנטלעכע פֿון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט ווי אויך אַקטיוו מיט־געאַרבעט. צו די דאָזיקע געהערן: גאָלדע אוןביילטשע ראָשטשינדער, מינע גורשטעל, רבקה פֿעלדמאַן, שאול בער, לוי לויפֿער, און אַנדערע.

די פֿאַשיסטישע מאַכט האָט איר גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט געווענדט קעגן טעלעכאַנער יוגנט און האָט מיט אַ שטאַרקע האַנט געשטיקט יעדן פּרואוו פֿון ווידער־אויפֿבויען די לינקע אָרגאַניזאַציע, דאָך איז איר נישט געלונגען צו דער־שטיקן דעם דראַנג נאָך פֿרייהייט. די אַרבעט פֿון דער יוגנט איז אַריין אין די טיפֿענישן פֿון קאָנספּיראַציע, אָבער איינגעהאַלטן זיינען געוואָרן אַלע קאָנטאַקטן.

אין דעם אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939, האָט טעלעכאַנער יוגנט נישט פֿאַרשפּרונגען. זי איז אַנטקעגן־געקומען אָרגאַניזאַ־ציאָנעל אַ צוגעגרייטע, און שוין דעם 17טן סעפּטעמבער, 1939, ווען די רויטע אַרמיי איז אַדורך אירע גרעניצן בכדי צו באַפֿרייען מערב ווייס־רוסלאַנד און מערב אוקראַינע, איז אין טעלעכאַן אַנטשטאַנען אַן אָרגאַניזירטע מאַכט, וועלכע האָט איינגעהאַלטן אָרדענונג אין טעלעכאַן און אומגעגנט ביזן אָנקומען פֿון דער רעגולערער רויטער אַרמיי.

אין די אָרגאַנען פֿון דער ניי אויסגעוויילטער מאַכט זיינען אויסגעוויילט געוואָרן די חברים: אפרים און לייבל קליטעניק, ישראל דוד קאַגאַן, ישראליק בערנשטיין, מאָטקע ראָשטשינדער, בערל רובאַכאַ און אַנדערע.

▼

# 21טער סעפּטעמבער, 1939

און אָט איז געקומען אַזאַ טאָג, ווען מיר האָבן זיך ענדלעך איבערצייגט אַז די רויטע אַרמיי איז ווירקלעך געקומען קיין ווייסרוסלאַנד און אויך טעלעכאַן האָט זיך דערוואַרט אויף די געסט. דעם 21טן סעפּטעמבער, 1939, זיינען גע־קומען קיין טעלעכאַן ביי אַ צענדליק רויט־אַרמייער פון פּינסק. דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרויס זיי באַגעגענען. עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג, וואו פיל אידן און קריסטן זיינען אַרויסגעטראָטן צו באַגריסן די חשובע געסט און באַפרייער. און אָט האָט זיך דאָס שטעטל ביסלעכווייז באַרואיקט. ס׳האָבן שוין מער ניט געשראָקן קיין אַנטלאָפענע אָפיצערן און די מורא פאַרן מלחמה־געשפּענסט איז פאַרשוואונדן.

אין אָקטאָבער חודש זיינען פאָרגעקומען וואַלן אין טעלעכאַן צו אויסוויילן די אָרטיקע מאַכט. די וואַלן זיינען געוווען געהיימע. אין פאָלקס־קלוב איז פאָר־געקומען אַ גרויסע פייערלעכע פאַרזאַמלונג און די שטימונג ביי אַלעמען איז געוווען זייער אַ יום־טובדיקע. עס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן פיל קאַנדי־דאַטן. פון די אידישע זיינען אויסגעוויילט געוואָרן: ישראליק בערנשטיין, ישראל דוד קאַגאַן, אפרים און לייבל קליטעניק. אַלס פאָרזיצער איז צום ערשטן מאָל אויסגעוויילט געוואָרן אַ פרוי און איר פאַרטרעטער איז געוואָרן אפרים קליטעניק. מיט אַ צייט שפּעטער איז ער אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָלקס־ריכטער ער פלעגט אויספילן זיין פליכט זייער קלוג און גערעכטלעך. זייער אָפט פלעגט מען באַגעגענען אפרימס פאָטער, דוד קליטעניק, וועלכער פלעגט באַזוכן זיין זון ביי דער אַרבעט — אַ פאַרטראַכטער, אַ שווייגנדיקער און אַ שטאָלצער. דוד קליטעניק, מיט די אייביק גוטע, לאַכעדיקע אויגן, איז געוווען אַ שטאָלצער פאָטער און ער האָט גוט פאַרשטאַנען זיינע קעמפערישע זין.

ישראליק בערנשטיין איז מיט אַ צייט שפּעטער נאָמינירט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון טאַרטאַק; אויך פיל גוטע, ווייסרוסישע יאָטן זיינען אויסגעוויילט געוואָרן אין דער אָרטיקער צייטווייליקער מאַכט.

עס זיינען געשאַפן געוואָרן אידישע שולן, ווייסרוסישע שולן. אויסגעצייכנט צווישן אַלע לערער האָט זיך אָשר פעלאַך פון פּינסק, אַ פּרעכטיקער מענטש און זעלטענער פּסיכאָלאָג. ער האָט געוואונען די קינדער און צוגעשמידט זיי צו זיך מיט זיין קלוגן צוגאַנג און זעלטענע פעאיקייטן פון אַריינדרינגען טיף אין די קינדערשע נשמות. די טעלעכאַנער יוגנט האָט פאַרגעטערט איר לערער, וועלכער האָט אַזוי פיל ליב געהאַט און אַ־זוי פיל געגעבן זיינע שילער. איז געוואַקסן אַ יוגנט אַ שטאָלצע, אַ שיינע און דערהויבענע.

ליידער האָט דער נחת און פרייד פון די טעלעכאַנער טאַטעס און מאַמעס לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ס׳האָט דאַן קיינער זיך ניט פאַרגעשטעלט אפילו אַז אַזעלכע בליענדיקע בלומען, ווי די טעלעכאַנער אידישע קינדערלעך און זייער ווירדיקער לערער, אָשר פעלאַך, מיט די אייביק פאַרחלומטע, שוואַרצע אויגן, וועלן אין אַ קורצער צייט אַרום אַזוי מוראדיק אומגעבראַכט ווערן...

## טעלעכאַן, אַ גאַסטפריינדלעכע שטעטעלע

נאָך קיינמאָל האָט טעלעכאַן אַזוי פיל אידישע, נייע פּנימער ניט געזען. אַזוי פיל שיינע יונגע פּרויען און מענער. דאָס זיינען געווען אַנטלאָפענע פון וואַרשע, פון לאָדזש, פון קאָטאָוויץ און פון נאָך פיל שטעט פון פּוילן, פאַרכאַפּטע דורך די היטלער־מערדער. טעלעכאַן איז געווען זייער באַרימט מיט איר גאַסט־פריינדלעכקייט און אַלע פּליטים האָבן עס אָפּגעשאַצט און ליב געהאַט דאָס שטעטל טעלעכאַן.

אַהרן גאָדינער האָט ניט קיין גרויסע צימערן, דאָך אין עס־צימער איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אַ בעט. עס שלאָפן דאָרט יוליעק, אַ שטילער און אידע־לער, אַ „בעזשענעץ" פון וואַרשע. עס פעלט אים גאַרניט און ער פילט זיך ווי אַן אייגענער אין שטוב. מ'טיילט זיך מיט אים מיטן ביסן, און אַהרן גאָדינער איז אַזוי מילד און גוט צו אים, נאָך מילדער ווי צו זיינע אייגענע קינדער. יוליעק איז צייטנווייז זייער פאַרטראַכט און אומעטיק. ער בענקט נאָך וואַרשע, נאָך זיינע עלטערן און שוועסטערלעך, וועלכע ער האָט פאַרלאָזט און וועמען עס דראָעט אַזאַ מוראדיקע געפאַר...

עס זיינען דאָ צווישן די אַנטלאָפענע זייער באַגאַבטע יונגען, נאָר זיי זיינען אַנטלאָפן פון דער היים מיט ליידיקע הענט. די טעלעכאַנער אידן, אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון אפרים קליטעניק, זאַמלען געלט און זאַכן פאַר זיי, און זיי ווערן באַזאָרגט מיט אַרבעט און אפילו מיט ווערקצייג. זייער פיל פון דער אינטעליגענץ אַרבעטן אַלס לערער, אַלס בוכהאַלטערס און אַנגעשטעלטע. פיל שניידער פון וואַרשע האָבן געשאַפן אַ געמיינזאַמען שניידעריי־וואַרשטאַט, און אפרים האָט זיי געגעבן זיין אייגענע ניי־מאַשין, אַ פּרעס־אייזן און אפילו אַ קאָלדרע. לאַנגע מאָנאַטן האָבן זיי געאַרבעט און פאַרדינט זייער גוט. די טעלעכאַנער האָבן מיט פאַרגעניגן אָפּט געהערט זייער פריילעכן געלעכטער און געזאַנג.

## מיר אַנטלויפן פון טויט...

בלויז אַ יאָר צייט מיט ניין מאָנאַטן האָט געדויערט אונדזער רואיק און זאָרגלאָז לעבן, אונדזער פרייד פון העלפן די עלנטע, אַנטלאָפענע פון וואַרשע, אונדזער סאַטיספאַקציע צו באַגעגענען זיך מיט אַזויפיל נייע, אומבאַקאַנטע, וועלכע זיינען אונדז אַזוי נאָענט געוואָרן. די טעלעכאַנער אידישע קינדער זיינען גע־וואַקסן, געלערנט זיך און געמאַכט גרויס פאַרשריט. אין פּאָלקס־קלוב פלעגן פאַרקומען טאַנץ־אָוונטן און זייער געלונגענע פאַרשטעלונגען. מיר האָבן זיך געלערנט נייע לידער, באַקאַנט זיך מיט נייע וועלטן. און מיטאַמאָל... אַלעס איז איבערגעריסן געוואָרן; די זון איז פאַרגאַנגען אַזוי אומגעריכט און אַ טיפע פינצטערניש האָט אַרומגענומען אונדזערע געמיטער...

...23טער יוני, 1941. אפרים איז ביי דער אַרבעט; ער האָט דיזשור און איך, ווי אַלע מאָל, וואַרט אים אָפּ מיט אומגעדולד. נאָר אפרים איז אויף דער וואַך און ער וועט אַהיים די נאַכט ניט קומען..

שוין דער צווייטער טאָג ווי די דייטשן זיינען אומגעריכט באַפאַלן דעם ראַטנ־פאַרבאַנד. זיי זיינען אַריבער דעם בוג און באַוואָרפן יעדע שטאָט מיט

באָמבעס. זיי גייען פאַראויס און זייען אומעטום טויט און פאַרניכטונג. אין שטעטל גייען אַרום קלאַנגען, אַז אונדזער מיליטער האַלט אין די פּאָזיציעס, אַז די מלחמה וועט לאַנג ניט דויערן. דאָך ווערן מאָביליזירט כמעט אַלע מענער און ס'דוכט זיך אַז די הילצערנע כאַטעס אונדזערע וויינען צוזאַמען מיט די פרויען און מאַמעס, וועלכע געזעגענען זיך מיט זייערע מענער און זייערע זין אויף זייערע אומבאַקאַנטע דראָענדיקע שוידער־וועגן...

אַ פינצטערע נאַכט. איך קוק אַרויס דורכן פענצטער און כ'זע העלישע פלאַמען, ווי פייערדיקע בליצן אין דער ריכטונג פון פינסק. עס הילכן מוראדיקע קנאַלן ווי דונערן אין אַ בייזן שטורעם... (דאָס איז אויפגעריסן געוואָרן די פינסקער בריק). און אָט אַ שטילער קלאַפּ אין טיר. מיין האַרץ ציטערט אויף פון אַ מאָדנעם פאָרגעפיל. ס'איז געקומען דער דירעקטאָר פון דער וויסרוסישער שול, קיזלשטיין. אַליין אַנטלאָפן פון וואַרשע און איבערגעלעבט אין טעלעכאַן אַ גרויסע טראַגעדיע. וויל ער שוין מער ניט לויפן. ס'פעלט אים כוח און מוט. נאָר אונדז ראַט ער וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן טעלעכאַן. ער האָט נאָר וואָס געזען ווי עס גרייטן זיך צום אַנטלויפן אַלע באַאַמטע צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס.

ביי קיזלשטיינען איז געשטאָרבן זיין קליינינקע, צאַרטע ווייבעלע. דאָס קינד וואָס זי האָט געבוירן האָט נאָך אַ געוויסע צייט געלעבט און נאָך דעם איז ער געבליבן אינגאַנצן אַליין...

איך לויף צו אפרימען אַן אָטעם און ס'איז מיר קוים געלונגען צו איבער־צייגן אים אַז ער מוז דאָס מאָל פאַרלאָזן די וואַך... אַז מיר מוזן זיך ראַטעווען און אַנטלויפן פון היטלערס פייער.

מיר לויפן צוזאַמען צו לייבלען, וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון פינסק צופוס. (ער איז דאָרטן געווען אויף אַ באַראַטונג און די מלחמה איז אים פאַרלאָפן דעם וועג...) איצט שלאָפט ער אַ מידער. מיר וועקן אים אויף און דערציילן וועגן די שרעקלעכע נייעס. דאַן קלייבן מיר זיך צוזאַמען אין וועג.

מיין פאָטער שלאָפט מיט אַ מידן, אומרואיקן שלאָף. נאָר עס שלאָפט ניט מיין שיינע, גוטע, נאָר זייער קראַנקע שוועסטערל, ביילע.

— טאַטע, שטיי אויף און קום מיט אונדז! ער הייבט אויף דעם מידן קאָפּ:
— וואָס פעלט דיר איין? וואוהין און צו וועמען וועלן מיר לויפן? — ער ווייזט מיט זיינע הענט, זיינע פעסטע נאָר אזוי פיל אויסגעהאָרעוועטע הענט: — זעסטו, מיט אָט־די דלאָניעס האָב איך דאָס אַלעס אַליין געבויט. מיין גאַנץ לעבן, מיין יעדער טראָפּן בלוט איז איינגעזאַפּט אין יעדן ציגל און אין יעדן ווינקל פון מיין הויז. איז ווי זאָל איך דאָס אַלעס איבערלאָזן און נעמען פּלוצלינג דעם וואַנדער־שטעקן אין די הענט ?...

מיין גוטער, הייליקער טאַטינקע! דער בעסטער און ערלעכסטער מענטש אין דער וועלט!... זיי זיינען אין אַזאַ קורצער צייט אַרום געקומען מיט ביקסן, די דייטשע באַנדיטן, און צוגענומען אים מיט מיין שטיפמאַמע איטקע, מיט איר יונגן אייניקל און מיין קראַנקע שוועסטערל ביילע, מיט אַ ביקס אין קאָפּ דער־לאַנגט אויף צו איילן איר וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן די שטוב... פאַראַן נאָך ביז היינט אַ לעבעדיקער עדות, וועלכער איז דאַן געזעסן ביי אונדז אין שטוב, מיין טאַטנס שותף פון דער אַרבעט, אַ ווייסרוס.

מיר געזעגענען זיך אין איילעניש און כ'פיל נאָך ביז היינט אויף מיין פּנים מיין טאַטנס טרער...

מיר וועקן זייער פאַרזיכטיק פון טיפן שלאָף אפרימס טאַטע־מאַמע, און זיין שוועסטער נעכע מיט דער פאַמיליע. אפרימס מאַמע, לאה, עפנט אויף די אויגן: — וואָס ווילסטו, אפרויקע, קעז מיט סמעטענע ? (זי האָט געוואוסט וואָס איר זון האָט ליב געהאַט). עס שטייט אין קיך אויפן טיש... — מאַמע, מיר מוזן זיך געזעגענען... אירע גוטע קורצזיכטיקע אויגן ווערן ברייטער. זיי צעגלאַנצן זיך מיט אַ שרעקלעכן אומרו: — געזעגענען זיך?... נאָך ווייניק האָב איך זיך אין מיין לעבן געזעגנט? נאָך ווייניק זיינען מיר שוין געווען צעשיידט, אַזוי טראַגיש צעשיידט ?...

אפרימס טאַטע, דוד, איז פאַרבליבן אויף אייביק אַ העלד. ער הויבט זיך רואיק אויף פון שלאָף, טוט זיך אָן אין איילעניש און ווענדט זיך צו אונדז אַלעמען: — קינדער! איר מוזט וואָס שנעלער אַפּציען פון דאַנען און איך וועל אייך אָפּ־פירן אַ שטיקל וועג מיט יאָסלס פערד. (יאָסל, אפרימס שוואָגער, נעכעס מאַן, איז געוואָרן מאָביליזירט.)

נאָך אַ טראַגישער געזעגענונג מיט אַלע אונדזערע נאָענטסטע, פאַרלאָזן מיר דאָס שטעטל אין איילעניש. אפרימס טאַטע, דוד, פירט אונדז אָפּ עטלעכע קילאָ־מעטער און דאַן — אַ בענקשאַפט און אומעט באַפאַלט אים נאָך לאהן:

— כ'וועל פאָרן איר מיטנעמען און מיר וועלן אַנטלויפן מיט אייך צוזאַמען, מיינע קינדער...

ער איז אַוועק און שוין מער ניט געקומען צוריק. לאַנג האָבן מיר געוואַרט אויפן וועג. ס'איז געווען געפערלעך יעדע מינוט צו בלייבן שטיין אינעם וואַלד, נאָר מיר האָבן געהאָפט, זיי וועלן קומען. איצט ווייסן מיר גאָרניט וואָס איז געשען מיט דודן. ס'קען זיין, אַז אויפן וועג האָבן אים שוין די דאָרטיקע פּויערים אומגעבראַכט... ס'זיינען געווען געננוג מערדער אויך צווישן די היגע פּויערים, וועלכע האָבן געלויערט אויף יעדן איד און מיטגעהאָלפן די דייטשישע מערדער...

דאַן לויפן מיר דורך פעלדער און וועלדער; אָן אָפּרו געיאָגט. וואו געטאָגט דאָרט ניט גענעכטיקט. מיר באַגעגענען אין וועג פיל טעלעכאַנער, וועלכע האָבן זיך ליידער אומגעקערט צוריק. ס'איז ניט געווען אַזוי לייכט צו לויפן אין „אומבאַוואוסטן לאַנד", אָן אַ שטיקל ברויט, אָן קיין שום אויסזיכטן... אין הימל הודזשען אָן אויפהער עראָפּלאַנען; זיי וואָרענען און שרעקן. יעדע ווילע פאַלט ערגעץ אַ באָמבע און ס'הילכט אָפּ דער ווידערקלאַנג פון זייער ווייט, ווי די ערד וואָלט געציטערט. אָט הערן מיר מיטאַמאָל איבער אונדזערע קעפּ אַ שיסעריי אינעם הימל. דאָס האָבן עטלעכע דייטשע עראָפּלאַנען באַשאָסן אַ שווערן, סאָ־וועטישן עראָפּלאַן. מיר זיינען שיער ניט פאַרטויבט געוואָרן פון די הילכיקע קנאַלן, און פאַר אונדזערע אויגן איז די מאַשין פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן סאוועטישן פליער... דאָס איז געווען דער ערשטער פייער וואָס מיר האָבן געזען דאַן פון אַזוי נאָענט.

טאָג־איין, טאָג־אויס — אַכט טעג אָן איבעררייס זיינען מיר געגאַנגען צופוס. ס'האָט די זון געברענט אונדז בייטאָג און פון קעלט האָבן מיר געשוידערט

ביינאַכט. וואוהין גיין ווייטער? מינסק ברענט, באַברויסק איז פאַרנומען, און אויף אַלע שאָסייען — דייטשע מעכאַניזירטע מיליטער־אָפּטיילונגען...

עפּעס אַ מעכטיקע קראַפט האָט אונדז געשטויסן צום לעבן. פאָראויס. מיר קומען אָן צו אַ שטעטעלע וואָס הייסט קאָפּשעוויטש. דאָרט איז נאָך געווען די אַרטיקע סאָוועטישע מאַכט. מיר זיינען שוין דאַן ניט געגאַנגען אַליין. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט מיין ברודער אָשר און פיל הארצוויטשער. די פאָרשטייער פון קאָפּצעוויטש נעמען אונדז אויף זייער מענטשלעך. זיי פירן אונדז אַוועק צו אַ מעדיציניש פונקט, וואו אַן אידעלע קראַנקן־שוועסטער פאַר־באַנדאַזשירט אונדז די צעבלוטיקטע און געשוואָלענע פיס. זיי גיבן אונדז עסן און טרינקען, און מיר פילן זיך ווי אין אַן אָאַזיס אויף אַ מדבר.

מיר שלאָפן איבער די נאַכט און פול מיט דאַנקבאַרקייט צו אונדזערע גאַסט־פריינדלעכע באַלעבאָטים לאָזן מיר זיך ווידער אין וועג.

און ווידער זיינען מיר ווי געיאָגטע חיות. ווידער צעקלאַפּטע, פאַרוואונ־דעטע פיס... נאָר באַמבעס און פּולעמיאָטן־שיסעריי באַגלייטן אונדז אויף אַלע אונדזערע וועגן און פאַרהילכן דעם ווייטאָג און פאַרטויבן די בענקשאַפט נאָך אונדזער היים און נאָך אונדזערע טייערסטע, וועלכע מיר האָבן פאַרלאָזן און וועגן וועלכע מיר האָבן נאָך דאַן קיין אַנונג ניט געהאַט, אַז זיי וועלן אַזוי מערדער־לעך אומגעבראַכט ווערן און אַריינגעשליידערט ווערן אין געמיינזאַמע קברים — שוין אויף אייביק... אויף אייביק . . .

**דינה גאָדינער**

---

אסתר גאָדינער מילער (לאָס אַנדזשעלעס)

## מיין ברודער שמואל

מיין ברודער שמואל ניסן גאָדינער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1893, אין דעם קליינעם שטעטל טעלעכאַן, מיסנסקער גובערניע. אונדזערע עלטערן זיינען געווען זייער פרום און אויך זייער אָרעם.

אין אונדזער משפחה איז געווען אָנגענומען, אַז דער נאָמען גאָדינער קומט פון „גאָט־דינער", וואָס ווייזט אויף פרומקייט און גאָט־פורכטיקייט. דער טאַטע אונדזערער, ישראל דוד, און דער זיידע, משה, וועלכער האָט געהאַלטן אין אַרענדע אַ שטיקל לאַנד אין דעם דאָרף וויאַדע, זיינען געווען זייער פרום. דער טאַטע איז געווען אַ גרויסער למדן. ער האָט געזאָלט ווערן אַ רב. געוואָרן איז ער אָבער אַ מלמד, וועלכער פלעגט פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט האָרעווען כדי אַריינצוקלאַפּן וואָס מער תורה אין די קעפּלעך פון זיינע תלמידים. ער האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר תלמידי חכמים, אָבער צו רבנים האָט ער געהאַט אַ ווידערווילן. אפשר האָט זיך עס גענומען פון דעם, וואָס דער רב פון אונדזער שטעטל האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין גטן מיין טאַטן מיט זיין ערשטער פרוי. איך האָב אים איינמאָל געהערט דערציילן: „איך האָב זיך ביי זיי געבעטן, צעטיילט ניט אַ גוף מיט אַ נשמה!" אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. דער רב האָט געפּסקנט, אַז וויבאַלד די פרוי איז אַן עקרה, מוז ער זיך מיט איר גטן.

דער טאַטע האָט שפּעטער חתונה געהאַט אַ צווייטן מאָל מיט אַ פרוי פון פּינסק, וועלכע איז געווען גאָר אַן אַנדער סאָרט מענטש. אונדזער מוטער, פראַדל, האָט געשטאַמט פון ניט אָרעמע עלטערן און פאַרמאָגט, לויט יענער צייט, אַ היפּש ביסל וועלטלעכע בילדונג און אויך געקענט שפּראַכן. זי איז געווען אַן ענערגישע און פעסט־געבויטע פרוי. מיידלווייז איז זי געגאַנגען אַרבעטן, ניט מחמת נויט, נאָר כּדי צו ווייזן, אַז פרויען קענען אַרבעטן אַזוי גוט ווי מענער און אַרבעטן איז ניט קיין חרפּה.

אַרויסקומענדיק פון עלטערן מיט אַזעלכע פאַרשידענע כאַראַקטערן און פעאיקייטן, האָט מיין ברודער שמואל ניסן נאָך אין זיין פריסטער יוגנט אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם טאַטנס אָפּשיי פאַר תורה און טראַדיציע, און דער מאַמעס נייגונג צו וועלטלעכער בילדונג, איר ענערגיע און פּראַקטישע חכמה.

שמואל איז געווען דאָס פערטע און לעצטע קינד ביי אונדזערע עלטערן.

ווען ער איז געבוירן געוואָרן, איז דער עלטסטער, אַהרן, שוין געווען אַ יינגל פון צוועלף יאָר. די אַנדערע קינדער זיינען געווען מיידלעך: חנה און אסתר, די שרייבערין פון די שורות. מחמת דער גרויסער אָרעמקייט וואָס עס האָט געהערשט אין דער היים, איז יעדער איינער געוואָרן אַ שטיקל בעל־פּרנסה. דער געדאַנק איז געווען: אויב ניט פאַרדינען קיין געלט, איז כאָטש פּטור ווערן פון אַן עסער... דער עלטערער, אַהרן, איז אַריין אין דער פּינסקער „רעמעסליענע שקאָלע" און געגעסן טעג ביי קרובים... אויך די מיידלעך האָבן געקראָגן ערטער אויף דריי יאָר אומזיסט און צען רובל פאַרן פערטן יאָר... דער גרעסטער בעל־פּרנסה איז אָבער געוואָרן שמואל ניסן ווען ער איז אַלט געווען — איין וואָך.

עס האָט פּאַסירט, אַז אַ פרוי איז געשטאָרבן אין קימפּעט און דער מאַן אירער, אַ פאַרמעגלעכער קרעמער, האָט איבערגעגעבן דאָס יתומל צו אונדזער מוטער, וועלכע האָט זיך אונטערגענומען צו זויגן צוויי קינדער אויף איין מאָל. דער קרעמער האָט שוין אַכטונג געגעבן, אַז די מאַמע זאָל קריגן גענוג וואַרעמע מילך פון אונטער דער קו, צוקער, פלוימען, ראָזשינקעס, מאַנדלען — זאַכן, וואָס מיר האָבן ביז דעמאָלט קיינמאָל ניט אָנגעקוקט. די מאַמע פלעגט אָבער זיך באַנוגענען מיט אַביסל קאַשע און קרופּניק און די גוטע זאַכן צעטיילן צווישן אונדז קינדער. מיר האָבן געגעסן, זיך פּאַסמאַקעוועט און ליב באַקומען דאָס יתומל און נאָך מער — אונדזער קליין ברודערל, דעם גרויסן פּרנסה־געבער.

ווען שמואל ניסן איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר האָט אים דער טאַטע איבערגעגעבן אונטער זיין השגחה. „צייט אינגעלע צו ווערן אַ איד", האָט ער געזאָגט און אַ קניפּ געטאָן אים אין בעקל. עס הויבט זיך אָן אַ סדרה פון לייענען און שרייבן אידיש און העברעאיש, לערנען חומש מיט רש"י, תנ"ך און שפּעטער אויך גמרא. שמואל האָט אַ גוט קעפּל און כאַפּט עס אַלץ אויף פלינק. טאַטע־מאַמע פרייען זיך. דער טאַטע רעדט וועגן אַ זון אַ ישיבה־בחור, אַ תלמיד־חכם. די מאַמע זאָגט אָבער אַז אַ דאָקטאָר איז בעסער... און וואָס טוט שמואל ניסן אַליין?

אויסער דער גמרא כאַפּט ער אַ קוק אין די בראַשורקעלעך, וואָס זיין עלטערע שוועסטער קריגט פון די „שוועסטער און ברידער."

עס דערמאָנט זיך מיר, ווי איינמאָל אין אַ שבת בייטאָג זיצט דער טאַטע מיט שמואלן, פאַרטיפט אין אַ פּרק משניות. עס קומט אַריין דער זיידע משה.

צום אָנהויב שיינט אויף זיין פּנים פון נחת, אָבער באַלד ווערט זיין פּנים פאַר־וואָלקנט. דער זיידע האָט באַמערקט אין זיין אייניקלס הענט עפּעס אַ ביכעלע. ער ציט זיין זונס אויפמערקזאַמקייט. דער טאַטע וויל אַרויסשלעפּן דעם „טריף־פּסול" פון שמואלס הענט און צעררייסט ניט ווילנדיק אַ בלעטל. עס ווערט אַ טומל: ס'טייטש, חילול שבת! אַ „טריף־פּסול"! שמואל קריגט דעם ריכטיקן פּאַטש אין באַק און אַ באַפעל ער זאָל אויסזאָגן וואו ער האָט עס גענומען. שמואל שוויגט. ער איז גרייט צו קריגן נאָך פּעטש, אָבער אויסזאָגן — דאָס ניט.

נאָר מער קיין פּעטש האָט ער ניט געקראָגן. די מאַמע מיט אסתרן זיינען אַריינגעלאָפן פון אַלקער און די מאַמע האָט זיך אָנגענומען פאַר איר מוזינעק. זי האָט אים אַרומגענומען און געשריגן אויף דיביידע מענער: „וואָס האָט איר צום קינד? פאַרוואָס פאַרצאַפּט איר אים בלוט!" דער זיידע האָט אין כעס באַלד פאַרלאָזט דאָס הויז, מורמלענדיק: „אשה רעה". דער טאַטע האָט זיך אויך צוריק־געצויגן, אָבער פאַרגעסן די פּאַסירונג האָט ער ניט.

זונטיק אינדערפרי איז מיין פאָטער אַוועק צו אברהם איטשע „מפליא לעשות" (מאַפּלי־לאַיסויס — אַ נאָמען וואָס ער האָט געקראָגן מחמת זיין שוואַכן בלאָדער און זיין אָפטן זאָגן „אשר יצר"). אברהם איטשע האָט אויך געהאַט אַ טאָכטער, וואָס האָט געהערט צו די „שוועסטער און ברידער." די ביידע טאַטעס האָבן זיך לאַנג געישובט, וואָס צו טאָן מיט די קינדער, וואָס גייען אַראָפּ פון דרך הישר, לייענען „טריף־פּסולען" און זיינען מחלל שבת. איז עס ביי זיי געבליבן, אַז די בעסטע זאַך איז צו גרינדן אַ חברה שומרי שבת. די חברה וועט שוין אויפּפּאַסן, אַז די קראָמען זאָלן זיין צוגעמאַכט אין צייט און יונגוואַרג זאָל ניט מחלל שבת זיין.

אָבער אויך שמואל ניסן איז ניט געזעסן ליידיק. ער איז אַוועק צו זיין בעסטן חבר, מאָניע בייעזעס, אַ קלוג און ענערגיש אינגל. נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת האָבן זיי באַשטימט צו גרינדן אַ חברה „קליינער בונד". אַזוי זיינען אין טעלעכאַן אויפגעקומען צוויי אָרגאַניזאַציעס פונם אַלטן און יונגן דור.

אין גיכן האָט מען אין שטעטל דערפילט די מאַכט פון די ביידע אָרגאַני־זאַציעס. די יונגע בחורים און מיידלעך האָבן דערפילט דאָס שפּיאָנירן פון זייערע עלטערן. די באַלעבאַטים פון די „מאַסטערסקאַיעס" (וואַרשטאַטן) האָבן דער־פילט די אַרבעט פון די 12־13 יאָריקע חברה־לייט פון „קליינעם בונד"! ניט נאָר האָט דער „קליינער בונד" געקלעפּט פּראָקלאַמאַציעס און גערופן די אַרבעטער ניט צו לאָזן זיך פאַרשקלאַפן, נאָר, אַז מען האָט געדאַרפט, האָט דער „קליינער בונד" פאַרנומען זיך אויך מיט ברעכן שויבן. געדאַרפט האָט מען די אַרבעט יעדן ערב יום־טוב אָדער אַ גויאישער חגא, ווען די באַלעבאַטים פלעגן צווינגען די אַרבעטער צו שקלאַפן מער ווי די צען שעה אַ טאָג.

שמואלן איז אַלץ ענגער געוואָרן אין שטוב און אין שטעטל. אויך איך, אסתר, האָב זיך אַרומגעקוקט, אַז מיט די צען רובל אַ יאָר, וואָס איך האָב גע־קראָגן נאָך די דריי יאָר אַרבעטן אומזיסט, קען מען זיך נאָך ניט שיכן און קליידן. עס איז אַרויף דער געדאַנק אַוועקצופאָרן צום עלטערן ברודער קיין וואַרשע. די עלטערע שוועסטער, חנה, איז שוין געווען אין אַמעריקע. חנה הייסט איצט אַנאַ (גאָדינער) גארקער.

אין וואַרשע איז שמואל געוואָרן אַן אייזן־אַרבעטער און געפילט זיך שטאָלץ דערמיט. זיין פרייע צייט האָט ער אָפּגעגעבן אויף לייענען און לערנען. די רוסישע און דייטשישע שפּראַכן האָט ער זיך געהאָט אויסגעלערנט פון זעלבסט לערע־ביכער. אים איז געווען גוט אין דער גרויסער שטאָט. נאָך בעסער איז אים געוואָרן שפּעטער, ווען דער טאַטע לאָזט זיך איבעררײדן און קומט צוזאַמען מיט דער מאַמען צו די קינדער אין וואַרשע.

וואַרשע האָט דאַן דורכגעמאַכט די שווערע צייט וואָס איז געקומען נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1905. דער 16־יאָריקער שמואל האָט דערשפּירט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט: פון איין זייט די גאַט זוכעריי, מיט וועלכער עס האָבן זיך פאַרנומען אַ סך אַנטוישטע אינטעליגענטן, און פון דער צווייטער זייט — די הפקרדיקייט און די שונד פון דעם אידישן טעאַטער און פון דער פּרעסע. שמואל איז געוואָרן אומרואיק. ער האָט געפילט, אַז עפּעס דאַרף געטאָן ווערן. דערווייל פלעגט ער אָפּט אַריינזיצן אין שפּעטע שעהען און שרייבן. אָפּטמאָל פלעגט ער וועגן דעם ריידן מיט מיר, זיין עלטערער שוועסטער. איינמאָל האָט ער זיך פאַר מיר פאַרטרויט, אַז ער האָט עפּעס אָנגעשריבן און וויל עס ווייזן י. ל. פּרצן. דערביי פאַרענטפערט ער זיך, אַז ער וויל זען פּרצן און אים פרעגן, פאַרוואָס אונדזערע גדולי הדור טוען אַזוי וויניק פאַר דער אידישער יוגנט.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז שוין שמואל פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן יונגע בחורים און מיידלעך אין אַ אידישן קולטור־פאַראיין צו העלפן פּרצן אין זיין קאַמף פאַר אַ בעסער טעאַטער און בעסערער פּרעסע. עס קומט פאַר אַ לעקציע אין דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע און פּרץ שטורעמט אויף דעם עולם מיט זיין רוף: „גייט ניט אין אידישן טעאַטער און לייענט ניט די שונד־בלעטער!"

פּרץ זעצט אַריין אין דער יוגנט אַ נייע נשמה. שמואל פאַרגעטערט אים. ער נעמט זיך נאָך מיט מער אימפּעט צום שרייבן. זיינע אָנגעשריבענע זאַכן ברענגט ער צו פּרצן און קומט אַהיים אַ צופרידענער, אַ לויכטנדיקער: „פּרץ האָט געלייענט מיינע זאַכן און געדייסן מיר שרייבן... אַ שאָד וואָס ער באַטראַכט מיך נאָך פאַר אַ קינד," האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט. איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז נאָך דעם ווי פּרץ האָט איבערגעלייענט שמואלס אַ קריטיק אויף הלל צייטלינס אַ לעקציע וועגן גאָט־זוכעריי, האָט ער אים געזאָגט: „ביסט נאָך צו יונג צו שרייבן וועגן אַזעלכע זאַכן!"

* * *

אין 1913 זאָגט מיין ברודער שמואל פאַראויס אין אַ בריוו צו זיינע שוועסטער אין אַמעריקע, אַז אַ גרויסע וועלט־מלחמה קלייבט זיך אויף אונדז. אין 1914 איז ער שוין אַליין אין די טרענטשעס (טראַנשייען). ער מאַכט דורך אַלע צרות פון אַ סאָלדאַט אין דער צאַרישער אַרמיי. עס קומט אים אויס איין מאָל צו ליגן אַ שווער־קראַנקער גאַנצע טעג אין אָפענעם פעלד. ער ווערט געזונט און שליסט זיך אָן שפּעטער אין דער רויטער אַרמיי. אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע קעמפן זיי קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אינטערווענציע.

אין יאָר 1921 קומט ער קיין מאָסקווע, וואו די יונגע סאָוועטישע מאַכט שיקט אים שטודירן אין הויך־שול אויף איר חשבון. ער לערנט געשמאַק און שרייבט אַ סך, מערסטנס וועגן בירגער־קריג און אינטערווענציע. ער מאָלט

בילדער און טוט זיי אַריין אין געהעריקע ראַמען און עס באַקומט זיך, ווי ער וואָלט געזאָגט צו דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט: „אָט האָט איר עס, נאָט אײַך און שעמט זיך, אויב איר האָט נאָך אַ געוויסן!" עס הויבן זיך אָן זײַנע פּרוכט־באַרע יאָרן, וואָס האַלטן אָן גאַנצע צוואַנציק יאָר, ביז 1941. אַ חוץ זײַן שטענ־דיקער מיטאַרבעטערשאַפט אין מאָסקווער „עמעס", האָט ער אָנגעשריבן פּיל ביכער, צווישן זיי: „דזשים קופּערקאָפּ", „פיגורן אויפן ראַנד", „טאָג אַנטקעגן" און אַנדערע. צום ליבסטן איז אים געווען זײַן ווערק: „דער מענטש מיט דער ביקס."

שמואל ניסן גאָדינער האָט פּיל צוגעטראָגן צום אויפבוי פון ביראָ־בידזשאַן. די מאַכט האָט אים געשיקט צוויי מאָל אַ יאָר אַהין צו העלפן איינשטעלן דאָרטן יידישע קינדער־שולן, ביבליאָטעקן און בכלל אויסברייטערן די יידישע קולטור־אַרבעט. אין דער דאָזיקער אַרבעט איז ער געווען אַריינגעטאָן מיט זײַן גאַנצער נשמה. ער איז געוואָרן שטאָלצער מיט דער סאָוועטישער מאַכט, וואָס האָט געזוכט צוריקגעבן די אידן זייער נאַציאָנאַלע זעלבסט־ווירדע. פאַר דער דאָזי־קער מאַכט איז ער געווען גרייט צו לעבן און צו שאַפן, גרייט צו שטאַרבן.

זומער 1941 ענדיקן זיך שמואל גאָדינערס ליטעראַרישע טעטיקייטן...

ס'איז ניט קיין צייט פאַר ווערטער... ס'איז ניט קיין צייט פאַר שיינער ליטעראַטור... דער שונא וועט עס ניט פאַרשטיין. אַ באַיאָנעט, אַ שפּיז — אָט דאָס וועט דער פאַרשאָלטענער אַריינדרינגער יאָ פאַרשטיין. ש. גאָדינער שרייבט אין אויגוסט 1941, אין זײַן לעצטן בריוול צו זײַנע שוועסטער, חנה און אסתר, אין אַמעריקע: „איך נעם מיין זון וואצלאוו — ער, אין דער רויטער אַרמיי, איך — מיט די פּאַרטיזאַנער... איך האָף אַז איר זייט ניט קיין זייטיקע צוקוקער, נאָר אַקטיוויסטן אין דעם קאַמף קעגן דעם ביטערן שונא. געדענקט מיין פרוי און מיינע צוויי מיידלעך!"

דער 48 יאָריקער ש. גאָדינער מאַכט דורך אַ גאַנץ יאָר אין די שווערע אונטערערדישע באַדינגונגען פון פּאַרטיזאַנען לעבן. זײַן מוט און זײַן גלויבן אין סאָוועטישן נצחון ווערט שטאַרקער.

זומער 1942 קומט ער צוריק קיין מאָסקווע אַ קוק צו טאָן נאָך אַמאָל אויף זײַן פרוי און צוויי טעכטער. די רעגירונג רעדט אָפּ עלטערע בירגער פון גיין אויפן פראָנט, אָבער ש. גאָדינער וויל אין מאָסקווע ניט פאַרבלייבן. אַ ברענענ־דיקער באַגער צו נעמען נקמה פון די פאַשיסטישע אַריינדרינגער לאָזט אים ניט איינזיצן אויף איין אָרט. ער לאָזט זיך ווידער אַוועק אין די הינטערשטע ליניעס צו די פּאַרטיזאַנער, פון וואַנען ער קומט שוין מער קיינמאָל ניט צוריק.

* * *

עס לאָזט זיך מער גאָרניט זאָגן...

אַ שיינער, נוצלעכער מענטש איז געווען ש. גאָדינער. ניט דער איינציקער שיינער נוצלעכער מענטש, וואָס דער פאַשיזם האָט אַוועקגעריסן פון אונדז. „ניט איצט קיין צייט פאַר ווערטער!" — האָט גאָדינער געזאָגט. לאָמיר דאָס געדענקען און לאָמיר זיך צואיילן מיט אונדזער קאַמף קעגן פאַשיזם אויך דאָ אין אַמעריקע. נאָר מיט באַטייליקן זיך אין דעם דאָזיקן קאַמף וועלן מיר אָפּ־צאָלן דעם גרויסן חוב, וואָס מיר זײַנען שולדיק אונדזערע מיליאָנען קרבנות און אויך די קומענדיקע דורות.

מינע באַראָן

חיפה, ישראל, י״ב באָב, תשי״ט

# דאָס לעבן און שאַפן פון טעלעכאַנער יוגנט

דאָס צענטע יאָר ווי די ארץ־ישראלדיקע טעלעכאַנער צינדן אָן אַ ליכט צום אָנדענק פון זייערע הייליקע אומגעקומענע שטעטלדיקע. דאָס איז דאָס צענטע ליכט וואָס ווערט אָנגעצונדן אין תל־אביב, דעם 12טן טאָג אין אב, צו ערן זייער הייליקן אָנדענק... זיבעצן יאָר אַוועק און די וואונד איז נאָך אַלץ פריש און אָפן, און וועט ניט פאַרהיילט ווערן אַזוי לאַנג ווי דער לעצטער היטלעריסטישער באַנדיט וועט אָטעמען פריי אויף דער וועלט.

דאָס שטעטל איז מיט ווילד גראָז באַוואַקסן. עס ווײנט...

גרויסע שטעט אין פוילן האָבן זיך ביסלעכווייז אויפגעריכט, ביסלעכווייז פאַרווישט דעם חורבן; טעלעכאַן טראָגט אויף זיך די אַלטע היטלעריסטישע וואונדן וואָס זיי האָבן נאָך זיך געלאָזט... טויט און פאַרוויסטונג...

אַ בליענדע שטאָט איז טעלעכאַן געווען מיט אַ גייסטרייכער קעמפערישער יוגנט, וואָס האָט איר קאַמפס־גייסט געשעפּט פון די ערשטע קעמפער אירע — פון די „שוועסטער און ברידער" פון פאַרן ערשטן וועלט־קריג. די שוועסטער און ברידער האָבן העראָאיש געקעמפט קעגן זייערע אויסנוצער. און אונדזער יוגנט, די נאָכן ערשטן וועלט־קריג, זיינען אין זייערע וועגן געגאַנגען.

ווען אונדזערע עלטערן זיינען נאָכן ערשטן וועלט־קריג צוריק אַהיים געקומען אין דעם רואינירטן טעלעכאַן, זיינען מיר נאָך דאַן קליינע קינדער געווען. אונדזערע עלטערן שמאַכטן און זוכן פּרנסה, קעמפן און מאַטערן זיך זייער ברויט צו געפינען, דאָך האָבן זיי דאָס גייסטיקע שיינע לעבן געלעבט. יעדערער האָט געשטרעבט צו געפינען שפּייז פאַר זיין גייסטיקן לעבן. עס זיינען געווען צווישן זיי ציוניסטן, חסידים און מתנגדים, און דער עיקר, אַז אַלע זיינען נישט אַרונטער־געפאַלן אונטערן שווערן יאָך פון לעבן. אַלע האָבן ליב געהאַט דאָס געדרוקטע וואָרט; יעדערער האָט מיט דורשט אַריינגעקוקט אין אַ ספר. מ'האָט געהיט אידישע טראַדיציעס און די אידישע ימים טובים זיינען אָפּגעהיט געוואָרן: פּסח, שבועות, שמחת תורה און חנוכה האָבן מיר קינדער זיך אַקטיוו משתתף געווען אין זיי און מיט הנאה מיטגעפייערט צוזאַמען מיט די עלטערן. אָבער אָט־די אידיליע האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן; מיר קינדער זיינען אויסגעוואַקסן און די וועגן זיינען זיך צעגאַנגען; יעדעס קינד איז אין זיין וועג אַוועק, לויט זיינע אייגנשאַפטן האָט עס דעם וועג געזוכט.

עס איז אויסגעוואַקסן אַ שיינע, פריילעכע יוגנט. זי האָט געשטרעבט צו אַרבעטן און זיין פליייסיק, אַזוי אַז די אַרבעט איז געווען אין איר האַנט און די אידייען אין קאָפּ. אַרבעטן איז געווען דער ציל. זיי האָבן נישט געוואָלט זיין קיין לופט־מענטשן מיט לופט־פּרנסות. יעדערער האָט אַ פאַך געלערנט. די הויפּט־פאַכן אין טעלעכאַן זיינען געווען: שניידעריי, שוסטעריי, סטאָלעריי; אויך דאָ און דאָרט אַ שמיד.

די יוגנט איז צעטיילט געוואָרן אין פּאַרטייען. מען האָט זיך אַביסל אידייאיש אַרומגעריסן, אָבער עס זיינען אויך געווען געמיינזאַמע אַקציעס. נאָר איין פּלאַץ איז געווען, וואָס דאָרט זיינען זיי געווען איין שטיק, און דאָס איז געווען אין דער שיינער בליענדער געסעלע. דאָרט האָבן זיי ליב געהאַט צו שפּאַצירן אַלע צוזאַמען און פון דאָרט האָבן זיך די געזעגנגען געטראָגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. און אַ מנהג האָט געהאַט דאָס גאַנצע שטעטל, אַלט און יונג — מקבל פּנים זיין דעם „פּאַראַכאָד", וואָס פלעגט קומען פון פּינסק אין אָוונט. און האָט ער זיך אַמאָל פאַרשפּעטיקט, פלעגן די מענטשן וואַרטן אויף אים ביז האַלבע נאַכט אפילו. עס איז זיי פאָרגעקומען אַז עס פעלט זיי עפּעס, אויב זיי הערן נישט דעם פייף פון פּאַראַכאָד, און אויב זיי זעען נישט ווי דאָס וואַסער אין שלוז הייבט אים אויף אַריינגייענדיק אין שטעטל און נאָכדעם ווי דאָס וואַסער פון שלוז ווערט אַלץ נידעריקער און נידעריקער. און אויף מאָרגן, אויב עמיצער האָט געגעגנעצט, האָט מען געזאָגט: „אָ, נעכטן איז דאָך דער פּאַראַכאָד שפּעט געקומען."

אָט אַזוי פלעגט זיך די באַגעגעניש מיטן פּאַראַכאָד ציען אַ גאַנץ זומער ביז דער קאַנאַל פלעגט פאַרפרוירן ווערן. און אַז ער פלעגט פאַרפרוירן ווערן, פלעגט אויך דער פאַרפרוירענער קאַנאַל אַ סך פרייד ברענגען. שבת אינדערפרי פלעגט זיך די יוגנט אַרויסלאָזן אויפן פאַרפרוירענעם קאַנאַל שפּאַצירן ביז דער וואָלקער אַזיערע. די יוגנט פלעגט זיך גליטשן און די עלטערן פלעגן זיך וואַרע־מען אַביסל אין דער ווינטער־זון און פלעגן אויך גרויס הנאה האָבן פון די יונגע געלעכטערן ביים לויפן און פאַלן אויפן גליטש.

אָט אַזוי איז פריילעך געווען אין מיין שטעטעלע זומער און ווינטער. די פריילעכקייט האָט פאַרשטייט זיך געשאַפן די דינאַמישע יוגנט, זיי האָבן ליב געהאַט דאָס לעבן און געשטרעבט צו אַ נוצלעך לעבן. זיי זיינען געווען תכלית־דיקע מענטשן. דער תכלית איז געווען זייער הויפּט־פּרינציפּ. און אַ דאַנק אָט דעם פּרינציפּ האָט יעדער געשטרעבט אַ פאַך צו לערנען און אפילו זיך אויס־צייכענען זיך ביי דער אַרבעט, בכדי אַ דאַנק דער גוטער אַרבעט, קענען זיך שטענ־דיק אַן עקזיסטענץ שאַפן. דער „חפץ" וואָס איז פון זייערע הענט אַרויס, איז געווען מיט ליבע אָנגעזאַפּט. די רעכטע האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן ליב האָבן די אַרבעט אין גלות, וועלן זיי זי קענען ליב האָבן אין זייער מולדת, ארץ־ישראל. די לינקע האָבן ציטירט די ווערטער פון לענין: ווען ליב האָבן די אַרבעט איצט ווען אויך איר ליב האָבן אין אונדזער פּראָלעטאַרישער מלוכה.

איז אַ דאַנק אָט־די הייליקע צילן איז אונדזער יוגנט טיכטיק און פריילעך געווען און די עלטערן זיינען שטאָלץ געווען פון זייערע זין און טעכטער.

איידער כ'הייב אָן צו דערציילן וועגן די פּאַרטייען אין וועלכע די יוגנט איז זיך צעגאַנגען, וויל איך פאַראייביקן מיט אַ פּאָר ווערטער מיינע עלטערן ז"ל; אונדזער גוטן שכן, ישראל משיח, מיט זיין ווייב; מיין חברה רבקה ביינישעס און מיין לערער חיים ישעיהו ז"ל.

## מיין מאַמע, מלכה ראובנס!

די שיינע, הויכע פּערזאָן, ווי האָב איך פאַר איר ווערטער, ווען די האָנט ציטערט און דאָס האַרץ קלאַפּט אָן אויפהער ? !

ווען די מידקייט פון גאַנצן שווערן טאָג אַרבעט פלעגט אַוועק פון איר און דער נאַאיווער מילדער שמייכל פלעגט שוועבן אויף איר שיינעם פנים, און אַז עס פלעגט רוען אויף איר די גוטע שטימונג, פלעגט זי אונדז קינדער צונויפנעמען אין „סטאָלאָווע" אַרום גרויסן עס־טיש און פלעגט אונדז דערציילן שיינע קינדער־מעשהלעך, מיט איר שיינער רייכער שפּראַך פלעגט זי אונדז פאַרכישופן און רייצן אונדזער קינדערשע פאַנטאַזיע. און ווען מיר זיינען גרעסערע געוואָרן, פלעגט זי אונדז דערציילן פון מלחמות און רעוואָלוציעס און פלעגט פאַרענדיקן מיט געזאַנג און דער פראַנצויזישער מאַרסעליעזע. אין דעם הימנון האָט זי איר שטורמישן כאַראַקטער אויסגעדריקט און אין די קינדער־מעשהלעך האָט זי איר רייכע פאַנטאַזיע געוועבט, און צוזאַמען מיט דעם איז זי געווען אַן ערדישער טיפּ און אין אונדז אַריינגעדרונגען דעם געדאַנק, אַז אַ מענטש טאָר נישט פיל וואַנדערן ווייל די וואַנדערונג פאַרניכטעט דעם מענטשנס פּראַצע. איר לאָזונג איז געווען: „אויף איין פּלאַץ וואַקסט אפילו אַ שטיין."

אָ, ליבע מאַמע! ווער קען דעם גרויסן ווייטאָג אויסדריקן?!

אַ טויט דעם הענקער! און דיר דעם אייביקן הייליקן אָנדענק פון דיינע קינדער און פון אַלע פרייהייטס־דענקער!!

## מיין טאַטע, ראובן גורשטעל!

דער אַרבעטס־מענטש, דער התלהבותדיקער חסיד, דער טעטיקער ציוניסט, וועלכער האָט מיט אומענדלעכער בענקשאַפט און געטריישאַפט געאַרבעט פאַר זיין געדאַנק. זיין קליינער ייִנגל, מאָטיע, האָט אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן: „טאַטע, פאַרוואָס האָבן אַלע פעלקער אַ לאַנד, נאָר די אידן נישט?"

ביטער האָט ער געוויינט הערנדיק די פראַגע. ווי ווייט איך בין דאַן געווען פון דיין געדאַנק, טאַטע! אָבער אין טאָג ווען מ'האָט פּראָקלאַמירט אונדזער זעלבסטשטענדיקע ישראל און איך בין מיט מיין קליינעם זון, ראובן, געשטאַנען אויפן פלאַץ אַרום שטאָט־ראַט און די ישראל־פאָן האָט זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער, און מיט שטאָלץ געפלאַטערט און אָנגעזאָגט אונדזער באַפרייאונג, און די מענטשן זיינען מיט געהויבענע קעפּ געשטאַנען און די טרערן האָבן זיך געגאָסן פאַר פרייד. ערשט דאַן בלויז האָב איך דעם ריכטיקן זין פון יענע טרערן פאַרשטאַנען, און עס האָט מיר וויי־געטאָן, וואָס האָסט נישט דערלעבט צו זען די פאַרווירקלעכונג פון דיין לאַנג־יאָריקן טרוים.

מיט דעם בויען דאָס לאַנד וועלן מיר דיין אָנדענק באַערן.

זיי געערט, טאַטע! מקודש ומבורך יהא זכרך!!

## „ישראל משיח" און זיין ווייב, שרה משיח'ס

די בעסטע שכנים אונדזערע.

ישראל שוואַרצבערג, דער הויכער איד מיט די צווי נאַאיווע, לאַכנדיקע אויגן און דער פלינקער אויוון־בויער. זיינע אויוונס פלעגט ער פלעכטן מיט דער גרעסטער שנעלקייט, ווי מען פלעכט אַ קוילעטש אויף שבת. אָט ערשט האָט ער דעם יסוד געשאַפן און שוין איז פעסט און גלייך דער קוימען אויפן דאַך

געשטאַנען. און ווען ישראל פלעגט אַזוי שטיין און קוקן מיט הנאה אויף זיין אַרבעט, איז פאַרגעקומען, אַז נישט וועגן שכר צו באַקומען האָט ער זיין מלאכה געמאַכט, נאָר אויס בלויזער הנאה האָט ער עס געשאַפן.

„משיח" האָט אים דאָס שטעטל גערופן און די אידן פלעגן ליב האָבן קומען צו אים אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן, זיצן אַרום טיש און זיך אָנגיסן הייסן, קאָכעדיקן טיי, אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז, פון סאַמאָוואַר, וואָס איז אין מיטן טיש גע־שטאַנען. זיי פלעגן מיט הנאה טרינקען און פלעגן דערציילן געשיכטעס וואָס זיינען געווען און געשיכטעס וואָס וועלן נאָך פאַרקומען.

„שרה משיח", אַ הויכע פרוי, אַ גלייכע ווי „משיח" איר מאַן. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעקוקט וואַרעמקייט און גוטסקייט. זי פלעגט צו יעדן צורוקן די „פּריקוסקע" און מיט אַ שמייכל זיך צוהערן צו זייערע שמועסן, און אַז עס איז עפּעס נישט פאַרשטענדלעך געווען, פלעגט זי אויף מאָרגן קומען צו דער מאַמען און זיי פלעגן צוזאַמען באַהאַנדלען די פראַגע.

זייער וואַרעמע הויז איז נישט צו פאַרגעסן קיינמאָל! זאָל זייער אנדענק זיין אויסגעקריצט אויף אונדזערע הערצער!

## די עלטערן פון מיין חברטע רבקה ביינישעס

דאָס איז געווען אַ שטילע, רואיקע פאַמיליע. געוואוינט האָבן זיי אין עק שטעטל אויפן וועג צו שוועטנטאָוואָליע. די מאַמע, אַן ערלעכע, טייערע פרוי; דער טאַטע — אַ האָרעפאַשנער מענטש. ווען זייערע פינף זין און דריי טעכטער פלעגן די גאַס דורכגיין, האָט די ערד געציטערט אונטער זיי. זיי זיינען געווען די פאַרקערפערונג פון געזונטקייט און שיינקייט.

רבקה, מיין חברה! דער סימבאָל פון פלייסיקייט. ביינאַכט פלעגט זי אין טאַרטאַק אַרבעטן און בייטאָג פלעגט זי דער מאַמען אין שטוב העלפן, זומער אין פעלד, און ווינטער האָבן אירע פינגער געוועבט. שטענדיק איז זי געלאָפן העלפן אַ פריינד און אַ קליינעם ברודער.

רבקה, רבקה! דיין אָנדענק בלייבט מיר אייביק הייליק!

## ואַחרון אַחרון חביב: חיים ישעיה שניידמאַן ז"ל

מיין לערער, וועלכער האָט מיר דעם ערשטן אות געלערנט. דאָ מוז איך מיט אַ פּאָר ווערטער ווידמען די זכרונות פון מיין קינדהייט, פון אונדזער אַלעמענס אָרעמער קינדהייט.

קומענדיק צוריק פון קריג אין דעם צערואינירטן שטעטעלע האָט דאַן חיים ישעיה געוואוינט אין הוטער טייל און מיר אין שטעטל, אין בלענדאַד פון פעטער יאַנקלס שטוב. עס פלעגט אויסקומען אַז מיר פלעגן לערנען אין אָוונט און יעדער האָט געדאַרפט ברענגען אַ פלאַש נאַפט. גייענדיק צוריק אַהיים, פלעגן די הינט פון פריץ פיליפּאָוויטש אויף אונדז אָנפאַלן און די געוואַלדן פלעגן אויפוועקן די האַלב־געדרימלטע שטעטל. און אויך האָבן מיר צו יענער צייט געליטן פון דער ביטערער קראַנקהייט — קדחת (קאַדאָכעס) און נישט איינמאָל פלעגן מיר מוזן פאַרלאָזן דעם חדר און אַהיים גייך, און אין מויל פלעגן די ציין

קלאַפּן אַ צאָן אין אַ צאָן און דאַן נאָכדעם פּלעגט זיך דאָס קליין קינדעריש קער־פּערל צאַפּלען אין בעט פאַר גרויס היץ, און קיין דאָקטער איז נישט געווען אין שטעטל.

און אָט אין דער ביטערער קינדהייט אונדזערער איז חיים ישעיה ז״ל געווען אונדזער ליכט־געבער און ליכט־ווייזער. ביי אים אין שטיבעלע איז וואַרעם געווען און פון אים האָט שיינקייט און וואַרעמקייט אַרויסגעקוקט, וואָס האָט אונדז קינדער געהיילט און געוואַרעמט.

זיין שטילערריידן און זיין קלאָרן דערקלערן דעם קאַפּיטל חומש וועל איך נישט פאַרגעסן קיינמאָל. איך געדענק ווי ער האָט אונדז געלערנט דאָס ליד: „אויפן פּריפּעטשוק ברענט אַ פייערל״ און יהודית האָט זיך פאַרעקשנט און נישט געוואָלט זינגען. האָט ער אירע צעפּעלעך געגלעט און געזאָגט מיט פאָטערלעכער ווייכקייט: „זינג, זינג, יהודיתל, פאַרוואָס שווייגסטו?״ און די מיידעלע האָט איר מיילכעלע געעפנט... נאָך היינט זע איך די לאַכנדיקע אויגן יענע פון חיים ישעיהן, ווען כ׳בין זיצן געבליבן מיט אַן אָפן מויל, ווען ער האָט געענדיקט דערציילן וועגן מכירת יוסף. ער האָט געמערקט מיין גרויסע שטוינונג איבער דער עוולה, וואָס די ברידער זיינען קעגן יוספן באַגאַנגען. האָט ער געפרעגט: „עס געפעלט דיר? זאָל איך נאָך דערציילן? :יאָ, יאָ, לערער״, האָב איך געבעטן, „דערציילט ווייטער.״

ער האָט אָנגעווענדעט אַלע פּעדאַגאָגישע מיטלען, די נאַטירלעכסטע זיינע אונדז דאָס לעבן שענער און זיסער צו מאַכן; היילן אונדזערע נשמות; וואָס די מלחמה האָט צערואינירט, האָט ער געוואָלט אויסהיילן. נישט נאָר דעם אלף־בית האָט ער געשטרעבט אונדז אויסצולערנען, נאָר אויך לאַכן און זיך פרייען האָט ער געוואָלט אונדז לערנען.

זיין פּאַטריאַרכאַלישער אויסזען איז נישט אַוועק פון מיר אַלע יאָרן וואָס כ׳בין אין לאַנד. זיין פּערזאָן איז געווען די פאַרקערפּערונג פון די בעסטע און מאָראַלישסטע מידות פון אידישן פאָלק. לויב און כבוד זיין אָנדענק!

* * *

און איצט קער איך זיך צוריק צו דער טעלעכאַנער יוגנט, וואָס איר טו איך מיין חיבור ווידמען.

ווי איך האָב געזאָגט, איז דאָס געווען אַ דינאַמישע יוגנט, וואָס איז נישט מיד געוואָרן צו פאַרשן דעם אמת. און דער עיקר פראַגע איז געווען: וועלכן וועג זאָל מען זיך אויסוויילן? זייער לאָזונג איז געווען: „קען זיך אַליין קודם, ווייסטו דאַן וויסן וואָס איז דיין לעבנס־ציל — און וויסן אַ סך איז דער באַזיס פאַרן גרייכן דעם ציל.״

דריי פּאַרטייען זיינען געווען אין טעלעכאַן: דער החלוץ, לינקע פּועלי־ציון, און קאָמוניסטן. און יעדערער האָט געשטרעבט ווי זיין האַרץ און ווילן האָט אים דיקטירט. עס איז אויך געווען אומפּאַרטייאישע יוגנט, זין פון כמעט נגידים. זייער בילדונג איז אויך נישט געווען קיין העכערע פון אונדזערער. להיפך, מיר האָבן נישט אויפגעהערט זיך זעלבסט צו בילדן און פאַר זיי איז דער איינציקער ציל געווען די מאַטעריעלע גוטע לאַגע, אָבער אויך זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט ליבע צום בוך. אַרבעטער, בעלי־מלאכות און גאָר אָרעמע שיכטן — אַלע

האָבן דורשטיק געלייענט, ווייל אין דעם לייענען האָבן זיי זייער גייסטיקע באַ־פרידיקונג געפונען און אַ מעגלעכקייט געהאַט אַ פּאָר שעה צו פאַרברענגען מיט די העלדן פון די ביכער.

מען דאַרף באַצייכענען, אַז עטלעכע יאָר פאַר מיין אַפּפאָר (כ'בין אָפּגעפאָרן אין יאָר 1935) איז געווען אין טעלעכאַן אַ מאָדערנע העברעאישע שולע און די פּוילישע שקאָלע איז אויך אויף אַ הויך געשטאַנען. די עלטערן האָבן נישט גערוט און זיי האָבן געבראַכט אַ לערערין פון פּינסק און נאָכדעם נאָך איינע און די קינדער זיינען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון מאָדערנער בילדונג.

ביי אונדזער יוגנט האָבן געהערשט פּאַרטיי־קריגערייען, ווי ביי אַלע פּאַר־טייען אין דער גאַנצער וועלט. אָבער, ווי כ'האָב שוין אָנגעמערקט, עס זיינען געווען אַקציעס, וואָס מ'האָט צוזאַמען אויסגעפירט און עס האָט גרויס דערפאָלג געהאַט. ווי די צוזאַמענאַרבעט אין ביבליאָטעק און נאָך אַנדערע. אָבער איין פּלאַץ איז געווען, וואָס אַ דאַנק דער שיינקייט און כיטרעקייט פון דער נאַטור האָט די יוגנט פאַרגעסן יעדן קריג צווישן זיך. דאָרט האָבן זיך אַלע פאַראייניקט: אין די אָוונטן, נאָך אַ טאָג, אַרבעט, פלעגן די טעלעכאַנער זין און טעכטער אַרויסגיין שפּאַצירן אין געסעלע און זיך „לאָדקעווען" אין קאַנאַל. די שיינקייט און רואיקייט פון דער נאַטור האָט פאַראייניקט הערצער און געדאַנקען אַרום איין גרויסן געדאַנק, וואָס הייסט, ברידערלעכקייט און שלום! דאָרט האָבן אַלע געזונגען אַרבעטס־לידער, רעוואָלוציאָנערע לידער, און אויך ליבעס־לידער...

די ווערטער פון איין ליד, וואָס קלאָגט אַזוי אויפן גורל פון אָרעמען מענטש, קלינגט מיר נאָך ביז היינט אין די אויערן:

מענטשן טרינקען און הוליען
און זייער קעשענע איז שטענדיק פול,
און איך, נישט איך טרינק און נישט איך הוליע,
און מיין קעשענע איז שטענדיק פּוסט.

(דאָס ליד איז געווען אין דער רוסישער שפּראַך און דאָס איז איר אינהאַלט).

געאַרעמט פּעסט איינער מיטן צווייטן האָט די יוגנט געשפּאַנט ביז באַגינען, ווייל אַלע האָבן ליב געהאַט די שטילקייט פון אוונט און די נשמה האָט פאַרלאַנגט זיך צוהערן צו דער נאַטור און ליגן און באַרואיקן זיך אין שויס פון דער נאַטור... און זי האָט אונדז אין די אָוונטן באַוויזן איר גאַנצע פּראַכט! און די געפילן האָבן זיך צעגאָסן אין אַ שטילן געזאַנג, און מען איז זאָרגלאָז אין גרינעם גראָזיקן מולטער געלעגן אין געסעלע און אין אַנדערע שמעקנדיקע סטעזשקעלעך. דאָס וואַסער האָט פריילעך געשטראָמט און האָט פאַרטויבט אונדזער געזאַנג.

די העכסטע שיינקייט פלעגט צום אויסדרוק קומען אין די פרייטיק אָוונטן: די יוגנט פלעגט שטיל מיט פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוהערן צום וואָיען פון ווינטל, נאָכדעם ווי זי האָט זיך שוין אַליין אָנגעהוליעט און אָנגעזונגען. די עלטערן פלעגן פּעסט פאַרזונקען זיין אין זייער שבת־שלאָף, דאַן נאָך האַלבע נאַכט איז עס געווען, ווען די בלעטלעך האָבן זיך שטיל באַוועגט און די זשאַבעס פלעגן קראַקען און די גרילן פלעגן גרילצן אין די פינצטערע שפּאַרונעס, און נאָך האַלבע נאַכט פלעגט צוקומען צו דער נאַטור־סימפאָניע — דאָס מוקען פון די בהמות, וואָס די

פֿאַסטוכער פּלעגן זיי אין די הייסע טעג אויף די לאַנקעס טרייבן. דאָס פּלעגט פֿאַר אונדז אַ צייכן זיין, אַז מיר דאַרפֿן אויפֿשטיין אַהיים צו גיין.

שטיל, שטיל, פּלעגן מיר אויף די שפּיץ פֿינגער זיך אַהיים אַריינגנבענען, און אַריינגייענדיק אין בעט, אַכטונג געבן זי זאָל קיין סקריפּ ניט טאָן און אויפֿוועקן אונדזערע עלטערן, וועלכע זיינען אין די שפּעטע שעהען פֿון דער נאַכט איינגעשלאָפֿן, וואַרטנדיק אומגעדולדיק אויף זייערע ליבלינגען. אויף מאָרגן, ווען דאָס ליכט פּלעגט אין פֿענצטער אַריינשיינען, פּלעגן מיר זיך שנעל אַ כאַפּ־טאָן: אוי ווי, אַוודאי צו דער אַרבעט פֿאַרשפּעטיקט! אָבער די לייכטער אויפֿן טיש האָבן אונדז דערמאָנט, אַז עס איז שבת און מיר קענען רוען וויפֿיל אונדזער האַרץ גלוסט. אַ לויב צום גרויסן בורא איז געזונגען געוואָרן אויף דעם, וואָס ער האָט פֿאַר אונדז האָרעפּאַשנע מענטשן אַ שבת געשאַפֿן.

## די טעטיקייט פֿון די פּאַרטייען

דעם החלוץ ווידמע איך נישט פֿיל, ווייל איך האָב נישט מיטגעמאַכט זייערע טעטיקייטן, און בכדי נישט צו פֿעלשן, שרייב איך בלויז דאָס וואָס איך געדענק.

די חברים פֿון החלוץ זיינען געווען הייסע ציונים; זייער לאָזונג איז געווען, זיך אָפּצעטרייסלען קודם כל פֿון גלותדיקן אומעט. זיי האָבן געשטרעבט צו פֿולשטענדיקער אויסלייזונג אין לאַנד פֿון זייערע אָבות. זייערע טעטיקייטן האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם געדאַנק. זיי האָבן פֿלייסיק געלערנט די געשיכטע פֿון אידישן פֿאָלק. אין זומער פּלעגן זיי אָרגאַניזירן סעמינאַרן.

די פֿינסקער חברים פֿלעגן קומען אין טעלעכאַן אַרבעטן אין טאַרטאַק. זיי פֿלעגן אַרבעטן מיט פֿלייסיקייט און ליבע, ווייל אין זייער פֿאַנטאַזיע האָבן זיי געזען זייער מולדת פֿאַר וועלכער עס איז כדאי צו שוויצן און האָרעווען. אין די אָוונטן פֿלעגט מען אַרומפֿאָרן מיט די קאָליקעלעך, וואָס מ'האָט בייטאָג געפֿירט אויף זיי ברעטער און פֿילענעס, און זייער פֿריילעכקייט און געלעכטער האָבן די לופֿט געשניטן.

די טעלעכאַנער חברים זיינען אַרויס אויף הכשרה (האַכשאָרע) אין אַנדערע פֿלעצער. זיי זיינען דאָרט געבליבן אַרבעטן אַ יאָר צוויי און מער. עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס די הכשרה איז פֿאַר זיי געווען אַ שווערע שולע. אָבער זיי האָבן אַלע אויסגעהאַלטן און געקומען צו זייער ציל: פֿאָרן אין ארץ־ישראל, בויען דאָס לאַנד און באַפֿרוכפּערן איר ערד. און נאָך ווי האָבן זיי איר באַפֿרוכפּערט! פּוסטיניעס האָבן זיי פֿאַר בליענדיקע גאָרטנס איבערגעקערט, און אין דער ברענענדיקער זון זיינען זיי אויף די הייזער געשטאַנען און געלייגט אַ ציגל נאָך אַ ציגל מיט דער זעלבער פֿלייסיקייט ווי אין טעלעכאַנער טאַרטאַק.

* * *

און איצט וועגן די לינקע פּועלי־ציון:

זיי, די לינקע פּועלי־ציון, האָבן געהאַלטן, אַז די אויסלייזונג פֿאַרן אידישן פֿאָלק קען נאָר ברענגען ארץ־ישראל. זיי האָבן אויך געזען דעם וועג צו דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט אין ארץ־ישראל. דאָרט, אין טעריטאָריאַלן אידישן צענטער, וועט דער פּראָלעטאַריאַט ברענגען די אויסלייזונג פֿאַר זיך און

פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק. זייער מיינונג איז געווען, אַז דער אידישער קלאַסן אינטערעס פאָדערט אַ ברייטן שטח, און דאָס איז נאָר מעגלעך אין אייגענעם טעריטאָריאַלן צענטער.

אַ גרויסע ביבליאָטעק איז געווען אין שטעטל און די לעזער פלעגן די ביב־ליאָטעקאַרן אויסוויילן, און די זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן איינגע־שלונגען אין זיך דאָס בעסטע פון דער וועלט־ליטעראַטור. די ביבליאָטעקאַרשע פלעגט פאָרלייגן אַ בוך דעם לייענער לויט זיין וויסן און לויט זיין עלטער. מען האָט זייער אַכט געלייגט נישט קאַליע צו מאַכן די יונגע נשמה פונם לייענער מיט אַ נישט פּאַסנדיק בוך. אַזוי ווי קיין קינאָ איז נישט געווען אין שטעטל, איז די נשמה פון יונגן אינגל און מיידל ריין געבליבן ווי קריסטאַל; קיין פרעמדע השפעה האָט זיך נישט אַריינגעריסן צו זיי, ווייל טעלעכאַן איז געלעגן ווייט פון אַ צענטער און יעדערער האָט געוועבט זיין אייגן לעבן אָן שום פרעמדע איינפלוסן.

פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען ליטעראַרישע אָוונטן. דעם משפט איבערן בוך „צעמענט" פון גלאַדקאָוו, געדענק איך נאָך היינט מיט וועלכער אויפמערקזאַמקייט יעדער האָט זיך צוגעהערט צו די פאַרטיידיקער און באַשולדי־קער. אביערהויפט איז גערעדט געוואָרן איבערן הויפט־העלד, דאַשאַ, צי איז איר מאָראַלישע פאַרהאַלטונג אַלס פרוי, ווייב און מאַמע, געווען אַ ריכטיקע? יעדער איינער האָט אויסגעדריקט זיין מיינונג לויט זיינע אייגענע געפילן צו די אַלע פּראָבלעמען. נאָר יעדערער האָט זיך טיף געדעכנט מיט דעם, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אין די ערשטע טריט פון דער גרויסער רעוואָלוציע, ווען דער מענטש האָט אַ וועג געזוכט, ווי אַזוי זיין פריוואַט לעבן אַוועקשטעלן אין די ראַמען פון דער נייער אָרדענונג. די מיינסטע האָבן באַרעכטיקט אַלע טאַטן אירע.

די לינקע פּועלי ציון האָבן אויך געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז און זייערע פאָרשטעלונגען זיינען געווען אַ גרויס געשעעניש אין שטעטל. אַלט און יונג און אויך די דאַטשניקעס זומער פלעגן שטראָמען צו זען זייערע פאָרשטעלונגען. די טעלעכאַנער פלעגן אויפנעמען און באַגלייטן די אַרטיסטן מיט די שטורמיש־סטע אַפּלאָדיסמענטן. זיי פלעגן פאַרלאַנגען נאָך און נאָך! און פאַר די חברים אַרטיסטן איז דאָס געווען די בעסטע געלעגנהייט אויסצולאָדן זייערע קינסטלע־רישע פעאיקייטן, און אַ דאַנק דעם וואָס זיי פלעגן זיך אַליין פאָרבערייטן, איז זייער שפּיל געווען נאַטירלעך און וואונדערשיין! באַזונדערס האָט דאָס שטעטל ליב געהאַט אַ טראַגישע פאָרשטעלונג — דאָס לאָזט איבער אַ שטאַרקן איינדרוק, פלעגן זיי זאָגן. גאַנץ איינפאַך, זיי האָבן ליב געהאַט צו זען זיך אַליין אויף דער בינע...

אַ פאָר מאָל איז געווען ביי אונדז די ווילנער טרופּע און נישט יעדער האָט זיי געקאָנט זען, ווייל דער בילעט איז געווען צו טייער... פון צייט צו צייט פלעגט מען ברענגען אַ שטומען פילם. מען איז דורשטיק געווען נאָך אַביסל גייסטיק לעבן. עס פלעגט טרעפן אַז אַ חבר פון די לינקע פּועלי ציון פלעגט קומען רעפערירן. אַ גרויס געשעעניש איז געווען, ווען זרובבל איז געקומען קיין טעלע־כאַן. אַלע זיינען געלאָפן אין פאָזשאַרנע־זאַל אים צו הערן. די אינגערע זיינען געווען אַביסל אַנטוישט, ווייל זיי פלעגן אַליין ריידן איבער אָט־די אַלע פּראָבלע־מען טאָג און נאַכט. די עלטערע האָבן דער עיקר הנאה געהאַט אַנצוקוקן זיין

הדרת פנים מיט דער ווייסער באָרד, און די גרעסטע סענסאַציע איז געווען אַז אַ איד מיט אַ באָרד זאָל אַזוי פריי ריידן איבער וועלטלעכע פּראָבלעמען, און נאָכדעם גיין מיט דער יונגער חברה געארעמט און זיצן מיט זיי אויפן בריקל פון ישראל מעלצער ביז האַלבע נאַכט. (ביי ישראל מעלצער אין האָטעל איז זרובבל איינגעשטאַנען).

נאָך אַן אנגענעם, נישט געוויינלעכן אָוונט פאַר די יונג־באָריסטן איז געווען ווען ערעם איז געקומען אַלס שליח פון „פלשתינה". מיר האָבן אים אַרומגעריינגלט און דורשטיק זיך צוגעהערט צו זיינע דערציילונגען, און דאַן, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט ריידן, האָט ער אונדז ארץ־ישראלדיקע לידער געלערנט, און איין פּאַסטוך־ליד, וואָס כ'געדענק נאָך עס ביז היינט, איז מיר אַזוי געפעלן געווען, אַז אין מיין פּאַנטאַזיע האָב איך ממש געזען יענעם אָוונט ווי די שעפסן גליטשן זיך פון די גלבוע בערג אַרונטער...

אַ גרויס פלאַץ אין אונדזער לעבן האָבן פאַרנומען די אויספלוגן וואָס פלעגן קומען צו אונדז פון די פּינסקער געגנטן. דאָס שטעטל פלעגט אויפלעבן זעענדיק די נייע פּנימער. די פּינסקער שול־קינדער פלעגן קומען אָנקוקן די שיינע פּאָליעסיער געגנט. אָרגאַניזירטע פּאַרטיי חברים פלעגן קומען זיך טרעפן מיט זייערע חברים. זיי האָבן ליב געהאַט, די שטאָטישע, צו קומען צו אונדז. מיר פלעגן זיי האַרציק אויפנעמען און זיי פלעגן זיך מחיה זיין צו ליגן אין גרינעם גראָז ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. די כוואַליעס אין קאַנאַל פלעגן זיך שטיל באַוועגן און דער וואַסער־פאַל פלעגט אָנפילן די שטילקייט מיט אַן אנגענעמען געררויש און אַ יולי ווינטל פלעגט זיי וואַרעם און קיל גלעטן זייערע טשופּרינעס. מען איז זיך געלעגן זאָרגלאָז ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. און אַז מ'איז אַהיים געקומען צו די חברים שלאָפן, איז אויפן טיש געשטאַנען אָנגעגרייט דאָס האַרץ צו דערכאַפּן: פרישע מילך און געשמאַקע קיכלעך, וואָס די מאַמעס פלעגן ספּעציעל צוגרייטן פאַר די געסט.

האַרציק פלעגן זיי די טעלעכאַנער חברים אויפנעמען. אַזוי האַרציק ווי עס קען נאָר אַ קליין־שטעטלדיקער נאַטירלעכער מענטש אויפנעמען אַ גרויס־שטאָטישן, וואָס פלעגט זען אין אים די פאַרקערפּערונג פון דער גרויסער, רייכער, קולטור־רעלער וועלט.

באַזונדערס פלעגן מיר זיך קלעפּן צו דער חברטע טאָפּטשע. איך געדענק אַ שבת, ווי מיר זיינען אַלע צוזאַמען געפאָרן מיטן פּאַראַכאָד אין וויהאָנאָשץ. דאָס איז געווען אַ פּרעכטיקער שפּאַציר. די פּינסקער חברים האָבן זיך דאַן באַצויגן צו אונדז ווי צו קלענערע ברידער און טאָפּטשע האָט אונדז צענויפגעזאַמלט און דערציילט געשיכטעס פון דער גרויסער וועלט און מיר האָבן יעדעס וואָרט געשלונגען!

אָך איז דאָס געווען אַ צייט מיט אַ פול לעבן און אַ גרויס טעטיקייט וואָס האָט אונדז דערצויגן און געלערנט ווי די בעסטע שולע און אפילו אוניווערסיטעט.

* * *

און ערשט, אין די לעצטע בלעטלעך פון מיין חיבור קום איך דערציילן וועגן די העראָאישע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן זייער אַקטיוויטעט אין באַהעלטעניש געפירט. זיי האָבן זייער לעבן אין סכנה געשטעלט פאַרן געדאַנק פון

אַ בעסערן מאָרגן. זיי האָבן דעם געדאַנק זייערן אין יעדן שטוב אַריינגעבראַכט. זיי האָבן מסירת־נפשדיק געאַרבעט ווי עס קענען נאָר אַרבעטן געטרייע, ערלעכע אידעאַליסטן. זיי האָבן געשטרעבט נישט נאָר די אָרדענונג צו ענדערן, נאָר אויך דעם מענטש צו ענדערן, ער זאָל רייף זיין אויפצונעמען דעם גרויסן טאָג וואָס וועט קומען און ברענגען די נייע אָרדענונג, וואָס וועט אויסלייזן פון ליידן אַלע שוואַכע, אונטערדריקטע און אויסגעניצטע מאַסן, און דער פרייהייטס גייסט וועט יעדן וואָלקן באַזייטיקן און די זון וועט לנצח שיינען.!..

און לויט דעם שוואונג פון זייערע געדאַנקען איז געווען דער פאַרנעם פון זייערע אַקציעס זיי האָבן זיך אַרויסגעשטעלט צו ברענגען די ליכטער פון דער נייער אידייע אין יעדן פאַרוואָרפנסטן ווינקל. די געשיכטע פון זייערע טעטיקייטן איז אַזאַ געווען:

אין מיין שטעטעלע טעלעכאַן איז געווען אַ פרוי אַן אָרעמע, אַ געבויגענע און אַ פאַרלאָזטע פון גאָט און פון לייט — „מערייאַנקעליכע" האָט זי געהייסן, אויפן נאָמען פון איר מאַן, מאיר יאַנקל.

דאָס איינציק גרויס פאַרמעגן וואָס זי האָט געהאַט איז געווען אַ זון, וועלכער האָט געלעבט אין פינסק און זיין נאָמען איז געווען: מרדכי צוקער. אין איין שיי־נעם פרימאָרגן איז מרדכי צוקער דערשינען אין טעלעכאַן. ער איז אַרויסגע־טריבן געוואָן פון פינסק צוליב זיינע קאָמוניסטישע טעטיקייטן.

דער בחור האָט זיך נישט דערשראָקן און האָט שנעל געפונען אַ נייע פלאַט־פאָרמע צו פירן זיין טעטיקייט. דער בחור האָט אָנגעהויבן זיינע געדאַנקען צו פאַרשפרייטן און זייער שנעל האָט ער צוהערער דעראָבערט פאַר אָט־די געדאַנ־קען, ווי דעם מענטשן פון זיינע קייטן צו באַפרייען.

די טעלעכאַנער בחורים, וואָס זיינען געווען אַרויסגעשטופּט פון יעדן פּראָ־דוקטיוון אַרבעט־צווייג, האָבן זיך מיט שטורעם געוואָרפן אין פראָנט אַריין. זיי האָבן זיך געזען אַלס דער אַוואַנגאַרד פון קעמפער פאַר פרייהייט און גערעכ־טיקייט. זיי האָבן מיטן גאַנצן ברען פאַרשפרייט ליכט און וויסן אין די פאַר־וואָרפנסטע ווינקעלעך אין טעלעכאַנער געגנט. זיי האָבן פון קיין מורא און קיין פּחד געוואוסט און זיך קיינמאָל נישט צוריקגעצויגן פון אויספירן זייערע אַקציעס. אין די פינצטערע נעכט אין זומער האָבן זייערע פיס געטאָפּטשעט אין די טיפע זאַמדן און ווינטער אין די טיפע שנייען און בלאָטעס. זיי פלעגן זייערע פאַזוכעס אָנפילן מיט פּראָקלאַמאַציעס, פלעגן גיין און גיין!... און דער מאַטעריאַל וואָס איז געלעגן אונטער זייערע הערצער האָט זיי געמונטערט און שטאַרק גע־מאַכט. זייערע אַקציעס האָבן אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג געהאַט און האָבן גוטע פּאָלגן געבראַכט. די פּויערים אַרום האָבן זיך אָנגעהויבן צו בונטעווען געגן די שווערע שטייערן, און די אידישע גאַס האָט אויך רעספּעקטירט די דרייסטע בחורים, וואָס ווייסן קיין מידקייט און שרעק אין זייער אַרבעט, און עס פלעגט טרעפן אַז אַ חבר איז געווען אין סכנה, פלעגט אים אַ חבר פון לינקע פּועלי ציון אַרויסהעלפן.

די אַקציעס זייערע זיינען געווען אַזוי פאַרשפרייט, אַז עס האָט קיין רו נעגעבן דער פּאָליציי. די חברה האָט מען אַרעסטירט, און אָט ווידער זיינען נייע דערשינען און די פּראָקלאַמאַציעס זיינען ווידער פאַרשפרייט געוואָרן ווי אַ שניי אויף דער גאַס... עס איז דערגאַנגען צו דעם אַז די טעלעכאַנער פּאָליציי

איז טאָג און נאַכט אויף דער וואַך געשטאַנען און אויך די העכערע פּאָליציי מאַכט פון קאָסאָווער פּאָוויאַט פלעגן זיך אַריינרייסן אין שטעטל ווי די באַנדיטן, אומ־רחמנותדיק האַקן אויף רעכטס און לינקס.

עס איז אַרויס איבער טעלעכאַן אַ קלאַנג אַז יעדערער איז דאָרט אַ קאָמוניסט. אברמעלע דער סופר האָט צו טאָן געהאַט מיט מסחר און עס איז פאָרגעקומען, אַז ער האָט געמוזט זאָגן פון וואַנען ער איז, האָט מען אים פאַרהאַלטן אין גראָדנער פּאָליציי. אַ טעלעכאַנער בחור איז אין סלאָנים געגאַנגען און צו הויך דעם קאָפּ אויפגעהויבן — פון וואַנען ביזטו? פון טעלעכאַן?! — עטלעכע קאָנטשיקעס האָט שוין זיין פלייצע פאַרזוכט יענע נאַכט. אַ מיידל האָט געפונען אַ צוגעשניטענע בלוזע פון רויטן שטאָף, האָט זי עס אויפן פאַרקן אויפגעהאָנגען. — אַהאַ, אַן אַבלאַווע אין שטעטל, די פּאָליציי זוכט ווער ס'האָט די „רויטע פאָן" אויפגעהאָנגען? און נאָך אַזעלכע ענלעכע פאַלן וואָלט איך געקענט דערציילן.

איך געדענק אַן ערשטן מאַי, וואָס עס איז אויסגעפאַלן פרייטיק. אַרום איז געווען גרין און בליענדיק, ווי עס קאָן נאָר זיין אין חודש מאַי. פון די גערטנער האָט זיך געטראָגן אַ גערוך פון בליענדיקן בעז. אַרום שטוב האָבן מיר אַרומגעקערט און אויסגעשאָטן מיט געלן זאַמד און די גאָלדענע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון האָבן זיך געטונקען אין געלן זאַמד און געשאַפן האַרמאָניע. אַלץ איז איינגעוויקלט געווען אין שבתדיקער רואיקייט. און פלוצלינג, ווי פון אונטער דער ערד, זיינען אויסגעוואַקסן די מחבלים און אַ פּחד אויף אַלץ און אַלעמען אַרויפגעוואָרפן. עס איז פאָרגעקומען, אַז נישט נאָר די מענטשן פּראָטעסטירן שטיל און וויטאַגלעך וואָס זיי זיינען געקומען שטערן דעם הייליקן יום־טוב און שבת רו, נאָר אפילו דאָס בילן פון די הינט אין די גערטנער איז ווי אַ פּראָטעסט־געשריי קעגן די וואָס האָבן זיך פלוצלינג און אומגעבעטן אַריינגעריסן אין דער רואיקער שטעטעלע, איר מחלל שבת און מחלל יום־טוב זיין. און עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַלע קאָמוניסטן און אויך די וועלכע זיי האָבן פאַרדעכטיקט אין קאָמוניזם זיינען ביי דער פּאָליציי אויף דער ערד געלעגן און די גומי־שטעקנס האָבן זייערע פּיאַטעס געהאַקט און די קאָנטשיקעס האָבן אויף זייערע פלייצעס געפייפט...

פון מיין פריעסטער יוגנט האָב איך זיי, די פּוילישע הערשער, געהאַסט. איך געדענק, כ'בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר צוועלף, בין איך געגאַנגען מיט נאָך קינדער און פרויען קלייבן יאַגעדעס און שוועמלעך. ווען מיר זיינען מיט די פולע קאָשיקעס פון וואַלד געגאַנגען, איז אָנגעפאָרן דער פּריץ פיליפּאָוויטש מיט דער גאַנצער כאָפּטע זייבער און די צוויי הינט. ער האָט אונדז אָפּגעשטעלט און ביי יעדן די יאַגעדעס און שוועמלעך צוגענומען, און ביי מיר האָט ער אויך צוגענומען דאָס נייע קאָשיקל וואָס די מאַמע האָט מיר געקויפט. אין ערשטן מאָמענט בין איך ווי פאַרשטומט געוואָרן פאַר גרויס אויפרעגונג. נאָכדעם האָב איך ביטער געשריגן: „אָדאַיטשע מאַי קאָשיק"! אָדאַיטשע מאַי קאָשיק!"

זיין טענה איז געווען, אַז מיר האָבן עס אָנגעקליבן אין זיין פּריוואַטן וואַלד שטח; עס האָט אים אַוודאי עפּעס געפעלט! די פּויערטעס פלעגן אים ברענגען בזיל הזול פון אַלץ וואָס עס איז נאָר אין וואַלד געוואַקסן. איך האָב די עוולה

געדענקט און נאָך אַ סך אַנדערע, און געזוכט ווי זיך אָפּצורעכענען מיט זיי. און עס איז אונטערגעקומען אַ פּאַסנדיקע געלעגנהייט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער:

ביי אונדז פלעגט מען פייערן דעם ים־פייערונג מיט גרויס פּאַראַד און די פּוילישע הערשער האָבן געגלויבט, אַז נאָר זיי האָט גאָט אין זינען געהאַט שאַפֿנדיק צט־די שיינע נאַטור געגנט אין טעלעכאַן. די פּאָליציי האָט געוואָלט פייערן שטיל און רואיק, האָבן זיי אַרעסטירט אַלע חברה פֿאַר דער פייערונג. זיי האָבן אויס־געבויט אַ בריק אין מיטן דער טעלעכאַנער אָזיערע; אַהין געבראַכט דעם אָר־קעסטער. דאָס געסעלע אין קאַנאַל האָט זיך אין ליכטער געטונקען. דאָס גאַנצע שטעטל האָט שפּאַצירט אַרום און אַרום, און מיר, פיר מיידלעך, זיינען געזעסן אין אַ ווינקל און געפּלאַנט, ווי זאָלן מיר זיי ווייזן אַז דעם קעמפּענדן כוח וועלן זיי קיינמאָל נישט מסוגל זיין צו איינשפּאַרן הינטער די גראַטעס! און אָט האָבן מיר באַקלערט רויטע פאָנדלעך אָנקלאַפּן אויף ברעטלעך און לאָזן זיי שווימען מיטן שטראָם. מיר האָבן געוואָרט ביז דער עולם איז זיך צוגאַנגען אַביסל און מיר האָבן אונדזער אַקציע אויסגעפירט און די פענדלעך זיינען צום ציל... אָנגעקומען.

ווי אַ קאָנוואָולסיע האָט זיי געכאַפּט — האָט שרהלע קרופּניק דערציילט. זי האָט דאָרטן אויפן בריק דעם בופעט געהאַט יענע נאַכט. זי האָט די הענט צום הימל געהויבן און געדאַנקט גאָט וואָס עס איז דאָ נאָך אַ כוח אויסער איר ברודער לייבל, וועלכער איז דאַן געזעסן מיט חבר מרדכי צוקער אין קאַרטוז־בערעזע.

נישט נאָר די בחורים האָבן זיי גערודפט, נאָר אויך די עלטערן זייערע האָבן זיי דאָס לעבן פאַרביטערט. די עלטערן האָבן שטיל זייערע ליידן געטראָגן און טיף אין זייער האַרצן זיינען זיי שטאָלץ געווען אויף זייערע העלדישע זין.

די בחורים — געוועזן אַזעלכע, וואָס האָבן געמוזט אַנטלויפן אין דער פינצ־טערער נאַכט פון טעלעכאַן און פון פּוילן בכלל, און געוועזן אַזעלכע, וועלכע זיינען פינף־זעקס יאָר אין די תפיסות געזעסן ביי די שווערסטע באַדינגונגען. די מאַמעס — זייערע אויגן זיינען טונקל געוואָרן פון וויינען נאָך זייערע זין! די טאַטעס זיינען מיט געבויגענע קעפּ געגאַנגען. און אַז ס'איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר און די זין זיינען פון די תפיסות געקומען, פלעגט דאָס גאַנצע שטעטל גיין צו דער קאָלייקע זיי מקבל פּנים זיין. די מאַמעס פלעגן זייער טרער אָפּווישן און אויפן פּנים האָט זיך ווידער אַ מילד שמייכל צעגאָסן. די טאַטעס האָבן ווידער מיט שטאָלץ זייערע קעפּ געהויבן און די זין האָבן ווידער זייער טעטיקייט אָנגעפירט.

דער פּאַדים פון קאַמף איז אין טעלעכאַן ניט איבערגעריסן געוואָרן צענדלי־קער יאָרן, ביז עס איז געקומען דער היטלער־הענקער און האָט זיי אַלעמען אין בלוט פאַרטרונקען.

מיט בלוט פון מיין האַרצן האָב איך די בלעטלעך געשריבן, און ווען איך האָב געענדיקט איז מיר פאַרגעקומען אַז כ'בין פון בית־עולם אַוועק, אַוועק מיט אַ שבועה צו געדענקען און נישט פאַרגעסן קיינמאָל דעם עמלק פון אַלע דורות! זאָלן מיינע שורות דינען ווי אַ ציגל פאַרן דענקמאָל, וואָס ווערט אויפגעשטעלט פון די פרייהייטס־קעמפער פאַר די הייליק־געפאַלענע.

▼

# סאַל (שלמה) לאַנדמאַן דערציילט:

פראָטאָקאָלירט פון סערא רובינשטיין
יאַנואַר 30 — פעברואַר 2, 1962
באַאַרבעט פון אסתר מילער

פון די ווייניק טעלעכאַנער (און אומגעגנט) אידן וועלכע האָבן זיך געראַטע־וועט אין סאוועטן פאַרבאַנד פון די נאַצי־רוצחים, איז איינער פון זיי: סאַל (שלמה) לאַנדמאַן, וועלכער וואוינט איצט אין וואַשינגטאָן. ער האָט אָנגעהויבן אַ לעבן „אויפסניי". געעפנט אַ קליין געשעפט, געהייראַט און איז געקומען מיט זיין פרוי אויף באַזוך קיין לאָס אַנדזשעלעס.

צוויי טעג האָט זיך דער טעלעכאַנער יזכור־בוך קאָמיטעט מיט אים באַ־געגנט. ביידע מאָל זיינען געווען געמישטע געפילן ביי אונדז: אי מען האָט זיך געפרייט מיט אַ לעבעדיקן טעלעכאַנעם לאַנדסמאַן אי ס'האָט וויי געטאָן הערן אים דערציילן די שוידערלעכע פּייניקונגען פון אונדזערע קדושים אונטער די בלוטיקע נאַצי־הענט. ממש איבער־מענטשלעכע יסורים האָט ער דורכגעלעבט אין דער היטלער־עפּאָכע: צייטנווייז דאַכט זיך אויס, אַז די וואונדן הייבן זיך אָן היילן... און ס'פּאַסירט עפּעס, ווידער ווערן זיי אויפגעריסן... זאָגט ער, און ווי ס'וואָלט אים געשטיקט אין האַלדז, ווערט ער אַנטשוויגן.

מיר קוקן אויף דעם זיצנדיק איינגעהויקערטן ס אַ ל, ס'איז אים ניט צו דערקענען. מיט קורצע מינוטן פריער האָבן מיר זיך געדריקט די הענט. ער איז פאַר אונדז געשטאַנען אַ שמייכלענדיקער אין זיין גאַנצער איבער 6 פוסי־קער הויך; אַ ברייט־פּלייציקער, מיטליאַריקער, מיט אַן אָפן, ברוין צעשמייכלט פּנים, וואָס דערמאָנט אָן אַ געזונטן דאָרפס־מענטש. מיטאַמאָל אַזאַ ענדערונג!

ער האָט אַ רייב געטאָן מיט דער שאַרסטקער האַנט זיין הויכן שטערן ביז אַרויף צו די ווינקלען, וואו עס גרויען שוין די שוואַרצע האָר, און ווידער אָנגע־הויבן ריידן: — ווי איך איז באַוואוסט, איז טעלעכאַן רואינירט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָבער אידן זיינען דאָך גרויסע עקשנים, דערצו טעלע־כאַנער אידן, זיינען זיי צוריק געקומען פון פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך וואו מען איז געווען פאַרטריבן, און אויפגעשטעלט דאָס שטעטל אויף דאָס ניי. קיין הוטע (גלאָז־פאַבריק) איז שוין דאָן ניט געווען. בלויז דער טאַרטאַק האָט פונקציאָנירט. קינדער זיינען אַוועק אַרבעטן, די פאָטערס זיינען געוואָרן קליינהענדלער, מעקלער, געעפנט קרעמלעך, געוואָרן שוסטער, שניידער, סטאָ־ליאַרעס, מוליאַרעס. געלעבט איינע פון די אַנדערע, פון שווערער פּראַצע. אַנדערע האָבן געקראָגן הילף פון אַמעריקע. ס'איז אַריינגעקומען אין שטעטל עלעקטריע, אַן עלעקטרישער אויטאָ־באָס. דער פאַראַכאָד האָט צוריק אָנגעהויבן קורסירן. שווער איז אָנגעקומען די פּרנסה צוליב דער גרויסער קאָנקורענץ וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן די הענדלער און אַרבעטלאָזיקייט צווישן דער יוגנט.

אָבער אידן האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג אַז: „גאָט וועט העלפען.“
ער האָט זיך אַ פּאָר מינוט פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט זיך באַמיט עפּעס צו דערמאָנען: „כ׳בין נאָך דאַן געווען אַ קליין אינגל. איך געדענק ווי די טעלע־כאַנער אידן האָבן דערציילט, אַז ניט קוקנדיק אויף שווערע עקאָנאָמישע באַדינ־גונגען האָט זיך געעפנט אַ אידישע שולע פאַר קינדער, אַ ביבליאָטעק, וואָס יוסף גליק, דער אָרטיקער רב, צוזאַמען מיט דער שטעטלדיקער יוגנט, האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן. עס זיינען אויפגעקומען פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס: פּועלי־ציון, סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן.
דער אַנטיסעמיטיזם און די רעאַקציע אין פּילסודסקיס נאַציאָנאַליסטישער פּוילן האָט זיך פאַרשטאַרקט אונטער דער פירערשאַפט פון בעק און די אַנדערע אַנטיסעמיטן, האָט מען די אַקטיווסטע פון דער יוגנט פאַרשיקט אין קאַרטוז־בערעזע (אַ טורמע פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע) אויף לאַנג־יאָריקע טערמינען. דער האַס, אומצוטרוי און עקאָנאָמישע ניט־זיכערקייט, האָט געשטערט דעם אויפ־בוי פון שטעטל. די אַרבעטסלאָזיקייט איז געוואַקסן, קינדער האָבן געהונגערט, מאַמעס האָבן געוויינט, געבעטן גאָט פאַר אַ קליין „מלחמהלע“, וועלן זייערע זין גיין אין דער אַרמיי און האָבן וואָס צו עסן... אַזוי האָט מען געלעבט דורכן צענדליק יאָר: — 1941-1931“
סאָל איז שטיל געוואָרן, פאַררויכערט און דערציילט ווייטער מיט ביטער־ניש: „גאָט פון מלחמה האָט פאַרנומען מאַמעשע טרערן... עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה. און כאָטש מען האָט איר שוין געפילט, איז נאָך דערוייל אין טעלעכאַן געווען שטיל. עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען געהערט אַז די באָלשעוויקעס זיינען אַריין אין בריסק און נאַציאָנאַליזירט דעם שטעטלדיקן אייגנטום. — מען וועט זיך מיט די דייטשן בעסער איינלעבן... — איז געווען די מיינונג פון די טעלעכאַנער קרעמער און הענדלער. עס האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען אַז די באָלשעוויקעס האָבן טאַקע נאַציאָנאַליזירט דאָס אייגנטום, אָבער די אידישע באַפעלקערונג האָט געקראָגן אַרבעט צוזאַמען מיט אַלע ניט אידישע. אַז די קינדער האָט די רעגירונג געשיקט אין די שולן זיך לערנען; יוגנטלעכע זיינען אַוועק טיפער אין רוסלאַנד. דאַן האָבן דייטשישע שפּיאָנען אָרגאַניזירט באַנדעס פון דער אומוויסנדיקער פּויערשער באַפעלקערונג, זיי האָבן אַרויס־געלאָזט אַ קלאַנג, אַז די באָלשעוויקעס וועלן קומען און אַלץ נאַציאָנאַליזירן, צונעמען . . .
די לאַגע איז געוואָרן קריטישער פון טאָג צו טאָג. נאַצי־שפּיאָנען האָבן אָנגערייצט די פּויערשע באַפעלקערונג צו מאַכן פּאָגראָמען אויף אידן. זיי האָבן ראַבירט, געהרגעט און געשלאָגן אידן אין די גאַסן. אידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד מיט לייַדיקע הענט, ווייל דאָס געווער וואָס די רעוואָלוציאָנערע יוגנט האָט איינגעהאַנדלט איז געווען פאַרגראָבן, און די רעוואָלוציאָנערן זיינען געווען אין די טורמעס...
— ס׳האָט אונדזער שטוב אויך ניט אויסגעמיטן. די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען אַריין 2 אַזייגער ביינאַכט און אַלעס צעראַבירט. דאָס האָט געדויערט זעקס לאַנגע וואָכן. איך בין שוין דאַן ניט געווען אין דער היים, כ׳בין אַוועק מיט די באָלשע־וויקעס. שווער, שרעקלעך שווער איז געווען דאָס אַוועקגיין. כ׳האָב איבער־

געלאָזן מיין ווייב און צוויי קינדער, עלטערן, שוועסטער, ברידער, אַ גרויסע משפּחה. מיין פֿאָטער האָט מיר געמאַכט שווערקייטן: וואָס און וואוהין ווערסטו גיין מיט די „באָרוועסע״ (אַזוי האָט מען גערופֿן די באָלשעוויקעס)... האָב איך אים געפֿרעגט: טאַטע, ביסטו פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די רעזולטאַטן? — ניין, מיין קינד... — האָט דער טאַטע געזאָגט אַ צעווייטאגטער. כ'בין אַוועק, געבליבן לעבן. די וועלכע זיינען געבליבן הינטער מיר זיינען אומגעקומען, פֿאַרניכטעט געוואָרן... איך און מיין חבר אָשר גורשטעל זיינען די לעבעדיקע עדות פֿון חורבן און אומקום פֿון טעלעכאַן״... ער האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פֿון שטערן און פֿאָרגעזעצט:

— ווען איך בין אַוועק פֿון טעלעכאַן מיט דער רויטער אַרמיי, האָב איך באַגעגנט אויפֿן וועג פֿורן מיט אידישע פֿאַמיליעס, וואָס זיינען אַנטלאָפֿן פֿון טעלעכאַן. כ'האָב זיי געפֿרעגט, פֿאַרוואָס זיי האָבן ניט מיטגענומען מיין ווייב און קינדער? זייערע שטומע בליקן האָבן ווי גערעדט: „זיי זיינען שוין ניט צווישן די לעבעדיקע...

סאָל קוקט אויף גרשון גורשטעל. ער דערציילט פֿון זיין פֿאָטער, אַלטער דער סטאָליער, אַז ער האָט געהאַט דעם כבוד צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. ער האָט אָבער פֿאַרזוכט דעם נאַציזם, זיי האָבן ביי אים אַרויסגעריסן אַ האַלבע באָרד... מיר קוקן זיך אַלע איבער אין שטילן ווייטאָג און מורא פֿאַר גרשונס שוואַך האַרץ.

— מיר, דאָס יונגוואַרג, האָט געקעמפֿט קעגן דער ווילדער חיה אין מענטשן געשטאַלט. איידער די נאַציס זיינען אַריין אין שטעטל האָבן מיר, אָשר גורשטעל, אפֿרים קליטעניק, ייין ברודער לייבל (איצט אין פּוילן), דוב לאַנדמאַן, מיין קוזין; ישראל קעז (געפֿינט זיך אין ישראל) און עטלעכע ניט־אידישע בחורים פֿון וואולקע, זיך אָרגאַניזירט אין אַ זעלבסטשוץ. מיר האָבן געקראָגן און באַהאַלטן געווער צו באַגעגענען דעם שונא. אָבער אייניקע פֿון אונדז זיינען אַוועק מיט דער רויטער אַרמיי, אַנדערע אַוועק קיין ישראל, אַ סך פֿון די אָנפֿירער זיינען פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע, איז דאָס געווער געבליבן ליגן אין „קאָנספּי־ראַטיוון״ פּלאַץ, און ס'איז שוין קיינמאָל ניט גענוצט געוואָרן...

— נאָך דער מלחמה האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו בלייבן אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד, דאָרט אַרבעטן און לערנען. אָבער, דערוויסנדיק זיך, אַז מיין גאַנצע פֿאַמיליע איז אומגעקומען דורך די נאַציס אין יאָר 1944, און וויסנדיק דעם פּלאַץ וואו די ביינער פֿון מיינע עלטערן געפֿינען זיך, האָב איך געפֿילט אַ חוב צו קומען צוריק קיין טעלעכאַן און ברענגען די עלטערן צו קבורה.

— איך און מיין חבר אָשר גורשטעל, אַביסל עלטער און שוואַכער פֿון מיר, האָבן דורכגעמאַכט אַ סך שווערקייטן, זיך אָנגעזעצן מיט אַ סך צער און טרויער אויפֿן שווערן וועג פֿון רוסלאַנד קיין טעלעכאַן. מערסטנס זיינען מיר געגאַנגען צופֿוס. נאָר צייטנווייז האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פּויער מיט אַ וואָגן, גענומען אונדז אונטערפֿאָרן. אַ שטומע אומבאַקוועמלעכקייט האָט אונדז צעשיידט; מיר זיינען אַרונטער פֿון וואָגן און ווייטער געשפּאַנט. און כאָטש מיר האָבן געוואוסט אַז ניט אַלע גויים האָבן זיך באַטייליקט אין דער אויסראָטונג פֿון אידן, האָט אונדז אַ פֿאַרדאַכט געפּלאָגט...

— נאָך לאַנגע, שווערע וואָכן פון פּלאָגעניש אין וועג, זיינען מיר אָנגעקומען קיין טעלעכאַן. דאָס שטעטל איז געווען פּוסט און טויט. צוויי לאַנגע ברידער־קברים האָבן זיך געצויגן לענג־אויס, וואו ס'איז אַמאָל געווען די הויפּט גאַס. מיט אַ געבראָכן געמיט און שווערע הערצער זיינען מיר ענדלעך געקומען קיין וויהאַנאָשטש. אַריין צו זיך אין הויז, געטראָפן אַ באַקאַנטע גויאישע פאַמיליע. מיר זיינען געבליבן שטיין ביים שוועל און זיך שטום אָנגעקוקט... ניט געקענט אַ וואָרט אַרויסברענגען. אַ טיר פון צווייטן צימער איז געשטאַנען אָפן, כ'האָב דערקאָנט אונדזער פאַמיליע שאַפע. מיין בליק האָט זיך איינגעביסן אינעם שטיק מעבל. דער גוי האָט עס באַמערקט: „שליאַמאַ, וויפיל? איך וועל דיר באַצאָלן." איך האָב אים צוגעוואָרפן אַ פינצטערן בליק, זיך אַרונטערגעלאָזן אויף אַ הילצערנער באַנק אָן אויסגעשעפּטער. מיט טרערן אין די אויגן האָט מיר דער פויער דערציילט ווי דער חורבן איז פאָרגעקומען:

— די נאַצי אַרמיי האָט פאַראָרדנט טעלעכאַנער אידן זאָלן זיך אויסשטעלן צו 25 אין אַ ריי, געהייסן זיי גראָבן צוויי לאַנגע גריבער. ווען זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, האָבן שטורעם־טרופּערס געגעבן אַ באַפעל צו די גויים: שיסט! זיי האָבן אויסגעפירט דעם באַפעל און געשאָסן... איינע נאָך איינע זיינען די אידן געפאַלן אין די קברים, מענער, פרויען, קינדער און אַלטע לייט. פינף הונדערט פון זיי..." דער גוי האָט זיך איבערגעצלמט.

סאָל'ס קול האָט זיך געשטיקט פון טרערן. זיין פּנים האָט באַקומען אַן אַש־גרויען קאָליר. דער מענטש האָט עס נאָכאַמאָל איבערגעלעבט... ער האָט זיך באַהערשט און ווידער דערציילט:

— „דער סטאַראָסטאַ (אָנפירער) פון שטעטל האָט באַקומען אַ באַפעל פון די נאַצים צו פאַרניכטן די לעצטע אידן. דאָס זיינען געווען מיינע עלטערן. קיינער פון די גויים האָט ניט געוואָלט אויספירן דעם אַקט. זייער ענטפער איז געווען: „מיר האָבן גאָרניט צו זיי. מיר וועלן זיי ניט האַרגענען." איז דער אָנפירער אַוועק צו אונדז אין שטוב, אַרויסגערופן די עלטערן אויף זייער אייגענעם פעלד און זיי דערשאָסן; צוערשט דעם טאַטן, דערנאָך דער מאַמען...

ער האָט אַרונטערגעלאָזן דעם קאָפּ, ווי ס'וואָלט אים געווען שווער צו האַלטן אויף די אַקסלען, און נאָך אַ קורצער פּויזע האָט ער ווידער אָנגעהויבן ריידן:

— פון דער נאַטור בין איך אַ שטאַרקער מענטש. אָבער איצט, הערנדיק דאָס פון גוי, האָט זיך מיר די גאַנצע שטוב גענומען דרייען פאַר די אויגן. די אָנוועזנהייט פון גויים אין אונדזער שטוב, דאָס פאַרענטפערן זיך, האָט מיך צעררייצט: — קום! — האָב איך געזאָגט צו מיין חבר אשר. איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער אַנטלויפן. דער פויער און זיין ווייב האָבן אונדז פאַרשטעלט דעם וועג: „שטעלט זיך אָפּ מיט אונדז. מיר וועלן אייך אַוועקגעבן דעם גרעסטן שלאָפצימער אין שטוב"— האָבן זיי געבעטן. און כדי מיר זאָלן זיי גלויבן אַז זיי מיינען מיטן גאַנצן האַרצן, האָבן זיי זיך ווידער איבערגעצלמט.

— מיר האָבן זיך אָנגעזאָגט. איך האָב באַשלאָסן דורכפירן די קבורה און וואָס שנעלער אַוועקגיין פון דאַנען.

— מיר האָבן געקראָגן אַ דערלויבעניש פון רב און פון דער סאָוועטישער מאַכט, ברענגען די עלטערן צו קבורה לויט דעם אידישן דין. עס איז ניט געווען

צו קריגן קיין לייוונט, אין וואָס אײַנוויקלען די טויטע האַלב־צעפּאַלענע קער־פּערס. האָבן די פּויערים געבראַכט אויסגעטריקנטע, לאַנגע, האַרטע שטרוי. איך האָב זיי אין דעם אײַנגעוויקלט, געבראַכט צו זייער אייביקער רו.״

מיר, די קאָמיטע פֿון אַכט ־ צען מענטשן זײַנען געבליבן זיצן מיט אַרונטער־געלאָזענע קעפּ און מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם. מיר האָבן געהאַט דאָס געפֿיל ווי מיר וואָלטן געזעסן שבעה נאָך די קדושים־לאַנדסלײַט. אימיצער האָט איבערגעריסן די שטילקייט, געשטעלט אַ פֿראַגע: איז דאָס אמת, אַז די סאָוועטן מאַכט האָט זיך דערלויבט צו מאַכן פֿון דער שול אַ סטאַרעדזש־הויז צו האַלטן ווייץ און פֿון בית־עולם געמאַכט אַ געזאָלין סטאַנציע?

— ס׳איז אמת — האָט סאָל געענטפֿערט — מיר מוזן זיך שטענדיק האַלטן בײַם אמת — האָט ער צוגעגעבן.

— ווי האָט זיך די אידן געלעבט אונטער דער סאָוועטישער מאַכט? — האָט די שרייבערין פֿון די שורות געפֿרעגט.

— זיי האָבן קאָנפֿיסקירט בײַ די רײַכערע דאָס פֿאַרמעגן, געשיקט זיי אַרבעטן גלײַך מיט די אָרעמע.

— שרײַבט אָן אַלץ וואָס איך האָב איך דאָ דערציילט. שיקט עס צו פֿאַרן יזכור־בוך. — כ׳בין צופֿיל פֿאַרנומען מיט געשעפֿטן. קיינמאָל קיין צײַט נישטאָ; ניין, כ׳קאָן נישט.״

די אמתע אורזאַך פֿאַרוואָס ער זאָגט זיך אָפּ צו שרײַבן האָבן מיר פֿאַר־שטאַנען. ער וויל ניט און קאָן ניט אַ דריטן מאָל דורכלעבן די אַגאָניע.... דאָס האָט מען געקענט אָראָפּלייענען פֿון זײַן פּנים.



אויך פֿון אונדזער געבורטסשטעטעלע טעלעכאַן
איז, גליקלעכערווייז, נאָך פֿאַראַן
אַ היבש ביסל זין און טעכטער,
צעזייט און צעשפּרייט אין פֿאַרשידענע ערטער;
האָבן זיי באַשלאָסן אַלע צוזאַמען,
ווער אַ געהרגעטן טאַטן, און ווער אַ געהרגעטער מאַמען,
אין אַ יזכור־בוך די קדושים אײַנשרײַבן,
אום עס זאָל פֿון זיי אַ זכר פֿאַרבלײַבן,
און אויך כדי די קומענדיקע דורות זאָלן וויסן,
אַז די דײַטשישע רוצחים האָבן זעקס מיליאָן אידן
פֿון לעבן אָװעקגעריסן.

משהיל ראָזמאַן

משה בערנשטיין (תל־אביב)

## אַן עלעגיע צו דער פאַרברענטער טעלעכאַן

אויף דיינע גאַסן פאַרגאַנגענע אין פלאַמען
וואַנדערט אַרום מיין פאַרלאָרענע יוגנט.
איבער מיר און דיר די זעלבע הימלען,
וואָס האָבן זיך געשפּיגלט אין דיינע בלוטיקע גרעאַנגלען,
שפּיגלען זיך איצט אין אַ טראָפּן פון מיין טרער
וואָס פאַלט אויף דיין פאַר׳שרפ׳עטן גוף.
איך בלאָנדזשע, זוך דעם זין,
אַן אָנשפּאַר צו דערהאַלטן דעם זכרון,
ווי אַ שטאָט מיט אידן זיינען געגאַנגען צו דער עקדה.
עס איז וויסט אַרום, נאָר דער ווינט
צאַפּלט אויף אַ שמ׳ע —
בלויז עטלעכע פאַרבליבענע אותיות
דערמאָנען פון אַ דורותדיקן לעבן.
עס דערטראָגט זיך דער ריח
פון בערד, חלב־ליכט, קידוש־וויין...
עס וויינט אַ ניגון, איך בלאָנדזשע און וויין מיט;
מיינע ליפּן לעסטערן אוים בדממה:
פאַרוואָס, פאַרוואָס זאָל בלויז אַ שמ׳ע דערציילן
ווי עס זיינען אידן אין פלאַמען פאַרגאַנגען...
איך וואַנדער, יעדער טריט ברענט מיין זכרון,
יעדער שטיין איז אַן עדות;
ביימער שעפּטשען שטיל פאַר׳סוד׳עט.
כ׳לייג צו מיין אויער, כ׳וויל דערהערן
אין זייער סוד דעם מהות פון געוויין.
דערציילט, ביימער, דערציילט!
מיר זיינען דאָך געווען אַמאָל חברים...
צוזאַמען געבליט,
און אין דיין שאָטן רוט נאָך אפשר
מיין נישט־פאַרענדיקטער טרוים;
אין דיינע שפּיצן, וואָס קושן דעם הימל,
פלאַטערט אַרום מיין פאַרגאַנגענער שמייכל...
שטיל, עס גייט אויף אַ פרימאָרגן.
דער ווינט וואַשט אָפּ דעם לעצטן סימן
פון מיין געוואָגלטן טראָט
איבער די חורבות פון דער שטאָט.

לייזער לוצקי (אהרן שמואלס אַן איניקל)

# די היסטאָרישע דאַטע — לזכרון עולם!

דעם ערשטן סעפּטעמבער, 1939, איז אַ היסטאָרישע דאַטע, נעמלעך: דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען היטלערס האָרדעס זיינען באַפאַלן דעם אומשוצבאַרן פּוילן און אין משך פון 17 טעג איר צונויפגעבראָכן. דער טאָג איז דער אָנהויב פון דער גרויסער טראַגעדיע, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיט אומברענגען מיט אוממענטשלעכע אופנים זעקס מיליאָן זין און טעכטער פון אונדזער פאָלק.

דער זעלבער טאָג וועט אויף אייביק בלייבן אין מיין זכרון אויך צוליב דעם, ווייל אין דעם טאָג איז איבערגעריסן און צעשמעטערט געוואָרן מיין לאַנגער טרוים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. איך בין צו יענער צייט שוין געווען אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, געזעסן אין וואַרשע און געוואַרט אויף אַן אַנזאָגונג ווען דער טראַנספּאָרט דאַרף צום צווייטן מאָל אָפּפאָרן (ווייל דעם ערשטן מאָל איז ער אומגעקערט געוואָרן פון רומעניע — מיר זיינען געפאָרן אַ גרופּע פון טויזנט מאַן מיט דער אַ.ג. „אומלעגאַלער עליה"). אַנשטאָט דעם האָב איך זיך דערוואָרט אויף דייטשישע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן וואַרשע.

מיט גרויסע שוועריקייטן איז מיר געלונגען צו קריגן אַן ערלויבעניש צו פאַרלאָזן וואַרשע און זיך צוריקקערן קיין טעלעכאַן. צען טעג האָט געדויערט די רייזע — וואַרשע־טעלעכאַן. ניט איין מאָל האָט זיך געפונען די באַן אונטערן האָגל פון קוילן און באָמבעס פון דייטשישע עראָפּלאַנען. דעם 10טן סעפּט. בין איך אָנגעקומען קיין טעלעכאַן צופוס פון שווענטעוואָליע (ווייל דער קליינבאַן איז שוין געווען פאַראַליזירט).

דאָס שטעטל האָט זיך געפונען אונטערן איינדרוק פון די געשעענישן פון די לעצטע צען טעג. מענטשן האָבן ניט געוואוסט צוערשט וואָס צו טאָן. שלעכט צו וואַרטן ביז וואַנען דער דייטש וועט קומען און פון דער צווייטער זייט — די סאָוועטן — צי דען וועלן זיי עפענען די גרענעץ פאַר מענטשן וועלכע אַנטלויפן פון פּוילן, כדי נישט אַריינצופאַלן צום דייטש. אָבער אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט האָט אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג, דאָס הייסט, גיין צו דער סאָוועטישער גרענעץ און זאָל זיין וואָס עס זאָל ניט געשען; ניט מעגלעך אַז מ'זאָל אויף אונדז שיסן — אַזוי האָבן מיר געטראַכט.

די אַלע האָבן פאַרגרייט קליידער, שטיוול, ווי אויך שפּייז, איבערגעהויפּט געטרוקנטע סוכאַרעס, און האָבן בלויז געוואַרט און נאָכגעשפּירט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט די רעפּאָרטן פון די קאַמפּן, איבערגעגעבן אין ראַדיאָ, כדי צו באַשליסן ווען צו רירן זיך פון אָרט. דעם 16טן סעפּטעמבער אין אָוונט, נאָך אַ קורצער באַראַטונג, האָבן מיר באַשלאָסן אין משך פון קומענדיקן טאָג אָנהויבן דעם מאַרש צו דער סאָוועטישער גרענעץ.

שוועד איז געווען אויפן ־אַרצן. די גרעסטע טייל האָבן באַדאַרפט זיך געזעגענען מיט די עלטערן, וועלכע האָבן ניט געקענט באַשליסן און זיך לאָזן אין וועג, וועלכן מ׳האָט באַדאַרפט אין גרעסטן טייל מאַכן צופוס; וואָס וועט זיין דער גורל מיט די איבערגעבליבענע אויפן אָרט, און נאָך ווייניקער איז באַוואוסט, וואָס עס שטייט פאָר דורכצומאַכן די יעניקע וועלכע וועלן מאַרשירן צו דער סאוועטישער גרענעץ. אַלענפאַלס, קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ. די עלטערע מענטשן איז שווער איבערצולאָזן דאָס אָנגעהאָרעוועטע מיט בלוט און שווייס, די היקער, דאָס ביסל זאַכן. זאָגן זיי: „גייט קינדערלעך און זאָל אייך גאָט פירן אויפן ריכטיקן וועג, און מיר וועלן שוין ווי עס איז זיך דורכמאַטערן אויפן אָרט.“

אויף מאָרגן פרי, דעם 17טן סעפט., זיינען מיר, ווי די גאַנצע וועלט, איבערראַשט געוואָרן הערנדיק די מעלדונג פון דער סאָוועטישער רעגירונג, אַז די רויטע אַרמיי שטרעקט אויס איר „ברודער האַנט“ די פעלקער פון מערב ווייסרוסלאַנד און מערב אוקראַאינע און קומט זיי אַנטקעגן. די לאַגע איז ראַדיקאַל געענדערט געוואָרן. די פרייד אונדזערע האָט ניט געהאַט קיין גרענעץ. ס׳הייסט, מען בלייבט אַלע אין די היימען און אַנשטאָט מיר זאָלן גיין צו זיי, קומען די סאוועטן צו אונדז. אַ קליינער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, סוחרים, האָבן ניט באַהאַלטן זייער טרויער, זאָרג און אומצופרידנהייט — זיי ווייסן אַז אין ראַטן־פאַרבאַנד איז אָפּגעשאַפט פריוואַט־אייגנטום — איז וואָס וועט זיין מיט זייערע געשעפטן און וואָס וועט זיין ווייטער?.. אָבער דער פאַקט איז אַ געשעענער.

דורך טעלעכאַן האָבן אָנגעהויבן זיך ציען פאַרשיידענע טיילן פון דער צעקלאַפּטער פוילישער אַרמיי; אייניקע פון די אָפיצירן, וועלכע האָבן ניט געקענט איבערטראָגן די חרפּה, האָבן אַלץ געסטראַשעט, אַז מ׳זאָל זיך ניט פרייען; זיי גייען אויפקלייבן כוחות און אַרויסטרייבן די באָלשעוויקעס צוזאַמען מיט די דייטשן. אויס נקמה האָבן די פוילישע סאָלדאַטן אָפּגעטאָן פאַרשיידענע פאַרברעכנס: געשאָסן אויף דער ציווילער באַפעלקערונג (דאָן איז פאַרוואונדעט געוואָרן אַהרן לאַנדמאַן, יצחקס יונגסטער זון), מיט געוואַלד פאַרשלעפּט אייניקע יוגנטלעכע ביז די דערפער קראַגלעוויטש און אפילו ווייטער. די טעלעכאַנער פּאָליציי זיינען אַרומגעלאָפן ווי פאַרסמטע מייז. עס האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען אין האַלב־ציווילע קליידער פיל אידישע בחורים, וועלכע האָבן געדינט אין דער פוילישער אַרמיי.

די אידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין אַלגעמיין, ווי שוין פריער געזאָגט, פרייער אָפּגעאָטעמט, געמוזט גלייך אָנהויבן זאָרגן פאַר איר זעלבסטשוץ און זיין גרייט אויף כאָטש אַ קורצן, אָבער אַ געוויסן פּעריאָד אָן אַן אָרטיקער מאַכט, ווייל אידן ווייסן ווי געפערלעך עס איז ווען עס הערשט אַ הפקרדיקע אַנאַרכיע אָן קיין מאַכט. (עס האָט געדויערט כמעט אַ וואָך צייט ביז עס זיינען אָנגעקומען אויסשפּירונגס סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי. סטיכיש האָבן זיך מענטשן געזאַמלט צום בנין פון פּאָליציי קאָמיסאַריאַט (ביי אברהמל דעם סופרלס אין מויער). כאָטש עס איז געווען אַ וואַרעמער טאָג, איז אַ גאַנצן טאָג געגאַנגען אַ רויך פון קוימען פון פּאָליציי־בנין — זיי האָבן פאַרברענט זייערע פּאַפּירן און דאָקומענטן.

ס׳איז געווען דעם 18טן סעפטעמבער אין אָוונט. מענטשן שוויבלען און גריבלען אין גאַס פון פּאָליציי־בנין, מען וואַרט אויף עפּעס, כאָטש מען ווייסט ניט וואָס, אָבער מען פילט אַז עפּעס מוז געשען. אויפן באַלקאָן פון פּאָליציי קאָמי־סאַריאַט באַווייזן זיך דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי מיט זיין פּאַרטרעטער, דער רב גליק, די ברידער לייבל און אפרים קליטעניק און נאָך איניקע חברים באַוואוסטע אין טעלעכאַן אַלס קאָמוניסטן. דער קאָמענדאַנט מעלדעט קורץ אַז זיי פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אייניקע פּאָליציאַנטן לאָזן איבער זייערע פרויען און קינדער, בעט ער און ער איז זיכער, אַז די באַפעלקערונג וועט ניט דערלאָזן אַז זיי זאָל געשען עפּעס שלעכטס. און כדי צו פאַרזיכערן דאָס לעבן און פאַר־מעגן גיט ער איבער דאָס גאַנצע געווער וואָס געפינט זיך אין פּאָסטערונאָק (חוץ רעוואָלווערן) צו די פאַרשטייער פון דער באַפעלקערונג מיט הרב גליק בראש. דער רב גליק מיטן קאָמענדאַנט דריקן זיך די הענט. און דער רב גליק מעלדעט זיך צו די פאַרזאַמלטע און זאָגט אויף רוסיש:

„פון היינט אָן געפינט זיך די מאַכט פון שטעטל טעלעכאַן אין מיינע הענט. ווער עס וועט זיך ניט אונטערוואַרפן מיינע פאַראָרדענונגען וועט באַשטראָפט ווערן אויפן שטרענגסטן אופן. פאַרן קאָמענדאַנט פון שטאָט באַשטים איך דעם חבר לייבל קליטעניק.“

אַזאַ פּראָצעדור פון איבערגעבן אָפיציעל די מאַכט דורך דער פּוילישער פּאָליציי איז ווייזט אויס טעלעכאַן דער איינציקער פאַל. ווי אויך דאָס איבערנעמען די מאַכט דורך אַ רב, וועלכער נאָמינירט אַ קאָמוניסט אַלס קאָמענדאַנט — איז ווייזט אויס אויך דער איינציקער פאַל. דער אויבן־דערמאָנטער אַקט איז, חוץ דעם גרויסן רושם וואָס ער האָט געמאַכט אויף די פאַרזאַמלטע, אויך כדאי צו פאַרצייכענען ווי אַ זעלטנהייט אין דער געשיכטע פון אַ רעוואָלוציאָנערן איבער־גיין פון דער מאַכט צו די באָלשעוויקעס.

דאָס שטעטל האָט גלייך גענומען זיך גרייטן אויף צו באַגעגענען די רויטע אַרמיי. אויף סוועטעזדזאָליער גאַס איז אויסגעבויט געוואָרן אַ טויער, באַפּוצט מיט גרינס. מען האָט אָבער אויך באַדאַרפט לאָזונגען אין רוסיש. איך געדענק ווי מ׳האָט זיך צו מיר געווענדעט מיט אַ ביטע, איך זאָל אָנשרייבן דעם לאָזונג, (איך האָב ניט שלעכט געצייכנט און געמאָלט). איך האָב אָבער קיין איין רוסיש אות ניט געקענט. האָט עמיצער געפונען אַן אַלט פאַרשימלט רוסיש ביכל און יענער האָט מיר געוויזן וועלכע אותיות איך דאַרף דרוקן און איך האָב נאָכקוקנ־דיק איבערגעדרוקט, אות נאָך אות אויף אַ גרויסן רויטן לייוונט, ניט ווויסנדיק דעם אינהאַלט פון דעם וואָס איך דרוק. יעדער איינער מיט וואָס נאָר ער האָט געקאָנט ביישטייערן, האָט געהאָלפן מאַכן די צוגרייטונגען צו דער באַגעגעניש מיט דער רויטער אַרמיי. מיידלעך האָבן גענייט רויטע פענער, געפּוצט דעם קלוב פון „דאָם לידאָווי“, א.אַז.וו.

ניט קליין איז געווען די אַנטוישונג, ווען אָנשטאָט צו באַגעגענען אַן אַרמיי, ווי מ׳האָט זיך געגרייט, איז אַריינגעקומען אין שטאָט אַ „דזשיפ“ מיט 3־4 אָפיצערן און סאָלדאַטן, און האָבן געמאָלדן אַז אין גיכן וועט אויפן אָרט איינגע־שטעלט ווערן די סאָוועטן מאַכט און ס׳וועלן אַראָפּקומען פאַרשטייער, וועלכע וועלן אָרגאַניזירן די יסודות פון אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג.

דער „דזשיפ" איז גלייך ווייטער אַוועקגעפֿאָרן און מען איז ווידער געבליבן אָן אַ מאַכט. דאַן זיינען צונויפגערופן געוואָרן די אידישע יוגנטלעכע. לייבל קליטעניק האָט צעטיילט די ביקסן. די גרופע האָט זיך אָנגערופן „קראַסנאַיאַ גוואַרדיאַ" און דער ציל איז געווען, אויפהאַלטן די רו און אָרדענונג ביז עס וועט איינגעשטעלט ווערן אַן אָרטיקע מאַכט. איך געדענק, אַז איך, צוזאַמען מיט בייניש מאזריער (לייבע חיה'ס זון) האָבן יעדע נאַכט פּאַטרולירט אויף שווענטע־וואליער וועג ביים אָנהויב נעבן מיל אין סמאָלניע.

די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך אַלעמען פריוויליק און געטריי אין משך פון איניקע חדשים, אָן קיין שום אָפּצאָל פאַר דעם. און ווען די סאָוועטישע מאַכט האָט שפּעטער יעדן איינעם געגעבן צו פופציק רובל פאַר אַרבעטן אין דער „קראַסנאַיאַ גוואַרדיאַ", האָבן איניקע זיך געפילט באַליידיקט: „ס'טייטש, מיר האָבן דאָך עס געטאָן ניט דערוואַרטנדיק קיין אָפּצאָל." דאָס באַווייזט ווי באַגייסטערט די יוגנט איז געווען מיט דעם בייטן זיך פון דער מאַכט.

די אָנגעקומענע באָלשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן זייער פראָפּאַגאַנדע, דער־ציילנדיק וועגן לעבן אין ראטנפאַרבאַנד, מאָלנדיק, אַז דאָרט איז ממש אַ גן־עדן. די באַרימערייען פון די אָנגעקומענע סאָוועטישע מענטשן איז דערגאַנגען ביז צו קוריאָזן. למשל, ווען מען האָט געפרעגט צי די אָדער יענע פּראָדוקטן און זאַכן זיינען פאַראַן אין רוסלאַנד, איז שטענדיק געווען דער ענטפער, אַז „מיר האָבן גרויסע פאַבריקן, וואָס מאַכן אַלעס." האָט איינער אַ איד אַ פרעג געטאָן וויצלענ־דיק: „און לימאָנעס האָט איר?" דער ענטפער איז געפאַלן: אָה, אַזעלכע פאַבריקן האָבן מיר זייער פיל!"

די אַלע אָנגעפאָרענע ציווילע מענטשן פון רוסלאַנד זיינען געווען זייער שלעכט געקליידעט און זעענדיק דעם אונטערשייד אין קליידונג וואָס איז געווען ביי אונדז, האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי האָט מען מאָביליזירט גלייך פון דער אַרבעט פון פאַבריק און פון פעלד, אַזוי אַז זיי זיינען געקומען אין די אַרבעטס־קליידער. אויך האָבן זיי ניט געוואָלט דעמאַסקירן דאָס פעלן פון קליידונג און עסנוואַרג אין רוסלאַנד. דעריבער האָבן די אַלע מענטשן זייער גיך אויסגעקויפט אַלץ וואָס איז נאָר געווען אין די קראָמען; אויך דערפאַר ווייל די פרייזן ביי אונדז זיינען געווען זייער נידעריקע אַנטקעגן די רוסישע פרייזן. צום ביישפּיל: אַ פאָר שטיוול האָט געקאָסט ביי אונדז 30 זלאָטעס און אין רוסלאַנד — 300-400 רובל. אָבער ווייל די פוילישע זלאָטע איז געוואָרן פאַרגלייכט צו דעם רובל, האָבן די שטיוול געקאָסט 30 רובל.

עס האָבן גלייך אָנגעהויבן פעלן די סאַמע נויטווענדיקע פּראָדוקטן. אפילו ברויט, צוקער, ביסקוויטן און אַנדערע זיסוואַרג האָט מען געקענט קריגן בלויז אָפּשטייענדיק אַ לאַנגע צייט אין די רייען. אָבער ניט געקוקט אויף דעם האָט זיך געפילט אַ גרויסע אויפלעבונג אין געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. אין פאָלקס־הויז פלעגן אָפט פאָרקומען פאַרזאַמלונגען, וואו מ'האָט אויפגעקלערט די סאָוועטישע קאָנסטיטוציע, די געזעצן און די נייע באַציאונגען. עס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן די פאַרשיידענע סאָוועטישע אַדמיניסטראַטיווע פאָרמען פון די מאַכט אָרגאַנען. די יוגנט האָט גענומען לערנען די רוסישע שפּראַך. אויך פאַרשידענע קורסן זיינען געשאַפן געוואָרן אויף צו לערנען די פיל נייע

זאַכן, ווי באַנק־אַרבעטער און אַנדערע ספּעציפֿישע אַרבעטן אין די פֿיל נייע געשאַפֿענע ביוראָען. און ווייל די אידישע יוגנט איז געווען מער געבילדעט און מער איבערגעגעבן דער נייער אָרדנונג, האָבן זיי טאַקע פֿאַרפֿולט די אַלע אַרבעטס פּלעצער. צ.ב.: מיין יונגערע שוועסטער, אסתר, האָט געגומען אַרבעטן אַלס אָנגעשטעלטע אין מלוכה־באַנק און ווי איך געדענק פֿאַר אַ קורצער צייט פֿאַר־פּולקאָמט זיך ביי דער אַרבעט און געוואָרן אַ „סטאַכאַנאָווקע", ד.ה., זי פֿלעגט מאַכן פֿיל מער באַנק אָפּעראַציעס וויפֿיל ס'האָט זיך געפֿאָדערט לויט דער נאָרמע.

די געשאַפֿענע נייע באַדינגונגען האָבן געגעבן אַ שטויס דער יוגנט פֿאַר־זעצן דאָס לערנען. מ'דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז לערנען זיך אין אַ גימנאַזיע האָט געקאָסט זייער פֿיל געלט און זעלטן ווער עס האָט געקענט זיך דערלויבן צו שיקן זייערע קינדער לערנען. מיך האָבן די עלטערן געמאַכט אַ פּרואוו צו געבן מיטעלע בילדונג, אָבער נאָך צוויי יאָר אָפּלערנען אין פּינסקער טשעטשיקס גימנאַזיע האָב איך געמוזט אין 1933 איבעררייסן, ווייל דער אַלגעמיינער וועלט־קריזיס פֿון יענעם יאָר האָט דערלאַנגט אפילו ביז טעלעכאַן. דער פֿאָטער איז געבליבן אַרבעטסלאָז, ווייל קיינער האָט דעמאָלט ניט געבויט קיין הייזער, האָט מען ניט געדאַרפֿט קיין טירן און פֿענצטער. נאָכהער האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן ביים פֿאָטער סטאָלערײַ און אַזוי געאַרבעט ביזן אָנקומען פֿון די באָלשעוויקעס.

דערוויסנדיק זיך אַז אין דער זעלבער גימנאַזיע וואָס כ'האָב מיט 6 יאָר צוריק פֿאַרלאָזן, לערנען נאָך די זעלבע לערער, בין איך אַוועקגעפֿאָרן קיין פּינסק. די לערער האָבן מיך געדענקט און זיך דערפֿרייט (ווייל איך בין געווען ניט פֿון די ערגסטע שילער). דער ווינטער 1939-40 איז געווען זייער אַ שאַרפֿער. גרויסע פֿרעסט, און האָלץ האָט געקאָסט טייער. איז מען געזעסן אין די הייזער אין פּעלצן. איך האָב באַדאַרפֿט צוויי חדשים זיך צוגרייטן צו די עקזאַמענס, וועלכע מ'האָט מיר פֿאַרגעלייגט צו האַלטן צום האַלבן יאָר אין יאַנואַר 1940. כבין געזעסן טאָג און נאַכט אויף די ביכער, ווייל כ'האָב פֿאַר די זעקס יאָר פֿיל פֿאַרגעסן; אויך האָב איך געוואָלט איבערשפּרינגען איין קלאַס העכער, כדי ניט צו לערנען מיט פֿיל יונגערע קינדער פֿון מיר.

די דערנערונג איז געווען — טיי מיט סאַכאַרין (ווייל צוקער איז געווען שווער צו קריגן), און ברויט מיט געקאָכטע „ברוסניצעס" (וואָס די מאַמע האָט נאָך זומער אָנגעקאָכט). אָבער ניט געקוקט אויף די אַלע שוועריקייטן (קעלט און הונגער) האָב איך די עקזאַמענס אויסגעהאַלטן. די ערשטע דריי חדשים האָט מען געלערנט אַלעס אין יידיש, צום ענדע יאָר, די לעצטע צוויי חדשים, האָט מען די גימנאַזיע איבערגעקערט אויף אַ ווייסרוסישער און די אונטעררריכטונגס שפּראַך איז געוואָרן ווייסרוסיש. אַך, ווי מיר האָבן פֿיינט געהאַט די פֿאַרגרעבטע כאַכלאַצקע שפּראַך, און נאָך געדאַרפֿט לערנען די ווייסרוסישע ליטעראַטור. אָבער צום נייעם שול־יאָר (דער לעצטער קלאַס פֿון דער מיטלשול) איז די גימ־נאַזיע געוואָרן שוין ווידער אַ רוסישע און די חברה האָבן געגומען „זוברעווען" די רוסישע שפּראַך מיט גרויס חשק.

אָבער די האָפֿענונגען וואָס איך האָב געהאַט צו ענדיקן דאָס יאָר די גימ־נאַזיע און מעגלעך קאָנען שטודירן אין אַ סאָוועטישן אוניווערסיטעט, זיינען אַנטרונען. צוויי חדשים נאָכן אָנפֿאַנג פֿון שול־יאָר איז פֿאָרגעקומען אַ מאָבילי־

זאַציע פון אַלע די וועלכע האָבן ניט באַוויזן גיין אין דער פוילישער אַרמיי. (אין דער פוילישער אַרמיי פלעגט מען נעמען צו 21 יאָר, אין דער רויטער אַרמיי צו 18 יאָר). ריכטיק יום־כיפור האָבן טאַטע, מאַמע, ברודער און שוועסטער, פריינט און חברים באַגלייט מיך און נאָך דריי אידישע אינגלעך צו דער קליינ־באַן, און מיר זיינען אָפּגעפאָרן ניט וויסנדיק אין וועלכער ריכטונג, כדי צו דינען אין דער רויטער אַרמיי. טאַטע־מאַמע האָבן געלאָזן אַ טרער, אָבער ביי קיינעם איז ניט געקומען אויפן געדאַנק, אַז דאָס איז צום לעצטן מאָל און מער וועט מען זיך ניט זען...

צוזאַמען מיט מיר זיינען אַוועק: אליהו, סענדער דעם שניידערס; בערל, זיסקין דעם שניידערס; און פייוול, לעמל באָמס זון.

געפאָרן זיינען מיר אין פאַרמאַכטע טאָוואַרנע וואַגאָנעס. אויפן וועג האָט מען צו אונדזער עשאַלאָן צוגעטשעפּעט נאָך און נאָך וואַגאָנעס. אין זעלבן עשאַלאָן האָבן זיך באַהעפט חברה פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, צווישן זיי, מיין קוזין אהרן שמואל, רבקהס זון, וועלכער איז אומגעקומען די ערשטע טעג פון קריג אין לענינגראַד. וואַגאָנעס מיט טאַדזשיקן און אוזבעקן, אין זייערע נאַציאָנאַלע קליידער, ווי שטוביקע פרויען־כאַלאַטן. זיי האָבן קיין רוסיש ניט געקאָנט ריידן און האָבן אַלץ געטראַכט ווי צו אַנטלויפן פון די וואַגאָנעס, וואָס אונדזערע חברה איז עס אפילו אויפן געדאַנק ניט געקומען.

מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן פאַרשידענע סטאַנציעס אין די רוסישע געגנטן. פיינלעכע בילדער, וועלכע זיינען נאָך ביז איצט איינגעקריצט אין זכרון: באָר־וועסע און צעפּגעריסענע קינדער האָבן אַרומגערינגלט די וואַגאָנעס מיט וויינענ־דיקע שטימען: „דיאַדושקאַ, בראָס כליעבושקאַ" (פעטערל, וואַרף אַראָפּ אַ שטיקל ברויט). ווייל מיר האָבן נישט געוואוסט וואו מיר געפינען זיך, האָב איך פאַר־געדענקט די סטאַנציע וואו די באַן איז געשטאַנען: „ריבאַצקאָיע", דאָס איז אויפן וועג קיין לענינגראַד (ווי שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן).

אָנגעקומען זיינען מיר ניט ווייט פון מורמאַנסק, אין פוסטע ערטער, ניט באַפעלקערטע, אָבער דערפאַר זיינען דאָרט פול קאָנצענטראַציע לאַגערן פון אַרעסטאַנטן, „פערעסעליענצעס" און אַנדערע „פאַרברעכער", קולאַקעס און געוועזענע רייכע רוסן (אַרויסגעשיקט אַהער נאָך דער רעוואָלוציע אין 1918). ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין אָקטאָבער איז שוין דאָרט געווען דער ווינטער אין פולן ברען. כמעט די גאַנצע צייט פינצטער, בלויז איייניקע שעה אין טאָג אַביסל ליכטיקער. זומער איז פאַרקערט, די גאַנצע צייט ליכטיק, די זון פאַרגייט און גייט גלייך ווידער אויף.

ניט אויפגעבנדיק מיין האָפענונג צום לערנען, בין איך אין אַ קורצער צייט אַרום אָנגענומען געוואָרן אַלס סטודענט אין לענינגראַדער זאָאָטשענעם אינסטי־טוט פון טעכנאָלאָגיע. כ'האָב שוין געדאַרפט אָפּשיקן די ערשטע עקזאַמענס אַרבעט, ווי ס'איז אויסגעבראָכן דער קריג מיט דייטשלאַנד. דאַן איז ניט געווען שוין צו טראַכטן וועגן לערנען. דעם ערשטן טאָג אַרויסגעמאַרשירט אויפן פראָנט און אָפּגעוועזן אָן איבעררייס ביזן 30טן דעצעמבער, 1945. פאַר מיינע אויגן זיינען געפאַלן צוויי פון מיינע טעלעכאַנער חברים, וועלכע כ'האָב פריער

גאָלדע סטאָליאַר (כפר יהושע, ישראל)

# זכרונות פון טעלעכאַן

ווען זיך האָט מיין מאַמע ווינציק דערציילט, אָבער געוואוסט האָב איך אַז זי האָט פאַרבראַכט אַ שווערע קינדהייט. דער זיידע, פישל ז״ל, נאָכדעם ווי מיין באָבע סלאַווע האָט אים געבוירן פינף קינדער — פיר טעכטער און איין זון, און נאָך דאַן, ווען אַלע קינדער זיינען געווען קליין, האָט ער אונדזער באָבען סלאַווע, אָפּגעגט. און אונדזער באָבע סלאַווע ע״ה איז אַ פאַרשעמטע אַוועק צוריק אין איר געבורטס־שטאָט, איבערלאָזנדיק אַלע קינדער ביים זיידן.

מיין מאַמע חנה ז״ל, די עלטסטע טאָכטער פון דעם זיידן פישל, איז אַלט געווען 9 יאָר און ס׳איז אויסגעפאַלן אויף איר גורל צו טראָגן די פיזישע און גייסטיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אירע יינגערע שוועסטער און ברידער.

זי פלעגט אונדז דערציילן, אַז צו 9 יאָר האָט זי שוין אפילו ברויט אין אויוון געזעצט און געבאַקן, באַנוצנדיק זיך מיט אַ קליין בענקעלע צו דערגרייכן.

לאַנג איז מיין זיידע פישל ז״ל נישט געווען אָן אַ פרוי. די נאַטור פאָדערט אירס, און ער האָט חתונה געהאַט מיט גיטל דער שפּרעכערין, און די קינדער האָבן דורך דעם אויך זייער טאַטן פאַרלאָרן. די שטוב איז שוין פאַר זיי קיין היים נישט געווען.

נאָכדעם ווי זיי זיינען אַביסל אונטערגעוואַקסן, האָבן אַלע קינדער זיך אַרויסגעלאָזן איבער דער וועלט. צוויי שוועסטער, נעמי און ביילה, און דער ברודער הערשל, זיינען אַוועק נאָך אַמעריקע. אונדזער מאַמע און איר שוועסטער האָבן חתונה געהאַט אין טעלעכאַן.

---

אויסגערעכנט, אַ חוץ אליהו סענדערס, וועלכער איז לעבן געבליבן און כ׳האָב אים נאָך דער מלחמה געטראָפן.

איך וויל בלויז איבערגעבן אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך, וואָס איז כדאי צו פאַרצייכענען וועגן די אינערלעכע איבערלעבונגען און ראַנגלענישן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין מיר אין אַ געוויסן טאָג. עס איז דווקא געווען אַ רואיקער טאָג אָן באָמבאַרדירונגען און אָן שיסערייען. מיר זיינען געלעגן און גערוט אין די אָקאָפּן, אָבער עפּעס אין מיר איז פאָרגעקומען אַזוינס, וואָס האָט מיך צעריסן אויף שטיקער. איך האָב געמיינט אַז איך ווער משוגע און דאָס האַרץ פּלאַצט. איך האָב ניט געוואוסט וואָס אין מיר קומט פאָר און איך האָב באַשלאָסן, אַז אויב מיר וועט זיין באַשערט צו בלייבן לעבן נאָך דער מלחמה, זאָל איך זיך באַמיען צו דערוויסן, וואָס איז עס געווען פאַר אַ טאָג. איך האָב פאַרצייכנט און פאַרגעדענקט. דאָס איז געווען דער 4טער אויגוסט, 1941. מיט פיר יאָר שפּעטער איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז אין דעם טאָג האָבן די דייטשישע מערדער אויסגעהרגעט אַלע אידן אין טעלעכאַן און בתוכם מיין טאַטע־מאַמע און די גאַנצע משפחה...

דאָ הויבט זיך אָן דער ווייטערדיקער געראַנגל מיט די שוועריקייטן פון לעבן. דער טאַטע אונדזערער, אַ שווערער האָרעפּאַשניק, אַ פלינקער גאַנטעס קלאַפּער און בויער, האָט געאַרבעט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג. דער פאַרדינסט איז קוים געווען אויף צום לעבן. די מאַמע אונדז־ערע איז געווען באַשענקט פון דער נאַטור מיט איניציאַטיוו, קלאָרן פאַרשטאַנד און שפּאָרזאַמ־קייט. זי האָט געעפנט אַ מילך־קראָם, געשלעפּט קאַנען מיט מילך פון פּאַכט, פאַרקויפט פּוטער און קעז, געהאָדעוועט און דערצויגן די קינדער, געניית אין די נעכט פאַר אַלע קינדער. אירע הענט האָבן קיינמאָל נישט גערוט, און דורך איר פלייסיקער הילף האָבן די קינדער ניט געוואוסט פון קיין הונגער.

אין יאָר 1904, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה, איז אונדזער טאַטע געווען אין עלטער פון מאָביליזאַציע צושטאַנד. ער האָט ניט געהאַט קיין חשק צו געבן זיין קאָפּ פאַר „פּאָניעץ" און ער האָט באַשלאָסן צו אַנט־לויפן קיין אַמעריקע, ווי ס'האָבן געטאָן פיל אין זיין עלטער. מיט גרויס סכנות און שוועריקייטן, דורך פאַרשיידענע מאַכערס, איז ער אָנגעקומען אין אַמעריקע. די מאַמע איז געבליבן מיט צוויי קינדער: הלל און פייגל, און מיט אַ קינד אונ־טערן האַרצן, איינזאַם אַליין. דאָס זיינען געווען שווערע יאָרן פאַר איר. ביז דער טאַטע האָט זיך באַקענט מיטן נייעם שטייגער לעבן, און ביז ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו אַ נייער אַרבעט, האָט געדויערט אַביסל צייט. דערווייל איז די מאַמע געווען אָן מיטלען צום לעבן.

די באָבעביילקע ע"ה האָט מיין מאַמען ליב געהאַט און זי פלעגט איר אַרויסהעלפן אין צייט פון נויט. פיר יאָר איז אונדזער טאַטע געווען אין אַמע־ריקע. אין יאָר 1909 האָט זיך דער טאַטע אומגעקערט אין טעלעכאַן, דעם באַגאַזש וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך איז אין וועג פאַרלאָרן געגאַנגען. אָבער ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט און דאָס לעבן איך געוואָרן גרינגער און לייכטער פאַר אונדזער פאַמיליע.

אין יאָר 1910 בין איך געבוירן געוואָרן. מיר האָבן שוין דאַמאָלסט געהאַט אָן אייגענע שטוב, געבויט צוזאַמען מיטן זיידן פישל. דער טאַטע פלעגט אַמ־מערסטן אַרבעטן אויסער טעלעכאַן אין דער געגנט. ער פלעגט אַוועקפאָרן מיט אַלע איבעריקע פלאָטניקעס אויפן זומער־סעזאָן. ווינטער פלעגן די פלאָטניקעס ניט אַרבעטן צוליב די פרעסט און שנייען.

איך געדענק ווען די באָבע ביילקע ע"ה איז געשטאָרבן. אין דער צייט איז דער טאַטע געווען אויף אַן אַרבעט אין דער סביבה, און, אויב איך האָב קיין טעות ניט האָט מען אים אַרויסגערופן דורכן טעלעפאָן. די באָבע ביילקע איז גע־ווען אַן אשת־חיל. דער זיידע הלל יעקב איז פאַראַליזירט געוואָרן ווען ער איז נאָך יונג געווען. דאָס איז אים געקומען נאָכדעם ווי ער איז געזעסן אין תפיסה 9 מאָנאַטן, צוליב דעם וואָס ער האָט זיך אונטערגעשריבן אַלס עדות צו באַפרייען הלל ברומבערגס פון מיליטער.

דער זיידע, הלל יאַנקל, איז געווען אַ שטאַרקער יונג, און דאָס זיצן אין תפיסה אָן באַשעפטיקונג האָט געווירקט שלעכט אויף זיין געזונט. קורץ נאָך זיין באַפרייט ווערן איז ער פאַראַליזירט געוואָרן, און דרייצן יאָר האָט ער זיך געמאַטערט, ביז ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה. די באָבע ביילקע איז געבליבן

מיט אירע 8 קינדער: 5 זין און 3 טעכטער. פון אַלע קינדער זיינען ביים לעבן געבליבן איצט: צוויי זין, לייבע און פרויקע. אַלע זין און טעכטער זיינען געווען פעאיקע, ערלעכע, אַרבעטס־זאַמע און לוסטיקע. זיי זיינען געווען באַקאַנט ווי גוטע זינגערס. אַלע האָבן חתונה געהאַט, געבאָרן קינדער און ייי דערצויגן. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער פעטער יהושע סטאָליאַר, מיט זיין אונ־טערנעמערישקייט און אינטעליגענץ. ער פלעגט אויספירן די גרעסטע פּאָדראַדן און אַליין מאַכן די פּלענער, ניט זייענדיק קיין דיפּלאָמירטער אינזשעניער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ געזעלשאַפטלעכן חוש, מיט אַ טיפער מענטש־לעכער נשמה.

איך האָב אים ליב געהאַט נישט ווינציקער ווי מיין אייגענעם טאַטן, אפילו אין די יאָרן פון ירידה האָט ער זיין מוט ניט פאַרלאָרן און האָט זיך געפרייט מיט דאָס ווינציקע גוטס וואָס ס'איז אים פאַרבליבן.

ס'זיינען אַדורך פינף יאָר נאָך מיין טאַטנס קומען פון אַמעריקע, און די לופט האָט ווידער אָנגעהויבן שמעקן מיט פולווער. איך בין קוים פינף יאָר אַלט געוואָרן ווען ס'איז דערשינען אין הימל דער ערשטער דייטשישער עראָ־פּלאַן. יונג און אַלט האָבן אים באַגלייט מיט ציטער אין האַרצן. דער מאָרד אויף דעם פּרינץ אין סאַראַיעוואָ — דאָס איז געווען די דייטשישע פּראָוואָקאַציע צו דערקלערן קריג.

מיין טאַטע האָט זיך געדאַרפט צושטעלן צום פּריזיוו. ס'הויבט זיך ווידער אָן אַ נערוון־שפּאַנונג; ס'גלוסט זיך אים ניט צו לייגן זיין קאָפּ פאַרן „צאַר־באַטיושקאַ." ער פּרוואווט זיך אויסקויפן פאַר געלט, און לעבט אין אַ שטענדיקן ציטער. אָט אַנטדעקט מען אים. די מלחמה איז אין פולן גאַנג און ברען, די דייטשן האַלטן אָפּ נצחונות.

נאָך איין יאָר פון קריג, דערנענטערן זיך די שלאַכטן צום אָגינסקער קאַנאַל. ס'קומט אָן אַ באַפעל צו עוואַקואירן די ציווילע באַפעלקערונג פון שטעטל. די רוסישע יונקערשאַפט בושעוועט און שיכורט אַ נאַכט פריער. צומאָרגנס האָבן די זעלנער געקראָגן אַ באַפעל אַרויסצוטרייבן די ערשטע אייוואַוינער פון סוועטאָ־וואָליער גאַס. פייגל, דער מומע אסתר לאה'ס, קומט אַ דערשראָקענע צולויפן צו אונדז טראָגנדיק דאָנעלען (דעם יתום פון איר שוועסטער ראשע ע"ה) אויף די הענט. די מומע אסתר לאה און דער פעטער יעקב אהרן זיינען געווען אין קאָלאָנסק, זיי האָבן געהאַלטן דאָרטן דעם „הויף" אין אַרענדע.

פייגל, הלה און כאַנטשע ז"ל האָבן גענומען דאָנעס וועגעלע און זיינען אַוועק אין דער ריכטונג פון סוועטע־וואָליער גאַס, אַרויסראַטעווען אַביסל הויז־ווירטשאַפט פון דעם פעטערס הויז. אין דער צייט האָבן שוין די רוסישע זעלנער באַוויזן צו נעמען אנטייל אין רויב פון אידישן האָב און גוטס. פאַרנאַכט איז די גזירה פאַרשפּרייט געוואָרן איבערן גאַנצן שטעטל. די גאַנצע אידישע באַפעל־קערונג האָט פאַרריגלט טיר און פענצטער און פאַרלאָזט מיט אַ שווער האַרץ די שטוב און אַלץ וואָס ס'איז געווען אין שטוב.

מיר האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן נעבן פוסטן מויער אויפן פרייען פעלד, אונטערן פרייען הימל האָבן מיר איבערגענעכטיקט די ערשטע נאַכט. צומאָרגנס

האָבן מיר געײַען ווי פייער־צונגען האָבן איינגעשלונגען די דורות־לאַנגע פּראַצע פון אונדזערע עלטערן, און מיר האָבן באַקומען אַ נייעם נאָמען: „היימלאָזע."

לאַנג האָט מען אונדז ניט געלאָזט זיך פאַרהאַלטן אויפן פרייען פעלד, און מען האָט אונדז באַפוילן זיך רירן ווייטער. טייל פון דער טעלעכאַנער באַפעל־קערונג האָט זיך געלאָזט צום מערב, טייל זיינען געגאַנגען אין דער ריכטונג צום מזרח, אָן אַ באַשטימטן ציל.

זעקס וואָכן האָט זיך געצויגן דער וועג אונדזערער אונטערן פרייען הימל אין טיפן האַרבסט.

מיר האָבן זיך דערנערט מיט שוועמלעך פון וואַלד און פון „ברוסניצעס" וואָס האָבן געוואַקסן אין די וועלדער. ערטערווייז האָבן די פויערים נישט באַוויזן אַרויסצונעמען די קאַרטאָפל פון די פעלדער, און מיט די פאַרבליבענע קאַרטאָפל האָבן מיר *געשטילט* דעם הונגער. קיין ברויט האָבן מיר אין אונדזערע אויגן ניט געזען אין דער צייט וואָס מיר האָבן געוואַנדערט. ס'איז געווען אַ פאַל ווען אַ זעלנער האָט פאַרקויפט אַ לעבל ברויט, וואָס איז געווען האַרט ווי אַ שטיין. די הונגעריקע טאַטעס זיינען באַפאַלן דאָס ברויט, צוליב דעם האָט זיך געשאַפן אַ בהלה און אַלע מענטשן זיינען איינע די אַנדערע באַפאַלן און מ'האָט זיך געשלאָגן פאַר דעם האַרטן ברויט ווי אַ גאַר גרויסע מציאה.

אין דער צייט האָבן די דייטשן געשטויסן די רוסן טיפער אין רוסלאַנד. איך געדענק ווי איך פלעג מיך קלאַמערן צו דער מאַמען פון שרעק ווען די צעפּע־לינען פלעגן פליען איבער אונדזערע קעפּ. אויך די אַפּטע שיסערייען פלעגן אונדז דערשיטערן, ביז מיר זיינען דערגאַנגען צו אַ יידישן ישוב, וואָס איז געווען דערווייטערט פון אַ סטראַטעגישן פונקט. דאָס איז געווען קלעצק.

דער פעטער יעקב אריה איז געקומען פון קלעצק, ס'האָט אים געצויגן צו זיינע אייגענע, און מיר זיינען געווען געבונדן צום פעטער צוליב זיין פור, וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו היטן דאָס ביסל בעבעכעס, און די קליינע קינדער זיינען געפאָרן אויף דער פור. די גרויסע זיינען דעם גאַנצן לאַנגן וועג געגאַנגען צופוס.

ס'הויבן זיך אָן פאַר אונדז פרישע שוועריקייטן: קריגן אַ דירה, עקזיסטענץ מיטלען. אין יאָר 1916 איז אונדזער פאַמיליע באַשטאַנען פון 8 מענטשן. ווען די מאַמע פלעגט גיין פרעגן וועגן אַ דירה, פלעגן איר אַלע פרעגן: „וויפיל קינ־דער „האָטשיר"? (דאָס איז געווען קלעצקער דיאַלעקט). ביז ס'איז אונדז געלונ־גען צו קריגן איין צימערל, וואו ס'זיינען געשטאַנען 3 נאַרעס סאָלדאַטסקע. דאָס האָט געדינט פאַר אונדז ביינאַכט צו שלאָפן, בייטאָג פאַר אַ טיש און פאַר בענקלעך צום זיצן. ס'איז אונדז געווען פאַרווערט אַ סך מאָל זיך צו דרייען מיט דער טיר, נישט אויפצואוועקן דעם כעס פון דער באַלעבאָסטע. פלעגן מיר אַריין און אַרויסגיין דורכן פענצטער. דער טאַטע האָט מורא געהאַט זיך דרייען אין עפנטלעכע ערטער און צוליב דעם האָט ער ניט געאַרבעט, און די מאַמע האָט געבאַקן ברויט פאַר זעלנער, און דורך דעם האָבן מיר זיך דערנערט.

אויפן פראָנט האָבן די רוסן געליטן מפּלות, איז דעריבער פלעגט די מאַכט מאַכן „נאַכט אַבלאַוועס". דאָס שווערע לעבן וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט האָט

מיין פֿאָטער אַזוי פֿאַרעלטערט, אַז מען האָט אים פֿון מיליטער דינסט באַפֿרייט.
די שווערע סאַניטאַרע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין וועלכע מיר האָבן זיך אין יענער צייט געפֿונען, האָבן גורם געווען צו אַ סך קרענק, און באַזונדערס די קראַנקייט טיפֿוס. די מאַמע איז געווען די ערשטע פֿון די געליטענע. מען נעמט איר צו אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל. מיר בלייבן אַליין. נאָכדעם ווערן קראַנק הלל, פֿייגל, שרהלע. נאָך יעדן קראַנקן אויף טיפֿוס פֿלעגט מען קומען פֿון דער סאַניטאַרער קאָמיסיע מאַכן „דיזענפֿעקציעס" און די באַלעבאָסטע פֿלעגט זיך בייזערן, ברוגזן, אויף די שלימזלדיקע „בעזשענצעס", וואָס מאַכן איר אָן אַזוי־פֿיל זאָרג. די מאַמע איז נאָך שווערע ראַנגלענישן מיטן טויט געזונט געוואָרן צו אונדזער גליק. די קינדער ווערן גרעסער; הלל און פֿייגל הייבן אָן אַרבעטן — פֿייגל ביי גערטנעריי, הלל ביי שוואַרצער אַרבעט.

די וועלט־מלחמה גייט אַריין אין איר אַנטשיידונגס תּקופֿה. די זעלנער אויפֿן פֿראָנט זיינען מיד און אַנטוישט פֿון קריג. די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי נוצט אויס די שטימונגען פֿון די פּויערים און אַרבעטער מאַסן, קעגן דער הערשנדיקער צעפּוילטער אָרדענונג. די מאַסן ווילן שלום! און ס'הויבט זיך אָן אַ נייע תּקופֿה אין אונדזער לעבן.

זיבן יאָר זיינען מיר געזעסן אין קלעצק. דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן. דער טאַטע האָט געאַרבעט ביי בוי־אַרבעט, די גרעסערע קינדער האָבן געאַרבעט, די קלענערע האָבן געלערנט.

עס זיינען צו אונדז דערגאַנגען קלאַנגען פֿון דער אַלטער היים טעלעכאַן. ביסלעכווייז קומען צוריק אירע איינוואוינער. און אַ בענקשאַפֿט האָט אונדז באַהערשט נאָך דער אַלטער היים. נאָכדעם ווי אונדזער כאַנטשע איז געשטאָרבן פֿון אַ לונגען אַנטצינדונג, האָט די מאַמע מער קיין רו נישט געפֿונען אין קלעצק. אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן האָבן מיר פֿאַרפּאַקט די פּעקלעך.

אין יאָר 1923 צוריק אומגעקערט אין טעלעכאַן. אין הויטע זיינען געבליבן באַראַקעס פֿון די גוטע צייטן, פֿון די הויטניקעס. זיי האָבן געדינט פֿאַר צייט־ווייליקע וואוינונגען פֿאַר די אומגעקערטע. מיר האָבן געקראָגן הילף און אָנגעהויבן בויען אונדזער נייע שטוב.

וואוינען אין די באַראַקעס איז געווען שווער. די מאַמע, אַט דער לעבע־דיקער נערוו, האָט זיך אין דער שווערסטער לאַגע ניט פֿאַרלאָרן. זי האָט געזוכט אַ תּכלית פֿאַר די קינדער. מיד האָט זי איינגעאָרדנט אין אַ פֿאַך־שולע אין פּינסק, אַליין האָט זי געבאַקן ברויט פֿאַר די אַרבעטער פֿון „קאַנטאָר."

קיין גרויסע מעגלעכקייטן האָט דאָס קליינע שטעטל ניט צוגעזאָגט דער אומבערוואַקסנדיקער יוגנט. די יוגנט האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ תּכלית. אין די ערשטע יאָרן נאָך אונדזער אומקערן זיך אין טעלעכאַן פֿלעגן מיר אויס־נוצן דעם זומער: קלייבן יאַגעדעס, ברוסניצעס, שוועמלעך, פֿאַרגרייטן שפּייז צום ווינטער. אין די אָוונטן פֿלעגן מיר זיך טרעפֿן אין דער „געסעלע" און פֿאַר־הילכן די לופֿט מיט פֿריילעכן געזאַנג.

שפּעטער האָבן זיך די ערנסטערע פֿון דער יוגנט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן קולטורעל און פּאָליטיש. מיר האָבן געעפֿנט אַ פֿאָלקס־ביבליאָטעק; מיר פֿלעגן

איינאָרדענען טעאַטער מיט אייגענע כוחות, וואָס איז זיכער נישט געשטאַנען אויף דער געהעריקער קינסטלערישער הויך. אָבער ס'האָט עקזיסטירט אַ ווילן צו שאַפן. עס זיינען אויך געווען זעלבסט־בילדונגס קרייזן; ס'האָבן זיך געשאַפן ריכטונגען. כ'גלויב אַז וועגן פּאָליטישן לעבן און שאַפן פון דער טעלע־כאַנער יוגנט וועט זיכער דערשיינען גענוג מאַטעריאַל פון מער באַגאַבטע פון מיר, וועלכע וועלן ווידמען מער צייט און געדאַנק אויף דעם געביט.

אין דער נייער שטוב אונדזערער האָבן מיר אויך געזאָרגט אַז דער זיידע פישל מיט דער מומע גיטל זאָלן האָבן אַן אייגענעם ווינקל פאַר זיך. מיר האָבן אויסגעבויט אַ שטאַל. אַ יונגע בהמה האָבן מיר געבראַכט פון קלעצק. אַרום שטוב האָבן מיר פאַרזייט בלומען: נאַסטורצעס און קראַקאָסן. ס'איז ביי אונדז געווען אַ שיינער גרינס־גאָרטן אויף דער זאַמדיקער ערד. דער מאַמעס אויג איז געווען וואַכזאַם אויף אַלץ. און מיר האָבן זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים.

אין יאָר 1927 האָבן מיר געפייערט די חתונה פון אונדזער פייגלען, דאָס איז געווען פיל נחת פאַר טאַטע און מאַמע. איך האָב מיר אויסגעלערנט נייען, וואָס איך האָב לאַנגע שעהען טאָג־טעגלעך פאַרברענגט ביי דער מאַשין. אַ סך יאָרג האָבן מיר פאַרטאַכט אונדזערע עלטערן מיט אונדזער פּאַרטייאישער טעטיקייט.

דער ערשטער אַרעסט אין טעלעכאַן נאָך דער „יאָסל פּראָוואָקאַציע", ווען מ'האָט אונדזער סלאַווען אַרעסטירט, און אַלע איבעריקע. די אָפטע רעוויזיעס פון דער פּאָליציי און די פּראָטאָקאָלן וואָס מ'האָט אונדז מיט זיי מכבד געווען, אַלע אַרעסטן, אַלע פּראָוואָקאַציעס פלעגן פאַרשאַפן דער באַפעלקערונג און אונ־דזערע עלטערן אַ סך צער.

איך געדענק ווען מיר „לינקע פועלי־ציון" האָבן אָרגאַניזירט אַ באַראַכאָוו פייערונג ביי שמעון גורשטעל אין שטוב. די מאַסאָווקע איז פּראָוואָצירט געוואָרן. די פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט די שטוב און די אַלע אנוועזנדע אַרעסטירט. צופעליק זיינען מיר אַלע דריי שוועסטער געווען צווישן די אַרעסטירטע. די פּאָלי־ציי האָט אונדז אַלעמען דורכגעפירט לעבן לובישיער שול, און מיין טאַטע איז געשטאַנען שבת פאַרנאַכט אין פענצטער און געדאַוונט מנחה. ער האָט אונדז געזען אין דער באַגלייטונג פון פּאָליציי. דערזעענדיק עס, האָט ער געחלשט אויפן אָרט. דאָך האָבן אונדזערע עלטערן געהאַט פאַרשטענדעניש צו אונדז, נאָך אַלע דראָאונגען און טעראָריזירונג פון דער מאַכט.

נייע וואָלקנס האָבן אָנגעהויבן פאַרציען דעם הימל. די פּאָליטישע לאַגע אין פּוילן ווערט געשפּאַנטער, די פאַשיסטישע היטלער פּאַרטיי איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד און זי גרייט צו רעוואַנש פּלענער. די לאַגע פון די אידן אין פּוילן ווערט וואָס אַ טאָג שווערער. דער נייער אַנטיסעמיטישער „שחיטה־געזעץ" איז אַן אָנהויב פון דער ערשטער אַטאַקע איבער די ווירטשאַפט־לעכע אינטערעסן פון די אידן אין פּוילן. אין די קירכעס ווערן געהאַלטן אַנטי־סעמיטישע דרשות און מ'פאַרטיילט פּראָקלאַמאַציעס קעגן אידן. די ערשטע פּאָגראָמען אויף אידן אין פשיטעק און אפּטשנע זאָגן אָן שווערע צייטן.

דער באַיקאָט אויף אידישע אַרבעטער און אידישע געוועלבער זיינען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אידן ווערן באַליידיקט און געשלאָגן. די פינצטערע כוחות פון פוילישן פאָלק הויבן אויף דעם קאָפּ! די יוגנט פאַרשטאַרקט איר אויפקלערונגס אַרבעט צווישן די פויערן אין דער סביבה. אַ טייל פון דער יוגנט איז געצוואונגען צו פאַרלאָזן טעלעכאַן אין די גרעסערע שטעט.

אין יאָר 1936 האָב איך זיך אָפּגעזעגנט מיט מיינע עלטערן און יונגסטער שוועסטער שרהלע, מיט מיינע חברים און חברטעס, מיט אַלע איינוואוינער, וואָס זיינען מיר געווען טיף איינגעבאַקן אין מיין האַרצן; מיט מיין שטעטעלע טעלעכאַן, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע שענסטע יוגנט־יאָרן; מיט מיין שוועסטער סלאַווע, וואָס האָט אין יענער צייט געלעבט אין וואַרשע. איך בין אָפּגעפאָרן מיט דער פוילישער שיף „פּאָלאָניאַ" קיין ארץ ישראל. אונדזער פייגל מיט מיכלען און זייערע דריי זין זיינען מיט אַ יאָר פריער געפאָרן קיין ארץ־ישראל. די עלטערן זיינען פאַרבליבן מיט שרהלען אַרום זיך. איך פלעג זיך באַמיען צו שרייבן אָפט אַ,יים. איך פלעג באַקומען אָפטע בריוו פון מיינע עלטערן און פון שרהלען; זייער וואונטש איז געווען, זיך פאַראייניקן מיט אונדז.

אין יאָר 1939 צעפלאַקערט זיך דער פייער. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט אָנגעצונדן די גאַנצע וועלט. מיר האָבן זיך ניט פאַרגעשטעלט אָט־דעם גרוילעכן פאַרניכטונגס פּלאַן, וואָס היטלער און זיינע תלינים האָבן צוגעגרייט. דער וועג אין זייער לעבן איז געווען איין גרויסע מלחמה מיט קליינע אָטעם פויזעס.

פאַרפייניקטע, מאַראַליש צעבראָכענע, פאַרפאָלגטע, שוצלאָזע, האָט מען אַלעמען אויפגעקליבן, יונג און אַלט. אין אויגוסט 1941, תשעה באב, אומגעבראַכט, אין אַ ציטער פון געוויסן האָבן די חיות אין מענטשן־געשטאַלט געבושעוועט, און געשטילט זייער בלוטיקע תאוה נאָך מענטשן־בלוט.

די מלחמה פון 1939 האָט איבערגעלאָזן אין אונדזער זכרון דערשיטערנדיקע בילדער פון אַ טראַגישער תקופה. מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזערע נאָענטסטע. די ריינקייט פון זייער מענטשלעכן לעבן וועט שטענדיק בלייבן איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער און וועלן אונדז דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר אונדזער וויטערדיקן לעבן.

כבוד זייער אנדענקונג!

---

**איך געדענק מיין שטעטעלע** ווען זי האָט געבליט מיט אַ פאַרלאַנג צום בעסערן און שענערן לעבן. כמעט די גאַנצע יוגנט האָט געשטרעבט צו מאַכן עפּעס פון זיך. ווער עס האָט געקענט איז געפאָרן אין אַ גרעסערע שטאָט זיך לערנען; ווער אין גימנאַזיעס, ווער אין טעכנישע שולעס. און אין שטעטל איז געוואָרן אַביסל שפּעטער אַ 4־קלאַסיקע גימנאַזיע, און די קינדער האָבן זיך געיאָגט צום לערנען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק פון אידישע און רוסישע ביכער. אויך זיינען אויפגעקומען לייען־קרייזלעך. מען איז זיך צונויפגעקומען און פאַרגעלייענט, אין אידיש און אין רוסיש. מען האָט זיך אָנגעהויבן אָנטאָן זייער שיין און שפּאַצירן שבת פאַרנאַכט אויפן „באטשאָווניק", זינגען לידער און שיפּלען אויף לאָדקעס.

**ריווע חיים ראובנ'ס**

חיים פינקלשטיין (בוענאָס אײרעס)

# מיטן כוח פון גוטסקייט

## (צום אָנדענק פון חבר ישראליק ראָזנבוים)

אויבנאויפיק זעט אויס, אַז גוטסקייט פאַרט זיך ניט מיט כוח. פאַראַן אָבער אויסנאַמען, וואו די גוטסקייט פון אַ מענטש פאַרוואַנדלט זיך אַליין אין אַזאַ קראַפט וואָס איז אפשר נאָך שטאַרקער פון יעדן אַנדערן מין כוח.

אַ מוסטער פון אַזאַ מין כוח פון גוטס איז געווען פאַרקערפּערט אין חבר ישראליק ראָזנבוים.

ווען איך האָב זיך מיט ישראליקן באַקענט איז ער אַלט געווען אַ יאָר 10-11. ער איז דעמאָלט נאָר־וואָס געקומען פון אַ קליין שטעטל, טעלעכאַן, קיין בריסק. ער איז געווען אַ יתום און האָט זיך געהאָדעוועט ביי זיין שוועסטער. מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין דער ציש״א־שול.

ער איז געווען זייער שיין. אַ שלאַנקער, פעסט־געבויט, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע האָר, און דער עיקר — מיט אַ געמיטלעכן שמייכל, וואָס איז קיינמאָל נישט אַראָפּ פון זיין פנים. וואו עפּעס אַ פּראָבלעם, אַ נסיון, וואו ערגעץ האָט זיך געשאַפן אַ שוועריקייט, איז ישראליק אויסגעוואַקסן, גרייט צו העלפן יעדן איינעם.

כעס און שנאה איז נישט געווען אין זיין האַרץ. זיין סטיכיע איז געווען די ליבשאַפט צו מענטשן. און ווער ס׳האָט ישראליקן געקענט, דער האָט געוואוסט, אַז ער איז פעאיק זיך צו פרייען מיט חברס פרייד. נישט ווינציקער ווי מיט זיין אייגן גליק.

אַזוי איז ער געווען אַלס קינד און אַזוי איז ער פאַרבליבן די גאַנצע צייט ביז מיר האָבן זיך צעשיידט.

* * *

אין 1946, נאָך אַ הפסקה פון גאַנצע צוואַנציק יאָר, האָב איך ישראליקן באַגעגנט פון דאָס ניי. דאָס מאָל אין ישראל. זינט דעמאָלט האָב איך אים געזען גאַנץ אָפט, כמעט יעדן טאָג. איך האָב אים געזען אין זיין היים מיט זיין פרוי און קינד; איך האָב אים געזען ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין דער פּאַרטיי, אין דער הסתדרות. דער זעלבער ישראליק ווי געווען, פול מיט גלויבן און אָפּטימיזם, איבערגעגעבן און געטריי צו חברים, צו פריינד און צו יעדן מענטש.

ישראליקס ערשטע יאָרן אין ישראל זיינען גאָרנישט געווען קיין לייכטע. אים האָט דאָס לאַנד נישט באַגעגנט מיט קיין שפע פון „מילך און האָניק." ווי די מערסטע עולים פון יענער צייט, אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן, האָט ער דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס, ביז ער האָט זיך פאַרוואָרצלט אין לאַנד. נישט איין אַנטוישונג, נישט איין נסיון איז אים געשטאַנען אין וועג. די ליידן און נסיונות האָבן קיין שליטה נישט געהאַט אויף זיין מאָראַל. זיי האָבן נאָר באַשטעטיקט, אַז ער איז דורך די פייער־פּראָבע פונעם לעבן און איז אינערלעך, עטיש, געבליבן גאַנץ און אומבאַרירט.

אין גערעאַנגל פאַר זיין עקזיסטענץ האָט ער דערקענט ישראל. און וואָס מער ער האָט דאָס לאַנד געקענט, אַלץ ליבער האָט ער עס באַקומען. ער האָט געוואוסט, אַז פּונקט ווי דער מענטש ראַנגלט זיך פאַר זיין תיקון, אַזוי ראַנגלט זיך אויך דאָס לאַנד. דאַרף דער מענטש, וואָס האָט ליב דאָס לאַנד, עס העלפן וואָס פריער דעם תיקון צו געפינען.

ער איז אַריין אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי נאָך אין בריסק, ווען ער איז געווען אַ גאָר יונגער בחור. אין דער יוגנט אָרגאַניזאַציע האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין געטריישאַפט און אומבאַגרעניצטער גרייטקייט צו טאָן אַלע אַרבעטן וואָס זיינען נויטיק.

און פּונקט ווי אין יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אַזוי איז ער געווען אויך אין דער פּאַרטיי און אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן.

איך האָב אָפט געזען פון דער נאָענט ישראל׳יקס געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. גראַד אין ישראל. געווינלעך פלעגט עס זיין נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג, און דאָך איז עס אים נישט געפאַלן שווער. עס איז אים געווען ליב דאָס לאַנד, די פּאַרטיי, די אַרבעט, און דעריבער האָט ער די שווערקייט נישט געפילט.

בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער פערטער כנסת איז ער שוין געווען זייער נישט געזונט. די ביטערע קראַנקהייט האָט שוין דעמאָלט גענאָגט זיין חוט השדרה. אָבער ישראליק האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, אפילו נישט דערציילט, כדי צו קאָנען אויספירן די אַרבעט וואָס איז אים אָנגעטרויט געוואָרן, מיט דער שלימות וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אים.

ער האָט געפילט, אַז ער גייט אַוועק פון דער וועלט אין סאַמע בליענדיקן עלטער, ביי דער גרענעץ פון ערשטן יובל. אָבער ער האָט וועגן דעם נישט גערעדט, כדי קיינעם נישט ווייַ צו טאָן...

אויף קיין איין רגע איז נישט אַראָפּ דער שמייכל פון זיינע ליפּן; אויף קיין מינוט איז ער נישט געוואָרן אַנדערש ווי ער איז געווען אין די קינדער־יאָרן זיינע.

אייגנטלעך איז ער זיין גאַנץ לעבן פאַרבליבן אַ גרויס קינד. ריכטיקער — אַ מענטש וואָס האָט אויפגעהאַלטן אין זיך דעם סימבאָל פון קינדערשקייט — די נאַאיוויטעט, די עכטקייט, דעם גלויבן און ליבשאַפט צו מענטשן.

און ווען איך וואָלט געדאַרפט כאַראַקטעריזירן ישראליקן בלויז אין איין זאַץ, וואָלט איך געזאָגט: — ער האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות, אָבער זיין גרעסטע מעלה איז באַשטאַנען אין זיין זעלטענער גוטסקייט און ליבשאַפט צו מענטשן. אין דעם איז באַשטאַנען זיין כוח, זיין איך און זיין גאַנץ מאָראַליש וועזן.



# די שבועה

מיין שטעטעלע טעלעכאַן,
זאָג: איז נאָך ביי דיר דאָ
אין דער פאַר'יתום'טער שעה
פייגל וואָס קאָנען פליען?
בוימער וואָס קאָנען בליען?
פינקלען נאָך שטערן אין הימל?
צי רוישט נאָך פריילעך און שאַלט
דאָס קרענעצע וואַסער ביים וואַלד?
פליסט נאָך דער טייך שטיפעריש גלייך?
און די „סאַזשעלקע”, די „געסעלע”, וואָס געלאָקט האָט מיין דור—
מיט אויגן פאַרמאַכטע, איך זע דיך אַזוי בולט, אַזוי קלאָר...

מיטאַמאָל, כ'הער אַ קול, אַ שרעקלעך קול, ווי פון אַ פאַרוואונדעטן לייב:
— אַלץ, אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש, אין שטויב;
ווי קאָנען פייגל פליען, בוימער בליען?
שטערן אין הימל שיינען?
אַ הימל, וואָס האָט געזען און געשוויגן
ווי נאַצי־חיה דערשטיקט האָט אידישע קינדער אין וויגן;
טאַטעס, מאַמעס, גרייז־גרויע זקנים אין ברידער־קברים צעשאָסן,
די ערד פאַרשעמט, מיט בלוט פאַרגאָסן...

אין ווייטע לענדער, אַריבער גרענעצן און ימען,
פאַרטראָגן האָבן זיך, טעלעכאַן, דיינע וואָרצלען, דיינע שטאַמען;
מיר, בלוט פון אייער בלוט, ביין פון אייער ביין — שווערן
אין די הייליקע נעמען פון אונדזערע מאַרטירער, קדושים, מיר שווערן:
ניט רוען ביז די וועלט וועט די נאַצי־חיות פאַרניכטן, צעשטערן—
מיר שווערן!

אסתר מילער



אסתר מילער

## אַ בריוו פון טעלעכאַן

(פון אפרים קליטעניק׳ס — פּאַרטיזאַן פון די ווייסרוסישע וועלדער —
אַ באַזוך אין טעלעכאַן)

דורך שטורמישע טעג, דורך פינצטערע נעכט,
כ׳בין צוריק אין מיין שטעטעלע טעלעכאַן,
וואָס געווען איז אַ נאַטור־שיינע פּראַכט,
דאָ האָבן קינדער אין גאַסן אָרעמע געשפּילט און געלאַכט.

די הייזער וואָס באַקאַנט מיר פון לאַנג,
פאַרהאַקט שטייען פענצטער און טירן;
שרעק טרויערט הינטער די ווענט —
די שוועלן צו ברידער־קברים פירן...

פאַרוויסטונג און טויט ליגט אויסגעשפּרייט
אויף אונדזער געבורטס־שטעטעלע, טעלעכאַן —
אונטער אַ רויט אויפגייענדיקער זון איך שפּאַן, איך שפּאַן.
שווער איז דער גאַנג אויף ווילדגראָז פאַרוואַקסענע וועגן...
פאַרשטומט שטייען נאָך אידישע האַמערס און זעגן...

איך שטיי פאַר די קדושים־קברים, געבויגן אין צווייען;
עס באַפאַלט מיר אַ היץ און אַ קעלט.
עס קאָרטשעט דאָס האַרץ זיך אין ווייען,
די זון האָט פאַר שאַנדע איר פּנים פאַרשטעלט.

*
* *

אין אַ וויטן באַגינען,
אין טיפקייט פון צייט,
נייע דורות וועלן קומען —
באַצירן די ברידער־קברים
מיט דופּטיקע בלומען.



דינה גאָרדינער־קליטעניק

# די הייליקע קייט

דו שמייכלסט, מיין שטעטל, מיט חן און מיט אומעט
און רופסט צו מיר, פרואווסט נאָך דיין גליק.
דיין שטילקייט אַרום מורמלט שטיל און פאַראומערט:
מיין קינד! ביסט געקומען צוריק!
צוריק ווי אַמאָל, מיט פאַרוואונדערטע בליקן,
נעמסט אַרום די פאַרלאָזענע ערד.
און ס'ווילט זיך דיר נאָענטע טוליען און דריקן.
דו האָסט דאָ געצייכנט און באַקערט...
שפּאַן איך ווידער אַמאָל איבער זאַמדעלעך געלע,
מיט שטאָלצע און זיכערע טריט.
צוזאַמען מיט מיר, ווי אַ גאַנצע קאַפּעליע —
הילכן קינדער און רייסן מיר מיט.
זיי פירן אַוועק מיך צום וואַלד און צום „מולטער"
און צווינגען מיך: זעץ זיך אַוועק!
און זינג אונדז אַ ליד פונעם קאַנאַל אַגינסקער,
פון גרינעם און זוניקן ברעג,
פון גראָזן ווי סאַמעט און הימלען צעבליטע
און דעמערונגס־טיפן פאַרנאַכט.
אָ, פיר אונדז אַוועק צום „פאַרכישופטן מויער"
פול סודות און טיפן פאַרדאַכט...
עס האָבן אונדז באָבעס דערציילט, אַז געשפּענסטער
עס בושעווען דאָרט אַזוי פריי;
רייסן אויף טירן, ברעכן אויף פענסטער
און לאָזן ניט בויען פון ס'ניי...
אַז עמיץ צעשלעפּט האָט די העל־רויטע ציגל
און בויען געפּרואווט זיך אַ הויז...
נאָר ס'ווייס יעדעס קינד אין פאַריתומטן וויגל
ווי טייער עס איז זייער פּרייז...
עס וועלן די רוחות ביינאַכט זיך צעהוליען,
זיי ווערן דאָך קיינמאָל ניט מיד...
נאָר קינדער פון שרעק, איינס צום צווייטן זיך טוליען
און בעטן זיך: זינג שוין דיין ליד!

— — — — — — — — — —

...ערגעץ וואו, ביי דעם קאַנאַל אַגינסקער,
לעבט אַ שטעטל, עס הייסט: טעלעכאַן.
האָבן די זין דאָרט פון שולעם געחלומט

און טעכטער — געטרוימט פון נדן.
נאָר ס׳זיינען די זיידעס, די חשובע זיידעס,
ביים תלמוד געזעסן, געקנעלט.
און ס׳האָבן טאַטעס געמיינט, אַז
בלויז ס׳דערפל פאַרקערפערט מיט זיך גאָר די וועלט...
און רואיק פלעגט ס׳שטעטל אין דרעמל פאַרזינקען,
פאַרוויגטע דורך תפילה און רו.
דאָך עפּעס געשטערט האָט די דאָרפישע שטילקייט
און עמיץ גערופן האָט וואו...
ס׳האָט עמיץ גערופן די לאָשיקלעך יונגע
העט־ווייט אויפן ברייטן שליאַך.
און נאָענט, אָט־דאָ, האָט די אָזיערע הארציק
געטאָן היינט אַ וויין און אַ לאַך.
און אָט האָבן דאָרפישע טירלעך פון כאַטעס
שטיל זיך צעסקריפּעט, פאַרמאַכט,
און קינדער דערוואַכטע, עס זיינען פאַרשוואונדן
העט־ווייט, ערגעץ טיף אין דער נאַכט.
— — — — — — — — —

אָ שטעטל פון דראַנג! פון מיין יוגנט דער גרויער
אויף קאַנווע פון אומרו פאַרזייט.
כאָטש ווייט כ׳בין פון דיר, פון פאַרכישופטן מויער—
ניט פאַרשוועכט כ׳האָב דיין הייליקע קייט.

## כריזאַנטעמען אויפן ברודער-קבר

מיין טעכטערל — אַ ליד פון לידער,
אַ שמעטערלינג, צאַרט און פלינק.
קוש איך אוים איר אַלע גלידער—
ווי ליב און זים דו ביסט, מיין קינד!
לאָזט זי מילד אַראָפּ די ברעמען
און מיט טיף צעקלעמטן טאָן: —
זאָג פאַרוואָס אויף גרויען הימל
שוואַרצע וואָלקנס קומען אָן?
און פאַרוואָס נאָר מיר, נאָר ביידע...?
עס ציטערט מיין קינד ווי אַ בלאַט: —
אָ, וואו איז מיין באָבע, מיין זיידע?
צי האָב איך אַמאָל זיי געהאַט?
אָ, זינג און דערצייל מיר פון היימלאַנד פון דיינעם:
צי לעבט נאָך דאָרטן כאָטש איין איד?

דיינע לידער קלינגען פיינלעך
און דיין בליק מיט פייער שכריצט...

— — — — — — — —

אויף די פליגלען פון מיין אומעט
לאָמיר פליען, לאָמיר פליען!
כאָטש אויף העל־צעבלויטן הימל
שוואַרצע וואָלקנס ציען, ציען...
כריזאַנטעמען, טויטן־בלומען,
פיר איך פאַר די פריינט, די טרייע.
מיין קינד! זיי זיינען אומגעקומען
דורך האָרדעס ווילדע, היטלער־חיות!
אָ, הער: עס וויינען דאָרט באַגינענס
און עס שרעקן, רופן גייסטער...
ווער שעפּט עס דאָרט וואַסער פון נאָענטן ברונען?...
ווער קוקט עס אַרוים דורכן פענצטער?
אפשר מיין שוועסטער? אַ גרויל נעמט אַרום מיר
און עס ציטערט אין מיר יעדער אבר...
און אפשר מיין טאַטע?.. מיר דוכט אַז ער רופט מיר,
ער רופט פון געמיינזאַמען קבר:
קום, קינד מיינס! קום, קינד מיינס
פון וויט־ווייטע וויטן
און זעץ זיך דאַ נאָענט אַנידער!
דורך בענקשאַפט באַזינג מיר אַמאָליקע צייטן
און לעבעדיק מאַך דיינע ברידער!
אָ, פיר זיי אַרוים פון געמיינזאַמע גריבער—
די שוועסטער, די מאַמעס, די קינדער...
און פיר זיי צוריק אין די אייגענע שטיבער.
דיין בענקשאַפט באַשאַפן קען וואונדער...

— — — — — — — —

ניט קיין פעלד אַ צעבליטע,
ניט קיין לאַנען — צעגרינטע
און ס'גרינט אייביק מיין האַרץ ווי אַ לאָן,
ערגעץ־וואו, צווישן דערפער און שטעט
לעבט אַ שטעטל, עס הייסט טעלעכאַן.
פול מיט צויבער און חן,
ווי די יוגנט אַליין
אין איר קאַמף פאַר בעסערער וועלט.
דאָ דער וואַלד, דאָ דער ברעג,

טיפע זאמדן אין וועג,
און אַ קוועלכל שפּרודלט און קוועלט...

— — — — — — — —

נאָר צי קענסטו דען, קוואַל, זיין מיר ליב ווי געוועז,
כ׳זאָל קענען דיך פריינדלעך באַגריסן,
ווען דו האָסט מיט גלייכגילט געקוקט און געזען
ווי מ׳פירט מיינע פריינט צום דערשיסן ?...
ווי זאָל איך מיט ליבע באַגריסן דעם וואַלד?
דער וואַלד איז געווען דאָן אַ שומר...
פאַרהילכט דעם געשריי, דעם פיינלעכן געוואַלד
עס האָבן מיט גלייכגילט די בוימער...

— — — — — — — —

אַ, קוואַל, כ׳וויל דיין וואַסער פאַרוואַנדלען אין סם.
מיין האַס קען דיין וואַסער פאַרסמען...
כ׳וויל קומען אין וועלדער צעפלאַמען אַ פלאַם
און אויסראָטן ס׳בייז ביז די שטאַמען ! ...

— — — — — — — —

און דערווייל אַ דערמאָנונג,
אַ יאָרצייט פון טויט...
געבליבן בלויז הייליקע נעמען;
געמיינזאַמע גריבער, מיט קוויטן פאַרזייט,
מיט ווייסע, ווי שניי, כריזאַנטעמען...



יהושע שקלאַר (תל־אביב)

# די פאַרפייניקטע קהילה טעלעכאַן

מיט אַ פיינלעכן און טיפן צער דערמאָנען מיר אונדזער טייערע קהילה טעלעכאַן. דער נאָמען טעלעכאַן, וואָס האָט שטענדיק אַרויסגערופן ביי אונדז אַזויפיל פריידיקע און האַרציקע דעראינערונגען, אַזוי פיל יוגנט־פרייד, דער־מאָנען מיר איצט מיט טיפן אָבל און צער; מיט טיף־געבויגענע קעפ שטייען מיר פאַר אונדזער בראָך, וואָס האָט אונדז אַלעמען געטראָפן.

אונדזערע הערצער ווערן איבערפילט מיט אָן־סופיקן ווייטאָג; עס באַהערשט אונדז אַ געפיל פון צער און צאָרן, ווען מיר דערמאָנען זיך וואָס פון אונדזער טעלעכאַנער קהילה איז געוואָרן; אונדזערע טייערע און אומפאַרגעסלעכע עלטערן, ברידער און שוועסטער זיינען אומגעקומען אויף אַ מערדערלעכן, בעסטיאַלן אופן. עס איז מער נישטאָ קיין צייכן, קיין אָנדענק פון זיי, אפילו די מצבות פון די פאַר־מלחמה פאַרשטאָרבענע זיינען מער נישטאָ. אויף דעם פלאַץ איז געמאַכט געוואָרן אַ רעזערוואואַר פאַר באַפּט דורך דער סאָוועטישער מאַכט.

אַ רייך, פילפאַרביק יידיש לעבן פון אַ האָרעפּאַשנער קהילה איז אַכזריות־דיק און טראַגיש אומגעקומען, פאַרלאָרן געגאַנגען אויף אייביק.

דאָס אידישע טעלעכאַן האָט, פונקט ווי אַלע אַנדערע גרויסע קהילות, געהאַט איר קורצע געשיכטע. נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג פון 1914 קערן זיך אום די אידן פון שטעטל. און ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס זיי טרעפן אַלעס פאַרברענט און רואינירט, הייבן זיי אָן צוריק אויפבויען אַ ניי פריש לעבן, און טראָגן דער יונגקייט פון ישוב, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעבליט מיט דער גאַנצער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

דאָס קליין שטעטעלע טעלעכאַן האָט געהאַט אַ אידישע שולע, אנהייבנדיק דעם אלף־בית מיטן אומפאַרגעסלעכן טייערן לערער, ר׳ חיים ישעיה שניידמאַן, ביז אָנקומענדיק אין די העכערע שולן פון אונדזער טייערן לערער, הערשל רודקוביצקי. הגם עס איז נישט געווען אין דער פאָרם פון אַ גימנאַזיע, אָבער זייער גוט האָט מען זיך געפילט ביי זיי אין די חדרים. עס איז אויך געווען אַ פוילישע שולע, אַ ביבליאָטעק און אַ לייען־זאַל, אַ גמילות חסדים קאַסע, אַ לינת הצדק, אויך אַ אידישע באַנק, וועלכע האָט געהאָלפן האַנדווערקער און קליין־הענדלער. אַזוי האָט געלעבט און געאַרבעט דאָס האָרעפּאַשנע טעלעכאַן.

אידן האָבן געבילדעט אַ קליינעם טייל פון דעם שטעטל, דאָך האָט זייער אימפּולסיוו לעבן זיך געפילט אין דער גאַנצער אומגעגנט. סוחרים, בעלי מלאכות, בעלי עגלות — אַלעס האָט געשאַפן און געלעבט.

דער קאַנאַל אָגינסקי, וועלכער האָט אַזוי גערימט פון די בײדע זייטן אַלייען (די אַזוי־גערופענע „געסעלע״) איז געווען איבערפילט שטענדיק מיט יוגנט. אַ הונדערט מעטער ווייטער פון דעם קאַנאַל איז געשטאַנען דער אַלטער פוסטער

# טעלעכאַן

לעבן דעם אָגינסקי קאַנאַל, וואָס דינט ווי אַ וויכטיקע קאָמוניקאַציע פאַר־בינדונג צווישן די שטעט פון ווייס־רוסלאַנד, אין האַרץ פון די פריפּעטער זומפּן, אַרומגערינגלט מיט געדיכטע וועלדער, ליגט אָפּגעזונדערט דאָס שטעטל טעלע־כאַן, מיילן ווייט און אָפּגעריסן פון אַ גרעסערן אידישן ישוב.

טעלעכאַן ציט איר אָרעמע פרנסה פון די אַרומיקע דערפער. די בעלאָרוסי־שע דערפער אויף דער אָרעמער פאַליעסער ערד, וואָס גיט ניט גענוג צום לעבן דעם פויער אפילו ווען ער האָרעוועט שווער מיט ביטערן שווייס פון זון אויפגאַנג ביז זון־ פאַרגיין. דער פויער איז דעריבער געצוואונגען צו זוכן אַרבעט אויסער זיין פעלד, ווי למשל, האַקן בוימער אין די וועלדער, כאַפּן פיש אין דער דאָר־פישער אָזיערע, און אויסאַרבעטן הילצערנע און ליימענע כלים און כדי איינ־שפּאָרן אין דער הוצאה, איז דעם פויערס הויזגעזינד געווען געצוואונגען שאַפן מיט די אייגענע הענט דעם גרעסטן טייל פון הויז־געשיר, קליידונג און שוכוואַרג.

אַ טייל פון זיין קוסטאַרנער אויסאַרבעטונג ברענגט ער אין אידישן שטעטל צום פאַרקויפן אָדער אויסבייטן. ער שאַפט זיך איין ביים אידישן קרעמער וואָס אים פעלט: אַביסל שפּייז, געצייג צו דער אַרבעט, ציץ פאַר אַ קלײדל א.אַז.וו. אָט דער געמיינשאַפטלעכער פאַרקער האָט דאָס באַשטימט די ווירטשאַפטלעכע הויך פון שטעטל.

לויט דער אָרעמקייט פון דאָרף איז אויך דאָס שטעטל אָרעם; לויט ווי דער פויער איז אָרעם אַזוי איז אויך דער איד אין שטעטל פאַראָרעמט. אַ שטעטל ווי אַ סך אַזוינע אידישע שטעטלעך, וואָס זיינען געווען פאַרשפּרייט אין די פאַליע־סער בלאָטעס. נאָר דער „באַטשאָווניק״ שפּאַציר אין דער לענג פון קאַנאַל, דער

---

מויער, וואָס האָט אַ גרויסע היסטאָריע פאַר זיך אַליין, מיט מעשיות פון שדים און נאָך אַ סך פאַרשיידענע באָבע־מעשיות.

דאָס דאָזיקע שפּרודלדיקע, אידיש לעבן איז געוואָרן צעטראָטן און פאַר־ניכטעט אויף אייביק. דאָס אידישע טעלעכאַן האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

מיט טיפן יראת הכבוד דערמאָנען מיר אונדזער פאַרשניטענע קהילה די קדושי טעלעכאַן, וועלכע זיינען געפירט געוואָרן ווי אומבאַהאָלפענע שעפּסן צום טויט.

מיר, די שארית הפליטה פון דער טעלעכאַנער פאַרפייניקטער קהילה, וועלן אייביק געדענקען די קדושי טעלעכאַן, וועלכע האָבן זיך אויף אייביק איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער.

מיט אונדזער יזכור־בוך וועלן מיר פאַראייביקן אין דער געשיכטע דאָס לעבן, קולטור־רייכע טעטיקייט, און אויך דעם טראַגישן סוף פון טעלעכאַנער יידישן ישוב.

זאָל דאָס „יזכור־בוך״ זיין די כלל מצבה אויף די ניט־זעבאַרע מאַסן־קברים פון אונדזער טייערער קהילה, טעלעכאַן.

„מולטער" וואָס ביים ראַנד וואַלד, דער קרייז פון די וועלדער וואָס רינגלט אַרום דאָס שטעטל גיט איר צו אַ באַזונדערן חן.

2

די שטעטלדיקע מענטשן זיינען האַרעפּאַשניקעס, בעל־מלאכות, קרעמער, אָפּגעהיטע און איבערגעגעבענע איינער צום צווייטן און פאַרוואַנדעטע דורך משפּחה אָנגעהעריקייט.

דער קרעמער פאַרלאָזט ניט דעם פּויער אין אַ שלעכטער צייט. ער גיט אים אויף באָרג. זיין מאָס איז ראַיעל און זיין וואָג איז אמת. דער בעל־מלאכה קען זיינע קונדן, זייערע פאַמיליעס און זייערע צרות. ער נעמט אנטייל אין זייערע זאָרגן, העלפט זיי אין אַ שווערער לאַגע און פרייט זיך מיט זייער פרייד.

אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט בלאָזן נייע ווינטן אין דעם פאַר־שלאָפענעם שטעטל. דער יונגער דור דערזעט דאָס אָרעמע לעבן אין שטעטל. איז ניט צופרידן מיט דער אָרעמער עקזיסטענץ; ער שטרעבט צו אַן ענדערונג און זוכט אַ באַזונדער וועג. אייניקע זוכן זייער מזל אין דעם שטראָם פון עמיגראַ־ציע אַריבערן ים. און אַנדערע אָרגאַניזירן זיך אין פּאָליטישע קרייזן, וואָס שטרעבן צו ווייטע סאָציאַלע ענדערונגען.

דערווייל ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה. דאָס שטעטל לעבט דורך די מלחמה גרוילן. דורך דער צייט וואָס דאָס שטעטל איז פאַרכאַפּט אויפן מלחמה פראָנט גייען די גרעסטע טייל הייזער אַוועק מיטן פייער און די איינוואוינער צעלויפן זיך.

3

די מלחמה ענדיקט זיך. טייל איינוואוינער קערן זיך אום צוריק; אַנדערע בלייבן אויף די ערטער וואוהין זיי זיינען אַנטלאָפן אין צייט פון קריג. אַ סך פאַרלאָזן די אַלטע היים און עמיגרירן צו די לענדער פון דער נייער וועלט. די וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט, פאַרריכטן די חורבות, בויען אויס קליינע הילצערנע הייזלעך און זעצן פאָר דעם אַלטן שטייגער לעבן.

אין דער דאָרטיקער סביבה איז אויך ניט פאָרגעקומען קיין ענדערונג. דאָס שטעטל זינקט אין איר אָרעמקייט אַזוי ווי פריער. דאָס אָפּגעשטאַנענע דאָרף איז פאַרזונקען אין אָרעמקייט אַזוי ווי פאַרצייטנס. די נייע טעכניק דערגרייכט ניט דעם אָפּגעשלאָסענעם קאַנט, זי זעט זיך דאָ ניט אָן; ניט קיין אויטאָמאָביל, ניט קיין געפּלאַסטעדטער וועג, ניט קיין אַגריקולטור מאַשין, און ווער רעדט שוין עלעקטריק. דער פּויער זעצט פאָר די פּרימיטיווע באַאַרבעטונג פון זיין אָרעם שטיקל לאַנד, פון זון אויפגאַנג ביז זון פאַרגיין, ער און זיין הויזגעזינד. און די ערד רופט זיך אָפּ אויף זייער קאַרג אויף זייער האָרעוואַניע.

דער בעל־מלאכה האָרעוועט צוזאַמען מיט זיין לערן־אינגל און געזעלן 12 שעה אַ טאָג. די פּרנסה איז אַ קאַרגע און מיט שווערקייטן האַלט ער אויס זיין משפּחה.

די עלטערע לעבן זיך איין מיט אָט־דעם געדריקטן צושטאַנד, אָבער ניט די יוגנט. פיל פון זיי שליסן זיך אָן אין דער יוגנט־באַוועגונג. אייניקע — צו ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע און אַנדערע—אין די לינקערע באַוועגונגען. אַ סך פון

זיי װענדן זיך צו דער הכשרה און די חלוצים װאָס פאָרן אַפּ קיין ארץ־ישראל.

װאָס עס פאַרבינדט די אַלע באַװעגונגען איז דער פאַרלאַנג פאַר אַן ענדע־רונג אין דער אָרדענונג, װאָס גיט ניט קיין מעגלעכקייט פאַר אױסלעבן זיך אונטער די טרויעריקע אומשטענדן פון דעם שטעטלשן אָרעמען לעבן.

## דאָס שטרעבן צו אַ שענערער, בעסערער און זיכערער װעלט

עס דערװעקט זיך אַ רעװאָלוציאָנערער אױפבריױז. די שטעטלשע יוגנט שטעלט זיך אין דער שפּיץ פון דער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג װאָס קעמפט קעגן דעם אונטערדריקנדיקן יאָך פון דער פּױלישער מאַכט. פילע װאָס שטרעבן צו בילדונג, אין אָפּװעזנקייט פון שולעס, אָרדענען איין קרייזן פאַר זעלבסט־בילדונג. זיי אָרגאַניזירן קולטור־געזעלשאַפטן; מ'לייענט אַ סך, מ'ברייטערט אױס דעם אָריענטירונגס־קרייז. אין אַלגעמיין װערט געשאַפן אין שטעטל אַ לעבעדיקע קולטור־באַװעגונג, װי לעקציעס איבער פּאָליטישע טעמעס, פאָרלייענונגען און דיסקוסיעס איבער ליטעראַרישע טעמעס, און דראַמאַטישע קרייזן, װאָס גיבן ציײַטנװײַז פאָרשטעלונגען אױף סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע טעמעס. טעלעכאַן קריגט אַ נאָמען מיט איר אױפגעקלערטער יוגנט און מיט איר רייכער פּאָליטיש־קולטורעלער טעטיקייט.

אָט־די טעטיקייט געפעלט זייער ניט דער פּױלישער מאַכט. די מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי װערן פאַרפאָלגט אָן רחמנות. זיי װערן פאַר־שפּאַרט אין טורמעס און פאַרשיקט אין דעם „קאַרטוז־בערעזע לאַגער, װאָס איז, צום באַדױערן, נאָענט פון טעלעכאַן.

אַלע שיכטן און ריכטונגען פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג זײַנען שטאָלץ מיט די חברים און זעען אין זיי אַ ביישפּיל פון איבערגעגעבענע קעמפער, װאָס זײַנען זיך מקריב פאַר דעם אידעאַל װאָס איז זיי טייער. פיל פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט באַװעגונג װענדן זיך צו דער חלוצישער הכשרה און װען זיי ענדיקן, לאָזן זיי זיך קיין ארץ־ישראל.

אָרום אַכציק פאַמיליעס טעלעכאַנער געפינען זיך אין ישראל. פיל פון זיי זײַנען געקומען פאַר דער צװייטער װעלט־מלחמה. זיי האָבן זיך צעשפּרייט אי־בערן לאַנד, אין שטאָט און אין דאָרף. זיי האָבן אנטייל גענומען צוזאַמען מיטן גאַנצן ישוב אין זיין קאַמף פאַר זיינע רעכט און זעלבסטשטענדיקייט. זיי האָבן מיטגעקעמפט אין דער באַפרייאונג מלחמה און אַזוי אָרום פאַרזיכערט דעם אַריינ־קום פון זייערע לאַנדסלייט, װעלכע האָבן זיך געראַטעװעט און מ'האָט זיי האַרציק אױפגענומען אין דער משפּחה פון די טעלעכאַנער.

די טעלעכאַנער האַלטן אָן צװישן זיך פעסטע פאַרבינדונגען. זיי נעמען אנטייל אין שמחות און אין טרויער און האַלטן אָן אױך דאָ די מנהגים פון זייערע עלטערן און פּשוטע פירונגען, אין ליבע צו אַרבעט, אין אָרנטלעכקייט און אין אָפנהאַרציקייט.

ביז היינט זײַנען טעלעכאַנער שטאָלץ פון זייער שטעטל. יעדן יאָר מאַכן זיי אַן הזכרה פאַר די קדושים װאָס זײַנען אומגעקומען בעת דער צװייטער װעלט־מלחמה.

# די משפחה מרדכי גורשטעל

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין אונדזער שטעטל אין די יאָרן 1904-5. איבערהויפּט איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין איר די יוגנט פון מיטעלן קלאַס, אָבער אויך עלטערע האָבן זיך אָנגעשלאָסן.

ווי אַ ביישפּיל וועל איך ברענגען די פאַמיליע פון מרדכי גורשטעל, אָדער ווי מ'האָט אים ביי אונדז גערופן: מאָטל דער שיפער.

מאָטל דער שיפער איז שוין געווען אַ מאַן אין די יאָרן. אָבער די קינדער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און היינט זעען מיר ווי אַלע זיינע אייניקלעך געפינען זיך אין ישראל און אַ סך פון זיי האָבן אנטייל גענומען אין אויפבוי פון לאַנד און פאַרנעמען פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלעס סיי אין אויפבוי און סיי אין פּאָליטישן לעבן.

מרדכי גורשטעלס זון איז געווען יעקב גורשטעל ע"ה. דאָ האָבן געלעבט זיין טאָכטער און איר מאַן זעליג זעליקאָוויטש ע"ה, וואָס אין דער צייט פון דער באַפרייאונגס מלחמה האָט ער געדינט ווי אַ מיליטערישער פּאַרוואַלטער.

אָט אַזוי געפינען זיך אין לאַנד די קינדער פון ראובן גורשטעל ע"ה, וועלכע האָבן אויך אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע צו בויען דאָס לאַנד. נאָך מער האָבן אויפגעטאָן די קינדער פון שמעון פּרץ גורשטעל ע"ה, וועלכע זיינען אַלע געקומען אין לאַנד, און צום סוף איז ער אויך געקומען מיט זיין ווייב אין יאָר 1925.

אָט אַזוי האָט זיך קאָנצענטרירט אין לאַנד די גאַנצע משפחה: די עלטערן, דריי זין און צוויי טעכטער, ביז היינטיקן טאָג.

שמעון פּרץ און זיין פרוי שרה זיינען געשטאָרבן אין 1952, אין דער קבוצה „גבע". צוויי זין, יוסף און שלמה, און די עלטערע טאָכטער חנה, זיינען אויך אין דער קבוצה „גבע"; איין זון, יעקב — אין דער קבוצה „גבת" אויפן נאָמען פון די פינסקער קדושים, און די צווייטע טאָכטער, יהודית, וואוינט אין חיפה.

---

אונדזער טעלעכאַן איז ווערט איר נאָמען זאָל פאַראייביקט ווערן אין דעם בוך. לאָמיר דערהייבן מיט ליבע און מיט כבוד די געשטאַלטן פון אונדזערע טעלעכאַנער און אונדזערע טייערע משפחות.

זאָל דער בוך זיין אַ הייליקער אָנדענק צו אַ טיפּישער אידישער שטעטל אין איר קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ און איר אָפּהיטן די אייביקע טראַדיציעס פון אידישן פאָלק און וואָס איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַנדערע אידישע שטעטלעך אונטער דעם פאַרשאָלטענעם נאַצי.

לייענענדיק פאַר אונדזערע קינדער קאַפּיטלעך פון דעם בוך, עס זאָל זיי ניט פרעמד זיין דער קוואַל פון אָפּשטאַם און דער אָנדענק פון אונדזערע עלטערן זאָל אָפּגעהיט ווערן פון דור צו דור.

אין לאַנד געפינען זיך אויך די קינדער פון ניסל גורשטעל, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן, ניסל דער שיפער; אַ זון אָשר, און זיין זון בנימין, און אויך דער זון פון ראובן גורשטעל, מענדל, וועלכער געפינט זיך אויך אין לאַנד.

דער זון פון שמעון כרץ גורשטעל האָט געביטן זיין נאָמען פון גורשטעל אויף גוריון, און די אַלע אַנדערע פון דער משפחה, לויט זייערע אָפּצווייגונגען, האָבן אויך אָנגענומען דעם נאָמען גוריון.

פון דעם קאָן מען באַקומען אַ באַגריף וועגן דעם שטעטל טעלעכאַן, וואָס האָט אַ סך צוגעטראָגן צום כבוד פון אירע איינוואוינער און איבערהויפּט די בכבודיקע געשטאַלט פון יוסף גוריון ז״ל, וועלכער האָט אַ סך בייגעטראָגן צום אויפבוי פון לאַנד. נאָך זיין פּריצייטיקן טויט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון זיין קבוצה „גבע״ דער בוך: „יוסף גוריון, זיין לעבן זיינע רייד און זיינע אויפטואונגען.״

יוסף גוריון איז געבוירן געוואָרן אין פּינסק אין יאָר תרנ״ט (1898). ער האָט געלערנט אין דער שטאָטישער שולע און האָט זיך דערצויגן אין אַ ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אין פעברואַר, 1914, אין עלטער פון 16 יאָר, איז ער אַוועק מיט אַ גרופּע פון זיין שטאָט קיין א״י, צו לערנען זיך אין דער אַגריקולטור שולע פון פּתח־תקוה. ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן איז ער געווען געצוואונגען צו לעבן פון אַרבעט. ער מיט נאָך חברים האָבן אָפּגעדונגען אַ שטיק לאַנד אין אַ ישוב און אָנגעהויבן האָדעווען גרינסן. נאָכן ענדיקן זיינע אַגריקולטורעלע קורסן האָט ער אָנגעשלאָסן זיך אין דער קבוצה „באר טוביה״ — איינע פון די ערשטע קבוצות אין לאַנד.

ער איז געווען אָנגעשלאָסן אין דעם ערשטן אידישן לעגיאָן. און ווען מ׳האָט אויפגעליידט דעם לעגיאָן האָט ער זיך צוריקגעקערט אין דער קבוצה און איז געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע אונטערנעמער סיי אין דער קבוצה און סיי אין מושב.

צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט די קבוצה באר טוביה ניט אויסגעהאַלטן און זיך פאַנאַנדערגעלאָזן. דערווייל האָט יוסף חתונה געהאַט. ער האָט זיך געווענדט צו דער קבוצה „גבע״ אין עמק יזרעאל, און אין 1924 האָט מען אים מיט זיין פרוי אָנגענומען אַלס מיטגלידער. דאָרט איז ער געבליבן ביז זיין טויט.

דורך די יאָרן האָט יוסף אנטיילגענומען אין אַ סך אַקטיוויטעטן און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. ער איז געווען אַלע זיינע יאָרן אַ מיטגליד אין דעם ראַט פון אַגריקולטורעלע אַרבעטער; אַ מיטגליד אין ראַט פון געגנטלעכן קאָאָפּעראַטיוון באַנק; אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון „תנובה״ ביי איר גרינדונג.

אין די יאָרן 1942-43 האָט ער אָנגעפירט מיט תנובה־חיפה און דערנאָך אויך מיט תנובה־ירושלים; אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג „ניר״ און אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון קופּת חולים (קראַנקען קאַסע).

אין 1936-37 איז ער געפאָרן אין אַ שליחות פון דער הסתדרות צו די פאַראייניקטע שטאַטן און אין 1938-39 האָט ער פאַרוואַלטעט דעם „כופר הישוב״. אין די יאָרן 1944-47 האָט ער אָנגעפירט אַלס פאַרשטייער פון דער אידישער אַגענטור, מיט דער אָפּטיילונג צו באַזעצן סאָלדאַטן און האָט באַזוכט אַ

בריגאַדע און אַנדערע אידישע מיליטערישע אָפּטיילונגען אין מצרים און איטאַ־ליע. ער איז געווען אַן אָנפירנדיקער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט צו איינ־אָרדענען די באַפרייטע פון דער מלחמה, און אויך אַ מיטגליד אין דער אָנפירונג פון „אוצר החייל״.

ביים סוף פון דער באַפרייאונגס מלחמה איז ער ווידער אָנגעשטעלט געוואָרן פון פאַרטיידיקונגס אַמט אין דער אָנפירונג פון דער אָפּטיילונג צו רעהאַביליטירן די סאָלדאַטן און די מלחמה פאַרוואונדעטע. ער האָט מקריב געווען זיינע בעסטע קרעפטן פאַר אָט־דער וויכטיקער אַקציע. אַ קורצע צייט האָט ער געדינט אַלס אָנפירער אין „רשות הפתוח״ פון מדינת ישראל.

נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט פאַר דער רעגירונג האָט ער זיך צוריקגעקערט צו זיין באַשעפטיקונג אין דער קבוצה „גבע״ אָבער מ׳האָט אים נאָך אַלץ ניט אָפּגעלאָזן און ער ווערט מאָביליזירט פון דער באַוועגונג „דער פאַראיין פון די קבוצות און קבוצים״ אַלס סעקרעטאַר. ווען ער האָט זיך צוריק־געקערט אַהיים נאָכן פאַרענדיקן די אויפגאַבע אין אַ שלעכטן געזונט־צושטאַנד, האָט מען אים צוגעמען צו דער אַרבעט אין דער אָנפירונג פון דער צוקער־פאַבריק אין עפולה.

אין דער ערשטער צייט האָט ער זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט פאַר דעם טערמין וואָס ער האָט זיך אונטער־גענומען, איז ער געקומען אַהיים קראַנק און אָפּגעשוואַכט. עטלעכע מאָנאַטן האָט ער געאַרבעט אַרום הויז, און דעם 19טן שבט תשי״ז (1955) איז ער פּלוצלינג געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע. יהי זכרו ברוך.



עקיבא איליביצקי (תל־אביב, ישראל)

# זכרונות פון טעלעכאַן

דער חבר מיכאל ציז, וועלכער איז געווען אַן עסקן און כלל־טוער אין זיין געבורטס־שטעטל טעלעכאַן, דערציילט ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דאָס ליבע שטעטעלע טעלעכאַן און שטעטלעך און דערפער אין דער געגנט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך דער וועלט־מלחמה.

טעלעכאַן האָט זיך געפונען צווישן וועלדער און פעלדער און טייכן, אָזיערעס און צווישן די באַוואוסטע 10 שלוזן פון דעם גרויסן אגינסקן קאַנאַל. און צוליב דעם וואָס זי האָט זיך געפונען אין אַזאַ געגנט, האָט די שיינע נאַטור, מיט איר שפּאַציר־געסעלע און דער פוסטער מויער, די שטאָט פּאָפּולער געמאַכט.

מאַסן מענטשן פלעגן שפּאַצירן אין וואַלד צו דער הוטע, צום הוטנער וואַלד, וועלכער איז געווען פּאָפּולער צוליב דעם וואָס הונדערטער פאַמיליעס פלעגן פון דעם לעבן, וואָס זייערע מענער, פרויען און קינדער פלעגן אַרבעטן אין דער גרויסער פאַבריק פון גלאָז, וועלכע מ׳האָט גערופן די „הוטע״.

אין דעם הוטנער וואַלד פלעגן זיך געפינען הונדערטער דאַטשניקעס, וועלכע פלעגן קומען זיך דערהאָלן פון דעם גוטן קלימאַט און טרוקענעם וועטער. אין טערפּענטינער געגנט פלעגט מען אַרויסנעמען פון סאָסנע־ביימער דעם סאָק, מיץ, און פון דעם מאַכן און אויסאַרבעטן „טערפּענטין.״ דער וועטער פון די סאָסנע בוימער פלעגט געזונט מאַכן די אָפּגעשוואַכטע און פאַרמאַטערטע מענטשן, וועלכע פלעגן אַרבעטן אין יענער צייט העכער ווי 10־14 שטונדן אַ טאָג.

דאָס שטעטל האָט געציילט פון 300־350 פאַמיליעס, אידישע פאַמיליעס, אויסער דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

די אידישע באַפעלקערונג, איבערהויפּט שבת און יום־טוב, האָט געלעבט אין אַ חסידישער אַטמאָספערע; די ליידן און פריידן פלעגן פאַרגעסן ווערן. די ניגונים און שירים פון די חסידים פלעגן פאַרהילכן די גאַס און געסלעך פונעם שטעטל. די שיינע ניגונים פון די חסידים האָבן צוגעגעבן חן און געפיל פון ברידערלעכקייט און האַרציקייט; שטענדיק זיין פריילעך, פאַרגעסן אַלע צרות; לעבן שטענדיק מיט האָפענונג, אַז אַלעס וועט פאַריבער און ס׳וועט פּאַסירן גוטעס, ניט קימערן זיך און ניט פאַרשאַפן זיך און אַנדערע עגמת נפש.

ניט וויט פון אונדז איז געווען אַ אידישער ישוב — אַ ישוב פון אַ קליין שטעטעלע מיטן נאָמען „סווענטע־וואָליע״. אירע מענטשן זיינען געווען אַנדערש פון אונדזערע. ווען זיי פלעגן ריידן, פלעגן זיי זיך צעזינגען — אַנאַנדער מין ריידן, אַנאַנדער דיאַלעקט; אָבער מיר האָבן צוזאַמען מיט זיי געלעבט, צוזאַמען מיט זיי דערצויגן קינדער, צוזאַמען געפירט אַ קהלשן און אַ געזעלשאַפטלעך לעבן; ווי אויך די אידישע באַפעלקערונג אין דער שטעטעלע „לאַהישען״. אַלע איינוואוינער פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן געשאַפן אַ געמיינזאַם אידיש לעבן;

צייטנוויז זיך פאַראייניקט אין דער צייט פון וואַלן, ווי אויך אויסבעסערן אונדזער עקאָנאָמישע לאַגע און קולטורעלע באַדערפענישן.

די אַלע מענטשן, די מערהייט פון זיי, זיינען אומגעקומען. פיל פון זיי האָבן עמיגרירט אין פאַרשידענע לענדער און אַ סך זיינען מיט אונדז אין ישראל. די אומגעקומענע דערמאַנען מיר יאָר־יערלעך — אונדזערע טייערע און ליבע עלטערן, ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען אַזוי טראַגיש אומגעקומען.

* * *

## די רויטע אַרמיי אין די יאָרן 1939-1953 אין טעלעכאַן

דער הער מיכאל קרופּציק פון טעלעכאַן, וועלכער איז געקומען די לעצטע צייט פון רוסלאַנד, דערציילט:

ווען די סאָוועטן האָבן געדאַרפט אַריינגיין, אַריינמאַרשירן אין טעלעכאַן, האָט די באַפעלקערונג אומגעדולדיק דערוואַרטעט זייער אָנקומען. אין דער צייט זיינען די כאַליאַקן, וועלכע זיינען געווען ביי דער מאַכט, אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק אונדז אין אַ צושטאַנד פון אָן מאַכט, און אָן וועלכער עס איז הילף און שוץ.

די בויערים פון די אַרומיקע דערפער זיינען געווען גרייט צו ראַבעווען די באַפעלקערונג. די מאַכט איז איבערגענומען געוואָרן פון די קאָמוניסטן: לייבל און אפרים בער קליטעניק, און איינצעלנע קריסטן; אויך לייבל מינקעס, ישראליק בערנשטיין און אַנדערע. כאָטש די כאַליאַקן זיינען אַוועק, זיינען זיי געווען אין די וועלדער. צייטנוויז פלעגן זיי זיך אומקערן. ס׳האָט געטראָפן אַ פאַל, ווען זיי האָבן, אַוועקגייענדיק, צוגענומען מיט זיך פופצן יונגע אינגלעך. אין דעם פאַל האָבן אַלע פאַרזאַמלטע, די באַפעלקערונג, געמאַכט אַ גערודער. מיר דאַכט זיך אַז די געשרייען זיינען דערגאַנגען צום הימל ביז מיר האָבן זיי אָפּגעשרייען און זיי אָפּגעראַטעוועט.

די דרייסטע פון אונדז, כמעט דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג, האָבן באַשלאָסן גיין אַנטקעגן דער רויטער אַרמיי און בעטן, אַז זיי זאָלן וואָס שנעלער און גיכער אַריינמאַרשירן אין טעלעכאַן. די אַרמיי האָט זיך געפונען אין דעם שטעטל „האָנצעוויטש״.

ווען די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך געפונען אין שול, אין דעם טאָג פון יום־כיפּור, 12 אַזייגער מיטאָג, זיינען אַריין די ערשטע זעלנער מיט אַ באַגלייטונג פון עראָפּלאַנען. אַלע מענטשן, אַלע פאַרזאַמלטע זיינען אַרויסגעגאַנגען פון שול, מ׳האָט געמיינט אַז עס איז אַ „נאַלאָש״. אונדזער שמחה און פרייד איז געווען גרויס. קיינער פון אונדז האָט שוין ניט מורא געהאַט, אַלע האָבן זיך באַרואיקט. אַלע פון אונדז זיינען פלוצלינג שלעפעריק געוואָרן, צוליב דעם, ווייל די גאַנצע צייט איז די באַפעלקערונג, די איינוואוינער, ניט געשלאָפן. מ׳איז געווען וואַכזאַם, געציטערט, אַז מ׳זאָל ניט באַפאַלן און הרגענען.

גלייך איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ „רעווקאָם״ און לייבל קליטעניק איז נאָמינירט געוואָרן אַלס „קאָמענדאַנט״. די לאַגע ווערט דאָן אין אַ מצב פון אָרדענונג, רואיקייט, שטילקייט און פון נאָרמאַליזירונג.

די שטעטלדיקע טיכטיקע און וויכטיקע חברים פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָבן איבערגענומען די מאַכט און דעם „רעווקאָם״ אין זייערע הענט, ביז ס׳זיינען אָנגעקומען פון רוסלאַנד אַנדערע טיכטיקע טוער. די אָרטיקע קאָ־

מוניסטן האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך איינאָרדענען ביי פאַרשיידענע פּאָסטנס און אַרבעטן אין שטעטל.

1) דער קאָמוניסט, אפרים קליטעניק, האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין „ראַיסאַיוז"; 2) לייבל קליטעניק — אין די פינאַנץ אינסטיטוציעס און אָרגאַנען; 3) ישראל בערנשטיין איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס „נאַטשאַלניק" פון „ראַימ־קאָמבינאַט"; 4) יודל לאַנדמאַן איז נאָמינירט געוואָרן אַלס „זאַוועדויושטשי" פון „ראַיזעמאָטדיעל"; איינצעלנע פון די אָרטיקע קאָמוניסטן זיינען געפאָרן זיך לערנען און פאַרפאָלקאָמען זייער בילדונג אויף קורסן אין פּינסק, ביז מ'האָט זיך אויסגעלערנט די פאַכן פון בוכהאַלטערן אויף אַרבעטן אין די בענק.

איך בין נאָמינירט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון „סיעל־סאָוויעט" אין האר מאל, אין אַ געוויסער צייט מיך איבערגעפירט אויף דעם זעלבן פּאָסטן און אַרבעט אין „טעלעכאַנער סיעל־סאָוויעט". מיין אַרבעט איז ניט געווען קיין גרינגע, ווייל כ'האָב געמוזט אַרבעטן ביי קאָנצעלאַריע אַרבעט פון סטאַטיסטיק. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון צוגרייטן פאַרשיידענע ליסטעס פון דער באַפעלקערונג, בעל־מלאכות, פאַבלייט, הייזער, שטאַלן, בוימער און סקאָט, דאָס הייסט לעבעדיקער אינווענטאַר: בהמות, פערד, ציגן, הינער גענדז, קאַטשקעס, חזירים, הינט — אַלעס איז פאַרשריבן געוואָרן אין די ביכער פון „סעלסאָוויעט".

די לאַגע איז געווען ערגער ווען דער „סעלסאָוויעט" האָט געדאַרפט געבן רשימות פון יונגע אינגלעך אין עלטער פון 16־17 יאָר, וועלכע מ'האָט געשיקט זיך לערנען אין כאַד־שולן.

די עלטערן און די אינגלעך פלעגן מיך שעלטן מיט טויטע קללות, צוליב דעם וואָס איך פלעג זיך פאַרנעמען מיט דעם. די מוטערס האָבן ניט אָפּגעשאַצט די זאַך און דעם באַפעל אַז מ'וויל צוגרייטן אַ יונגן דור, וועלכער זאָל זיך לערנען און שטודירן, און דורך דעם אָפּגעראַטעוועט ווערן פון טויט; ווען זיי וואָלטן געוואוסט פון דעם, גלויב איך, וואָלטן זיי זיך אַנדערש אויפגעפירט און אָפּגע־שאַצט דעם באַפעל און די אַרבעט וואָס מיר טוען.

מיין שוועסטער יהודית איז נאָמינירט געוואָרן אַלס סעקרעטאַרין אין „ראַי־זעמאָטדיעל", און צדוק, חייטשע חנה בעשעס, איז אויך געוויילט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר אין קראַלעוויטשער „סעלסאווועט." כמעט אַלע אידן זייען איינגע־אָרדנט געוואָרן אין פאַרשיידענע אַרבעטן. די שוסטער און שניידער זיינען אַוועק אין די אַרטעלן. די מיליציע האָט זיך קוואַרטירט פון אָנפאַנג ביי אַברמלען אין מויער; אַלע אַמטן זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אין הויף. אין אַ געוויסער צייט איז די מיליציע אַריבער אין הויז פון דער אַמאַליקער גמינע.

ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט צו אונדז, פאַרשטייט זיך, האָט מען גלייך אָרגאַניזירט קורסן צו לערנען די רוסישע שפּראַך. אין יאַש־טשעמקעס הויז, נאָכן טייך, האָט מען געמאַכט אַ שפּיטאַל. איך דאַב אָפּגעבעטן אַז מיין יונגערער ברודער, ישראל, און מיין קוזין מוליע, חייטשע חנה בעשעס זון, זאָלן ניט פאָרן אין פאַד־שול, אָבער צום באַדויערן זיינען זיי דערהרגעט געוואָרן פון די דייטשן אין שטעטל.

די עקאָנאָמישע לאַגע איז ניט קיין גוטע; מענטשן האָבן געליטן און אַ סך פון זיי אין צושטאַנד פון שטענדיקן הונגער. צו באַקומען אַ לעבל ברויט יעדן

טאָג איז געווען שרעקלעך, צוליב דעם ווייל ס'האָט אויסגעפעלט ברויט, און צוליב דעם ווייל די „אַטשערעדן", די רייען צו קומען צו די געוועלבער, קראָמען, געשעפטן, איז געפערלעך. הונדערטער מענטשן האָבן געוואַרט צו קומען צו די געשעפטן, אָבער צום באַדויערן זיינען די געשעפטן, די קראָמען געווען ליידיקע און כוסטע. און אויב ס'פלעגן אָנקומען געוויסע פּראָדוקטן אין שטעטל און מ'פלעגט אָנפילן די געוועלבער, פלעגן דאָס צונעמען די פרויען פון די אָנגע־קומענע קאָמיסאַרן פון די בעסטע לייטע פון רוסלאַנד. אין דער צייט האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם די קרעמער: אייזיק שלום יודלס זון; זיין קראָם האָט זיך געפונען ביי אָשר ניסלס הויז. מיין פעטער, משה חיים ציז, האָט געאַרבעט אין קראָם אַלס „סטאַראָזש", וועלכער פלעגט אכהיטן אַז מ'זאָל ניט גנבענען און אַוועקרויבן די פּראָדוקטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין געוועלב.

די בעקעריי דאָט זיך געפונען ביי נחמן דעם בעקער אין הויז. נחמן איז אַרעסטירט געוואָרן און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין בריסק. נאָכן אָפּזיצן 7-8 מאָנאַטן אין ברעסט־ליטאָווסק איז ער באַפרייט געוואָרן.

די סאָוועטישע אַרמיי מיט די קאָמוניסטישע טוער האָבן רעפאָרמירט אונ־דזער לעבן אויף סאָציאַליסטישע יסודות, צו אַן אַקטיוון און קולטורעלן לעבן פון זאָרגן, אַז אונדזערע קינדער, יוגנט, זאָלן זיך לערנען.

צייטווייליק אין צייט פון קריג און שטילשטאַנד, ווערט אונדזער לעבן ביסלעכווייז נאָרמאַליזירט. אין אַזאַ לאַגע האָבן מיר זיך געפונען פון 1939 ביז יוני 22, 1941, ווען די דייטשן, די נאַציס, די בעסטיאַלישע אַרמיי פאַלן אָן אויף דער רוסישער טעריטאָריע.

אין דער צייט בין איך געווען באַשעפטיקט און געאַרבעט ביי מאָביליזירן מענטשן אין דער סאָוועטישער רויטער אַרמיי. איך פלעג זיך איבערגעבן צו דער אַרבעט פון מאָביליזירן כמעט 24 שטונדן אָן אָכרו, באַפעסטיקן דעם מענטשן־מאַטעריאַל אין דער רויטער אַרמיי, אַז מיר זאָלן זיך קענען באַשיצן אין אַ צייט, ווען מ'וועט אונדז באַפאַלן, און אויב ס'וועט געפאָדערט ווערן פון דער רויטער אַרמיי פאַרשאַפן קריג, זיך געפינען אין אַ צושטאַנד פון אַטאַקירונג און באַפאַלן דעם פיינט.

מיין מוטער האָט זיך געפונען אין געבורטס־שטעטל פון ד"ר פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן, אין מאָטעלע, ביי מיין שוועסטער רחל, וועלכע האָט חתונה געהאַט אין יאָר 1939.

אויפגעציטערט זיינען מיר געוואָרן, די ציווילע באַפעלקערונג און די רויטע אַרמיי, אין דער נאַכט פון 23-24 יוני, ווען אין דער גרויסער שטאָט פינסק זיינען אויפגעריסן געוואָרן פון דינאַמיט די סקלאַדן מיט געווער. די פלאַמען פייער האָט מען געזען אַזש אין טעלעכאַן. כאַרשטייט זיך, אַז דאַן האָט זיך געשאַפן אַ פּאַניק א בהלה. די מאָביליזירטע זעלנער פון דער רוסישער סאָוועטישער אַרמיי זיינען געלאָפן קיין פינסק. צום באַדויערן, צו איר ניט דערגאַנגען. אַלע איינוואוינער פון שטעטל זיינען געלאָפן. יעדער איינער פון די אַנטלאָפענע האָט געזוכט אַן אָרט זיך אויסצובאַהאַלטן אויף אַ געוויסער צייט, ביז ס'וועט שטיל ווערן, רואיק ווערן. יעדער איינער האָט געזוכט הילף און שוץ־מיטלען. גרעסער איז די פּאַניק, ווען די מאַכט פון שטעטל איז אַנטלאָפן. אָן מאַכט, פאַרשטייט זיך,

איז הפקרות און אַנאַרכיע. שרעקלעך איז געווען זיך צוקוקן אויף דעם ווי מענטשן האָבן געראַבעוועט, גערויבט די געוועלבער און סקלאַדן; די בעקאַרניעס זיינען באַפאַלן געוואָרן; מ'האָט גערויבט די הייסע ברויט, צוקומענדיק צו זיי דורך די גראַטעס. אַלע פרויען אין אַ צושטאַנד פון געפערלעכע יאָמערן און וויינען. די יוגנטלעכע האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַנטלאָפן.

אין דעם אָוונט איז מיין מוטער געקומען צופאָרן. איך אַליין בין געקומען אין די פרי־שטונדן אַהיים פון „סעלסאָוועט"; דערזעענדיק מיין אייגענע מוטער, בין איך איבערראַשט געוואָרן און זיך דערכרייט, אַז איך זע נאָך איר צווישן די לעבעדיקע און אין טעלעכאַן. דער מוטערס אינסטינקט איז מקוים געוואָרן, זאָגנדיק צו מיר: „זון, אַנטלויף פון דאַנען!" פאָלגנדיק איר בין איך געראַטעוועט געוואָרן. היינט בין איך מיט אייך צווישן די לעבעדיקע. שווער איז מיר געווען ווען איך האָב געדאַרפט איבערלאָזן אַלע נאָענטע, ווי אויך דער אייגענער מוטער.

גייענדיק אין גאַס איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ קריסטין מיטן נאָמען כמילעוו־סקאַ, און מיר געפרעגט: פאַרוואָס אַנטלויף איך ניט? זי האָט געוואוסט מיט וואָס כ'האָב זיך פאַרנומען; זי זעצט פאָר איר געשכרעך: „דו האָסט קיין שלעכטס קיינעם ניט געטאָן, נאָר דו האָסט אויסגעפילט דיין מענטשלעכן חוב און פליכט; אויב ס'וועלן אַריינגיין די דייטשן, וועלן זיי דיך אויפהענגען אויפן ערשטן בוים. זע, אַנטלויף!" אַזוי האָט גערעדט צו מיר די אויבנדערמאנטע קריסטין. ווען כ'האָב פאַרגעזעצט דעם וועג, גייענדיק צו אשר ניסלס שטוב, איז געשטאַנען שמשל אַלטער באַשעס און ער זאָגט: „איך וועל ניט גיין אין ערגעץ; ביי היטלערן וועט מיר נישט זיין ערגער ווי ביי סטאַלינען."

איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן. איך האָב גערופן אויך סימה אָשר ניסלס גורשטעל, אָבער זי האָט ניט געוואָלט איבערלאָזן אַליין חנהן, איר מוטער, פאַר־געלייגט שרה חנה סטאַליאַר, ווי אויך דינה, נחמן דעם בעקערס, גיטלמאַן. זיי האָבן באַשלאָסן ניט צו גיין מיט מיר און זיך אנטזאָגט פון מיין פאַרשלאָג. אַוועק־גייענדיק, האָב איך מיט זיך גענומען מיין אייגענע שוועסטער יהודית, ווי אויך צדוק חייטשע חנה פעשעס. מיר זיינען געגאַנגען אַליין, צוליב דעם, ווייל אַלע זיינען אַנטלאָפן אין די פריערדיקע שטונדן. אָנקומענדיק ניט ווייט פון וויהאָנאַשץ האָבן מיר געטראָפן שלמהקע דעם „באַבראָוויטשער", מאַכליע צדוקס מאַן. דער־זעענדיק אונדז, האָט ער זיך געווענדעט צו צדוקן און געזאָגט מיט די ווערטער: „וואוהין גייסטו? קום צוריק! אויב דו האָסט באַשלאָסן צו גיין, נעם דעם פערד, ער שטייט אין שטאַל." הערנדיק די ווערטער, האָט צדוק זיך מיט אים אומגע־קערט. פון דאַן אָן האָב איך אים שוין מער ניט געזען. מיין שוועסטער יהודית האָט זיך פאַרמאַטערט און אָנגעריסן גרויסע „מאָזאָליעס" אויף די פיס. גיין מיט אירע פיס האָט זי מער ניט געקענט.

ניט ווייט פון דער שטעטל „האנצעוויטש" האָב איך געטראָפן אַ גרויסע גרופע טעלעכאַנער, ווי מאָטל מיידעלאָוו מיט זיין פרוי, אייזיק זאָוולס קינדער, און נאָך אַ סך.

צוזאַמען מיט דער גרופע האָט זיך אויך מיין שוועסטער יהודית אימגעקערט. איר אומקערן זיך האָט מיר געוויטיקט און פאַרדראָסן, אָבער אין אַזאַ פאַל, ראַטן, געבן עצות, איז זייער שווער. איך האָב געמאַכט אַ גרויסן וועג, גייענדיק אין

טיף־רוסלאַנד אַליין און זעלבסטשטענדיק, אָן קיינעמס הילף, ניט זיך צוקאָפּ־טירנדיק צו וועלכער עס איז גרופּע וואַנדערער.

קומענדיק הינטער וויהאָנאָשץ האָב איך געטראָפן אַ סך טעלעכאַנער יוגנט־לעכע אַליין. די אַלע אַנגעשטעלטע פון טעלעכאַן, צום ביישפּיל: דעם „סודיאַ" (ריכטער), נאַטשאַלניק מיליציע, ענקאַוועדע, און אַלע אַנדערע. זעענדיק אַז די טעלעכאַנער יוגנטלעכע גייען זיי נאָך, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, זיך געזעצט און אונדז צוגערופן און געזאָגט, אַז ס'איז ניט ריכטיק, ס'איז אַ ליגן אַז די דייטשן זיינען נאָענט. בעטנדיק אונדז, אַז מיר זאָלן גיין אין וויהאָנאָשץ און זאָגן די קריסטן, די גויים, אַז זיי זאָלן קומען צופאָרן מיט פורן, ד.ה., זיי זאָלן איינשפּאַנען די פערד און צונעמען זיי צוריק קיין טעלעכאַן. איך האָב פאַרשטאַנען אַז זיי ווילן פון אונדז כּטור ווערן. איך בין געווען קעגן דעם; אַנדערע האָבן זיי געגלויבט און אַוועק קיין וויהאָנאָשץ.

די קריסטן, זעענדיק אַז די אידישע אינגלעך האָבן זיי געפּאָלגט און אַוועק, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און אַוועק אין דער ריכטונג פון טיפן רוסלאַנד. איך, קוקנדיק אויף די קריסטן, רוסן, בין איך אַוועק מיט זיי צוזאַמען, האַלטנדיק זיך ווייט פון זיי, ניט אָנשליסנדיק זיך אין דער מחנה פליטים.

פון די יונגע אינגלעך, וועלכע זיינען אַוועקגעגאַנגען אין וויהאָנאָשץ, האָב איך זיי שוין מער ניט געזען און ניט געהערט. איך ווייס ניט צי זיי זיינען דערגאַנגען אין וויהאָנאָשץ, אָדער זיי זיינען דערהרגעט געוואָרן דורך די וויהאָנאָשצער גויים.

אפילו בערל מעלצער, משה דעם שערערס אינגל, האָט איבערגעלאָזן זיין פּעקעלע זאַכן ביי מיר, אַז איך זאָל אויף דעם אַכטונג געבן און אָכּהיטן, ביז ער וועט קומען צוריק פון וויהאָנאָשץ. פון דאַן אָן האָב איך אים מער ניט געזען.

גייענדיק אויפן וועג האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די רוסישע גרענעץ־וואַך לאָזט ניט דורך די מענטשן פון די נייע געביטן („זאַכאַדניקעס") דורך דעם אַלטן גרענעץ. מיר האָבן פאַרגעזעצט אונדזער וועג, אויסמיידנדיק דאָס שטעטל האַנ־צעוויטש דורך דער גרויסער בלאָטע. דורכגייענדיק דורכן גרענעץ איז שוין די גרענעץ־וואַך ניט געווען. די באַראַקן זיינען געווען כוסטע, ליידיקע; דאָס ערשטע שטעטל אויף דער אַנדערער זייט פון גרענעץ־וואַך איז געווען „קראַסנאַיאַ „סלאָבאָדאַ", ניט ווייט פון באברויסק. און דאָרט האָב איך געטראָפן אַ סך טעלע־כאַנער: מאָשקע ראשטשינצער מיט פייוול חאַשע לאהס קינדער, גיטל איזוק מיטן מאַן, ישעיה, מיט די קינדער; חיה לאה די קאַלאַנסקער מיט איר ברודער יאַנקל; ישראל דוד קאַגאַן (גרשנס) און אַ סך אַנדערע, ווי אויך יהודית, חייטשע חנה פּעשעס.

ווען די לעצטע האָט מיך דערזען, האָט זי זיך צעוויינט און מיר דערציילט אַז זי איז פאַרטאָג אַנטלאָפן מיט פייוולס קינדער, און איצט האָבן זיי איר אַוועק־געטריבן, צוליב דעם וואָס זיי האָבן ניט וואָס צו עסן. איך האָב געהאַט ביי זיך עטלעכע לעבלעך ברויט, וואָס איך האָב אויסגעביטן פאַר די זאַכן, וואָס עס האָט מיר איבערגעלאָזן בערל משה דעם שערערס, הינטער וויהאָנאָשץ. איך האָב געקלערט, אויב איך וועל לעבן, וועל איך זיך מיט אים אָכּרעכענען און באַצאָלן פאַר דעם.

ידודיתן, מיין קוזינע, האָב איך צוגעגומען מיט זיך און איר געזאָגט: „וועל איך לעבן, וועסטו אויך לעבן; וואָס איך וועל עסן, וועסטו אויך עסן."

גייענדיק אַזוי אויפן וועג, ווייטער פון שטעטל, האָבן מיר באַגעגנט גיטל יוזוק. זי האָט זיך צעוויינט און אַגיטירט מ׳זאָל זיך אומקערן צוריק אַהיים, און אָנגעהויבן ריידן צו יהודיתן מיט די ווערטער: „וואוהין גייסטו, קום צוריק אַהיים." נאָך דער אַגיטאַציע און נאָך דער אויפקלערונג האָט זי פלוצלינג אָנגעהויבן ריידן און זאָגן אַז זי וויל גיין צוריק אַהיים. איך האָב ניט געוואוסט וואָס איר צו ראָטן, ווי איר אַן עצה געבן אין דעם פאַל. איך האָב איר ניט געלאָזן, אָבער זי האָט באַשלאָסן אַז זי וועט זיך יאָ אומקערן. ווירקן אויף איר האָב איך ניט געוואָלט, צוליב דעם אַז זי זאָל צו מיר קיין טענות ניט האָבן — אין פאַל ווען ס׳וועט עפּעס געשען.

מיט אַ גאַנצער גרופּע פּליטים איז זי אַוועקגעגאַנגען אַהיים. צי זיי זיינען דערגאַנגען, ווייס איך ניט. אַזוי אַרום בין איך ווייטער געבליבן אַליין און איינזאַם.

אין קראַסנאַיאַ סלאָבאָדאַ האָב איך געטראָפן חייטשע לוצקי (פריידעלעס) מיט די קינדער, ווי אויך פייגל מינקעס. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז זיי קענען ווייטער ניט גיין, ווייל זי, חייטשע, איז אין די לעצטע טעג, ד.ה., זי געפינט זיך אין געבורט צושטאַנד. אין גיכן וועט זי ווערן אַ מוטער, און זייערע מענער, הערשל און ישראל בערנשטיין, זיינען אַנטלאָפן ווייטער. אַזוי זיינען אומגעקומען חייטשע לוצקי און פייגל מינקעס מיט זייערע קינדער, אין דעם שטעטל קראַסנאַיאַ סלאָבאָדאַ.

איך האָב ווייטער פאַרגעזעצט דעם מאַרש — דעם מאַרש פון דעם אומגליקלעכן איד מיטן אייביקן וואַנדער־שטעקן, צופוס, שוין מיט אומבאַקאַנטע מענטשן.

הינטער דעם שטעטל „סטאַראָבין" אין וואַלד, האָב איך געטראָפן: גרוניה, חיים דעם בעדערס, מיט געשוואָלענע פיס, ווי אויך דעם טעלעכאַנער לערער, מעלאַך אָשר, מיט זיין פרוי. גרוניה האָט פאַרגעזעצט צו דערציילן, אַז איר מאַן, לייבל חיים דעם בעדערס, מיטן קינד, ווי אויך אפרים בער קליטעניק מיט ברכה דינהן, ווי אויך אָשר גאָדינער, זיינען ווייטער אַנטלאָפן, און זי איז פאַרבליבן, ווייל זי האָט ניט געקאָנט גיין. מיר זיינען געווען צוזאַמען עטלעכע שטונדן. נאָך אין קורצן זיינען קיין סטאַראָבין אָנגעקומען די דייטשישע ראַזוועדקע אויף בראַניוויקעס, דאָס הייסט די ערשטע זעלנער, וועלכע קומען צו פאָרן אָנקוקן דעם געגנט דעם סטראַטעגישן פּונקט.

אין דער צייט האָט געהערשט הונגער. ס׳איז שווער געווען צו קויפן ברויט. איך בין גלייך אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק די אַלע, וועלכע האָבן זיך געפונען דאָ מיט מיר. איך בין געלאָפן צופוס אין אַן אומבאַוואוסטער ריכטונג. די וועגן אויף וועלכע מיינע פיס האָבן געטראָטן, זיינען געווען פרעמד, ווייל כ׳בין דאָס ערשטע מאָל אויף זיי געגאַנגען.

אין דעם יאָר 1941 בין איך פאַרוואָרפן געוואָרן אויף דעם וויטן „קאַזאַכאַסטאַן". זייענדיק צווישן די לעבעדיקע האָב איך זיך דערוואוסט, אַז צווישן די לעבעדיקע געפינען זיך אונדזערע טעלעכאַנער: אָשר און ניומע גורשטעל, לייבל אייזענבערג, מינקעס, פייוול רובאַכאַס קינדער, משהל קאַמאַדיעיעוו (אברהם חיימס), שלמה לאַנדמאַן, און גרוניע חיים דעם בעדערס.

אין דער שטאָט סווערדלאָווסק, אין יאָר 1943, האָב איך איינמאָל צופעליק געטראָפן: אפרים בער קליטעניק, ווי אויך זיך דערוואוסט פון אים, אַז עס לעבט זיין פרוי ברכה דינה, אָשר גאָדינער, מאשקע ראשטשינצער, און נאָך איינצעלנע טעלעכאַנער. צייטנווייז פלעג איך שרייבן בריוו קיין ארץ ישראל צו מיין קוזין מיכאל ציז, חנה פעשעס, וועלכער געפינט זיך אין כפר יהושע, ניט ווייט פון נהלל, עמק יזרעאל, אויף דעם וועג פאַרנדיק קיין חיפה. דורך זיינע בריוו האָב איך זיך דערוואוסט וועגן אַנדערע טעלעכאַנער, וועלכע פלעגן שרייבן בריוו צו פאַרוואַנדטע און באַקאַנטע אין ארץ־ישראל.

איך האָב שוין עטלעכע מאָל דערמאָנט די רויטע אַרמיי, וועלכע האָט זיך צו אונדזער געגנט דערנענט. דערוויסנדיק זיך פון דעם, האָב איך גלייך אָנגעהויבן שרייבן בריוו צו אייגענע אין טעלעכאַן. ביז היינט גלויבט זיך ניט, אַז די דייטשן האָבן אַלעמען אויסגעהרגעט.

מיינע וואַנדערונגען זיינען געווען געווענדעט: צו מיין אייגענער מוטער און צו מיין מומען: חנה פעשען, צו העננעך סטאָליאַר, און אַנדערע; אויך זיך געווענדעט צו מיין אייגענער שוועסטער אין מאָטעלע. צום באַדויערן האָב איך אין אַ געוויסער צייט געקראָגן אַלע מיינע בריוו צוריק מיט אַן אויפשריפט אַז: „די דייטשן האָבן אַלע אידן אויסגעהרגעט.“ איך האָב זיך געווענדעט צום טעלעכאַנער „סעל־סאָוויעט“ — אויך פון זיי באַקומען אַן ענטפער: „אַלע אידן זיינען אומגעקומען דורך די דייטשן דעם 6־טן אויגוסט, 1941. דעם זעלבן ענטפער האָב איך אויך באַקומען פון מאָטעלער „סעל־סאָוויעט“, וואו ס'האָט זיך געפונען מיין שוועסטער רחל מיט איר מאַן און קינד פון 10 מאָנאַטן.

אין אויגוסט, 1946, בין איך געקומען קיין טעלעכאַן באַזוכן מיין געבורטס־שטעטל און באַזוכן די וועלכע זיינען געבליבן לעבן נאָך דעם גרויסן חורבן, און נאָך דער גרויסער מלחמה.

אַראָפּגייענדיק פון עראָפּלאַן אויף די טעלעכאַנער פעלדער און פון הויף נאָכן טייך, איז געווען שרעקלעך. דער טייך איז אויסגעטרוקנט, פאַרוואַקסן מיט ווילדע גראָז; די שלוזן זיינען ניטאָ, ווי אויך די פאַליעס אַרום טייך ניטאָ; נאָר דער פוסטער מויער מיט דער קרעניצע זיינען פאַרבליבן. איך בין צוגעקומען צום אָרט וואו אונדזער הויז איז געווען געבויט. מיין האַרץ האָט געווייטאַגט צו צוקוקן וואָס איז פאָרגעקומען און וואָס איז פאַרבליבן. געבליבן זיינען נאָר די קוסטעס בעזש, וואָס מיין פאָטער האָט פאַרפלאַנצט צו דער בר־מצוה פון מיין ברודער אַלטער. די בוימער פון בעזש זיינען פאַרוואַקסן, און צווישן די צווייגן אונטן האָבן זיך געוואַלגערט כאַפּירעלעך. געמיינט האָב איך אַז איך וועל עפּעס געפינען אויף די פּאַפּירעלעך, אָנגעשריבן פון מיינע אייגענע און מיט זייער האַנטשריפט. כ'בין נאָכגעגאַנגען טיפער צווישן די ביימער און קוסטעס און אָנגענומען פאַר־שיידענע פּאַפּירעלעך, אָבער צום באַדויערן, אָנגעיאָגטע כאַפּירעלעך פון ווינט.

ווען כ'בין געשטאַנען פאַרטראַכט און נאָכגעקוקט וואָס סהאָט כאַסירט און קוקנדיק צווישן די צווייגן, האָב איך פּלוצלינג דערזען אַ געשטאַלט פון אַ פרוי, אַ קריסטלעכע, וועלכע האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

אין דער צייט בין איך איינגעשטאַנען ביי אונדזערע שכנים, ביי וואַיט קאָוואַ־לעווסקי. ס'איז מיר אָנגעפאַלן אַ שרעק, אַ פּחד, כ'דאַב זיך זייער שלעכט געפילט און מיין האַרץ האָט געוויטאָגט אויף דעם אַלעם וואָס ס'איז פאָרגעקומען. איך פלעג ניט אַרויסגיין אין גאַס, ס'איז ממש געווען מוראדיק און שרעקלעך, ווי אַן איינזאַמער וועלכער געפינט זיך אין אַ גרויסן וואַלד צווישן חיות.

איך פלעג מורא האָבן צו קוקן דורכן פענצטער; ס'פלעגט זיך מיר דוכטן אַז איך זע העגאכן מיט חנהן דורכן פענצטער.

די סטאַלינער און לובישיער שולן פון די חסידים — פאַרברענט און פאַר־ניכטעט; דאָס געסל וואו ס'האָט געוואוינט מיין מומע חנה פעשע — פאַרניכטעט און אָפּגעמעקט פון דער וועלט, בלויז די ערד איז פאַרבליבן און די הייזער וואו ס'האָבן געוואוינט בערל טשערנאַמארצעס, באַשעס, און אונדזערע. אַלעס פאַר־ניכטעט, אפילו די פּלויטן; בלויז פעלדער געבליבענע. עטלעכע פאַריתומטע הייזער זיינען פאַרבליבן. וואו דו פלעגסט זען אידישע קעפּ, האָסטו געזען דורך די פענצטער קעפּ פון אַלטע גויעס פון די דערפער באַבראָוויטש און וויאַדע, וועלכע זיינען איבערגעפירט געוואָרן אין טעלעכאַן. צוליב דעם וואָס די דייטשן האָבן פאַרברענט די הייזער אין די דערפער. נאָך דער דערמאָרדונג פון די אידן האָבן די דייטשן אָנגעיאָגט מענטשן פון טיף רוסלאַנד, פון סמאָליענסקער געגנט.

ווער ס'געדענקט אונדזער גרויסער „הוטע", די גרויסע גלאָז־פאַבריק, וואו מ'האָט באַשעפטיקט הונדערטער אַרבעטער און אַרבעטאָרינס, פון וועלכע די טעלעכאַנער באַפעלקערונג האָט זיך געשפייזט און געלעבט, און דאָס שטעטל האָט ממש געלעבט און זיך אַנטוויקלט — אַ סך פון זיי זיך באַזעצט און פאַר־גרעסערט די באַפעלקערונג — היינט אַלעס פאַרניכטעט. אַמאָל צוצוקומען צו דער הוטע איז געווען אַ גרויסע שטרעקע, היינט האָט זיך די שטרעקע פאַרקלע־נערט און דערנענטערט. איך האָב דאָן געטראָפן יאָסל גרושקאָ דעם בעל־עגלהס). מיר זיינען אַוועק צוזאַמען אויף די ברידער־קברים, וואו ס'ליגן אונדזערע ליבע און טייערע, וועלכע זיינען פון אונדז אָפּגעריסן געוואָרן פאַר דער צייט. די קברים געפינען זיך אויף סאַלאַמקעס פעלדער ניט ווייט פון וואַסיליעווס וועלדער. אויף די פעלדער — 3 גרויסע קברים, פון פרויען, מענער און קינדער. שטייענ־דיק ביי די קברים איז מיין האַרץ פאַרשטיינערט געוואָרן, צוליב דעם וואָס איך האָב ניט געקענט וויינען. די שילדערונג פון דער רציחה איז שרעקלעך. מ'האָט זיי געשאָסן אין „פּאַטיל'ניצע" און מיט אויפּרייס פּוליעס, אָנגעבויגענע אויף די אָפענע גרויסע גריבער. זיי האָבן אַ סך פון זיי פאַרשאָטן לעבעדיקערהייט. אַזוי איז פאַרשאָטן געוואָרן: ראובן רובינשטיינס באַבראָוויטשער ווייב. מ'האָט עטלעכע מאָל געשאָסן אין פייגל דער גראָבערס (אברהם דודס) נאָר די קויל האָט איר ניט גענומען. מ'האָט ביי איר געוואָלט אַרויסרייסן, אַרויסנעמען איר קינד, וועלכעס זי האָט נאָר וואָס געבוירן, אָבער זי האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן. מ'האָט געשאָסן דער מוטער און קינד צוזאַמען. מ'האָט מיר דערציילט, אַז מיין מומע חנה פעשע איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, ליגנדיק אין בעט, צוליב דעם וואָס זי האָט ניט געקענט גיין. איר אייניקל, צדוק חייטשעס, האָט זיך אַ שטיק צייט אויסבאַהאַלטן. נאָך דער שחיטה און הריגה, געבלאָנדזשעט ניט ווייט פון „קראַג־לעוויטש". אַ באַקאַנטע שיקסע האָט אים געטראָגן עסן. די גויים, פּאָליציי פון

קראָגלעוויטש, האָבן אים געכאַפּט און געבראַכט אין קאָמענדאַטור און דערשאָסן אים אויפן הויף פון דעם פּוילישן קאַשציאָל, און איז אויפן אָרט באַגראָבן געוואָרן.

אין 1946, זייענדיק אין טעלעכאַן, האָבן מיר די גוים וועגן דעם דערציילט. כ'האָב געוואָלט אַריבערפירן אים אויפן אידישן בית־עולם, נאָר קיינער האָט ניט געוואוסט וואו ער ליגט. געוואוסט האָט דער אַרטיקער קשאָנדז. דער קשאָנדז האָט פאַרלאָזן טעלעכאַן און איז אַוועק קיין פּוילן. די קערפּערס פון די מענטשן זיינען צו קבר ישראל ניט געבראַכט געוואָרן — צעוואָרפן איבער פעלדער און וועלדער.

די ביינער פון אַלע מיינע פריינט, די ביינער פון מיין מוטער מיטן יונגערן ברודער אין טעלעכאַן, מיין שוועסטער רחל מיטן מאַן אין מאָטעלע, מיין שוועס־טער יהודית אויפן וועג האַנצעוויטש־טעלעכאַן.

גרויסע צרות האָבן די שטעטלדיקע אידן געליטן פון די גוים און פון די שכנותדיקע דערפער. ווען די רויטע זיינען אַוועק און די דייטשן נאָך ניט אַריין אין טעלעכאַן, פלעגן די גוים יעדן פאַרנאַכט, בין־השמשות־צייט, ווען ס'פלעגט פינצטער ווערן — אַרומרינגלען מיט געשפּאַנטע פערד און פורן דאָס גאַנצע שטעטל, ברעכן די שויבן, ראַבעווען און שלאָגן אַלע אידן. זיי פלעגן מאַכן פּאָג־ראָמען, ווי אין צייטן פון כמעלניצקי און פּעטליורע.

אידן פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן וואו מ'האָט נאָר געקענט. מיין מוטער און ברודער האָבן געזוכט שוץ, ווי אויך העניאָך, חנה און שרה סטאָליאַר, ביי אונדזער שכן קאָוואַליעווסקי; יודל ניסלס מיט זיין פאַמיליע און חנה אָשרס גורשטעל מיט די קינדער—ביי ראַדעקן אויף די ווישקעס פון שטאַל, וואו מ'לייגט אַוועק היי אָדער שטרוי. יעדער פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט געזוכט אַ באַהאַל־טונג־פּלאַץ.

גלייך ווי די דייטשן זיינען אַריין, האָבן זיי פאַרווערט די גוים צו בושעווען. אָבער לאַנג האָט דאָס ניט געדויערט. אין קורצן זיינען אַלע אידן אומגעקומען.

ווען מ'האָט זיי געפירט צו דער „הוטע" איז אויפן וועג געשטאַנען די פּרוי קרוטשענקאָ, דעם גלח'ס שוועסטער. זי האָט געזען ווי מ'פירט מיין מוטער צום לעצטן מאָל, און זי האָט איר געזאָגט: „זיי געזונט, ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך שוין מער זען." אין גיכן האָט מען דערהערט שיסערייען. די געוויינען און קולות האָט מען געהערט אויף אַ לאַנגער שטרעקע, און ווייט, ביז עס איז געוואָרן רואיק און שטיל.

ס'האָט געטראָפן אַזאַ פאַל: ווען מ'האָט געכאַפּט יענטע פּאַטרעבניק (אַברהם דודס אַן אייניקל). זי האָט געזאָגט דעם דייטש: „שיס מיך ניט, זע וואָס פאַר אַ שיינע איך בין." דער דייטש האָט איר ניט דערשאָסן, נאָר אַ שייגעץ פון דער פּאָליציי האָט איר אויפן אָרט דערשאָסן.

גייענדיק פון די ברודער־קברים בין איך אַוועק אויפן ביתעולם, וואו ס'ליגט מיין פאָטער און מיין עלטערער ברודער, אַלטער, נאָר צום באַדויערן האָב איך זייערע קברים ניט געקאָנט געפינען. ס'זיינען געבליבן נאָר עטלעכע גאַנצע מצבות. די איבריקע זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן. ס'זיינען אויך געווען קברים מיט צלמים פון קריסטן.

אין סוף פון 1946 בין איך אַריבערגעפאָרן פון קאַזאַקסטאַן קיין פינסק. אין טעלעכאַן געפינען זיך היינט ניט קיין אידן, ווי אויך ניט אין די אַרומיקע שטעטלעך. איך האָב באַזוכט עטלעכע מאָל טעלעכאַן; אַז איך פלעג אַהין קומען פלעגן די קריסטן מיר דערציילן ווי זיי האָבן געהאָלפן ראַטעווען די אידן.

איינמאָל בין איך געפאָרן קיין טעלעכאַן מיט אהרן נתן מאַטוסיקס און מאָטיע ראובן גורשטעלס; מיר זיינען אַריין אין זייער שטוב. אין ראובנס הויז איז היינט אַ געוועלב. די ווענט וואָס פלעגן צעטיילן די צימערן זיינען צענומען געוואָרן.

קומענדיק אין טעלעכאַן האָבן אַלע גויים אונדז אַרומגערינגלט, ווייל אַלע האָבן מיך מיט אהרנען געקענט, און זיי האָבן געפרעגט אויף מאָטיען, צי ער איז אויך אַ טעלעכאַנער? מיר האָבן געענטפערט אַז ניין, ווייל מאָטיע איז פאַר־שריבן אויף אַ פרעמדער פאַמיליע.

איך האָב ניט געקענט צוזען דעם צער פון מאָטיען. איך האָב מיט אים דורכגעלעבט פון דאָס ניי די ווייטאָגן אין וואָס פאַר אַ לאַגע מיר האָבן זיך געפונען און וואָס פון אונדז איז געוואָרן, נאָכדעם וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזערע בעסטע און געטרייסטע. מיר האָבן געזען אַז אין מלכה ראובנס, דער קרעמערקעס געוועלב, שטייט אַן אַלטע גויע פון אַ דאָרף און פאַרקויפט כראָדוקטן.

אָפטער פלעג איך באַזוכן טעלעכאַן און צוקוקנדיק אויף דעם אַלעם און אויף די פאַריתומטע הייזער, ווי די גויים האָבן פון די פענצטער געמאַכט טירן, פון טירן פענצטער. אַלעס איז פון דאָס ניי רעמאָנטירט געוואָרן.

דעם בית־עולם (בית הקברות) האָבן די רוסן אינגאַנצן ליקווידירט און אויף דעם פלאַץ אויסגעבויט סקלאַדן פון נאַפט.

אין דער מתנגדישער שול איז אַריינגעפירט געוואָרן קאָרן און ווייץ און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן סקלאַד פון תבואה. אין אָשר ניסלס הויז האָט מען איינגעריכט אַ מלעטשאַרניע (מחלבה); אין יצחק לאַנדמאַנס הויז — געעפנט דעם „סוד" (בית המשפט); אין שקליאַרס הויז — די פראָקוראַטור; אין אייזיק זאַוולס הויז — די קאָמענדאַנטור, די מיליציע און די „ענקאַוועדע"; אין אברהמלס מויער—די באַנק; אין אַלטער קרישטאַלס הויז—דער „סעל־סאָוויעט"; אין אהרן לאַנדמאַנס הויז — די פינאַנץ־אַמטן; אין דעם באַראַק געפינט זיך דער „ראַיאיספאָלקאָם".

טעלעכאַנער, וועלכע זיינען געבליבן אין רוסלאַנד און פון וועלכע איך ווייס, זיינען: משהל קאמאדיעוו, אין לעניגראַד; בערל פייוול רובאַכעס, און מאַשקע ראשצינצער, אין קיעוו; אהרן פייוולס, אין טאַשקענט; הערשל בערנשטיין און גדליה קארטשמער, אין רוסלאַנד.

אין פינסק זיינען פאַרבליבן: הערשעלע טוביס טערעפּאָלסקי; אין שטאָט סומי — דוד דעם בעדערס איניקל, שמעון ברעסקי; מלכיאל איצקאָוויטש, אָפּ־געפאָרן פון פינסק דורך פוילן, פאָרנדיק קיין ארץ־ישראל.

אין פוילן זיינען אַוועקגעפאָרן די פאַמיליעס: אהרן בעגון נתנס; לייבל קלי־טעניק מיט גרוניען; אפרים בער קליטעניק מיט ברכה דינהן.

דעם 10טן אַפּריל, 1958, האָב איך זיך געזעגנט מיט אונדזער שטעטעלע, מיר דוכט זיך אויף אייביק, און דעם 12טן אַפּריל אָפּגעפאָרן קיין פוילן, און דעם 13טן מערץ, 1959 געקומען אין מדינת ישראל.

# די הוטע

(אַ קאַפּיטל פון בוך: „פון טעלעכאַן קיין אַמעריקע״)

פון אסתר מילער

אין אַ מילדן זומער־פרימאָרגן האָט אַ שאַרפער פייף דורכגעשניטן די לופט און אָנגעזאָגט דעם שטעטל, אַז די הוטע האָט זיך דערעפנט און מען זאָל קומען צו דער אַרבעט. טירן האָבן זיך צעפּראַלט, מענטשן זיינען אַרויסגעלאָפן פון די שטיבער צו זען און הערן דעם וואונדער פון ערשטן הוטע־הודאָק. געזען האָבן זיי גאָרנישט, נאָר געהערט האָבן זיי אַ גרילצנדיקן פייפן, וואָס איז געקומען פון הינטערן שטאָט, העט וויט הינטערן וואַלד.

די ברייטע גאַס, וואָס האָט געפירט צו דער הוטע, איז געווען פול מיט מענטשן. יונג און אַלט האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג פון וואַנען דער הודאָק איז געקומען. פאָראויס מיט אַ געהויבענעם קאָפּ איז געגאַנגען שיעביילקעס, דער פאָדראַדטשיק און בויער פון דער הוטע, אַ איד אין די שפּעטע דרייסיקער, אַ הויכער, אַ ביינערדיקער, אַ ספּריטנער, מיט אַ שאַרף געשניצטן פּנים, מיט גרויע פריילעכע אויגן און אַ קורץ־אונטערגעשוירענער באָרד, איז ער געווען דער איינציקער אידישער סטאָליער אין שטעטל, וואָס האָט געקענט לייענען אַ פּלאַן. מען האָט געשמועסט אַז ער פאַרשטייט זיך אויף אַ געביידע־פּלאַן פּונקט אַזוי גוט ווי דער אינזשעניר קרוטשענקאָ, וועלכער האָט אויסגעלייגט דעם גאַנצן הוטע־פּלאַן. אונטער שיע ביילקעס השגחה האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט בעל־מלאכות. דערפאַר איז זיין פרייד געווען גרויס און זיין טראָט שטאָלץ אויפן וועג צו דער פאַרענדיקטער הוטע.

די הוטע האָט צוגעזאָגט דעם שטעטל גרויס פּרנסה. שוין ביים בויען די הוטע האָט אין שטעטל נישט געקלעקט קיין בעל־מלאכות און מ׳האָט דאָס רוב פון זיי געבראַכט פון דער אַרומיקער סביבה. נאָך איידער די הוטע האָט אָנגע־הויבן אַרבעטן האָבן אידן געהאַט פּרנסה אַרום דער בויאונג און קרעמער האָבן געלייזט פון די בעל־מלאכות און די פּויערים, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט ביי דער בוי־אַרבעט.

אין דער אמתן האָט זיך די הוטע דערעפנט נישט מיטאַמאָל, נאָר ביסלעכ־ווייז, צעך נאָך צעך, אָפּטיילונג נאָך אָפּטיילונג. אָבער יענעם פרימאָרגן האָט זיך איבערן שטעטל צעטראָגן דער ערשטער הודאָק פון דער הוטע און אָנגעזאָגט אַלע די, וואָס זיינען נאָך פון פריער צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט, אַז מען דאַרף זיך שוין שטעלן אַרבעטן. יענעם פרימאָרגן זיינען פון די דערפער אָנגע־קומען אַ סך פּויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער. זיי זיינען געקומען מיט פערד־און־וואָגן און צופוס. עס זיינען געקומען עלטערע, אויסגעהאָרעוועטע פּוי־ערים מיט פאַרברוינטע פּנימער, ווי די ברוינע צערונצלטע קאָרע אויף די אַלטע ביימער, און ברייט־פּלייציקע דאָרפס־יונגען, פול מיט כוח אין די גלידער. אַ סך פון זיי האָבן זיך געצלמט און געחידושט אויף די נייע הילצערנע הייזער און די

נייע גאַסן ביי דער ריזיקער הוטע־פאַבריק, וואָס זיינען געווען אויסגעשפרייט אויף אַ גרויסן שטח ערד, וואָס דורות־לאַנג איז דאָרט געווען אַווילדערניש פון ביימער און הויך־גראַזיקע זומפּן.

מער פון אַלע האָבן זיך געפרייט מיט דער הוטע אידישע מאַמעס און אונטער־וואַקסנדיקע קינדער. אַלע אָרעמע באַל־מעלאָכישע און מלמדישע ווייבער האָבן געפירט זייערע יונגע מיידלעך אין הוטע בעטן אַרבעט ביי די אידישע באַלע־באַטים, די ברידער טשערניכאָוו. שמואל טשערניכאָוו איז געווען דער יונגערער, וואָס האָט אָנגעדונגען אַרבעטער. עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די טשער־ניכאָווס דינגען אָן נאָר יענע מיידלעך, וואָס זיינען הויך־געוואַקסן און זעען אויס געזונט. די קלענערע, שוואַכערע קינדער שיקט מען אַהיים „עסן קאַשע.“ זיינען די מאַמעס געפאַלן אויף אַ המצאה. זיי האָבן אָנגעטאָן די קינדער אין זייערע עלטערע שוועסטערס קליידער, אין שיך מיט אָפּצאַסן, און מען איז געגאַנגען פּרוואוון מזל, אפשר וועט דאָס דורכגיין. אַ סך זיינען דורכגעגאַנגען. עס איז כמעט ניט געווען קיין איין אָרעמע שטוב, וואו אַ קינד איז ניט צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט, אָדער געקראָגן אַ צוזאָג אויף אַרבעט.

יענעם פרימאָרגן האָט פראַדל געפירט ביילקען ביי איין האַנט און חיימען, אָנגעטאָן אין אַ שפּענצער, ביי דער צווייטער. זי האָט געוואוסט אַז זיי זיינען נאָך צו יונג און צו קליין פאַר הוטע אַרבעט, דאָך האָט עס זי געצויגן צו גיין מיט דער מחנה מענטשן זיך פרייען צוזאַמען מיט זיי מיט דער גרויסער פרייד פון דער נייער שפע, מיטן אויפגעלעבטן לעבן, וואָס די הוטע האָט שוין אַריינגעבראַכט אין שטעטל. טרערן פון פרייד זיינען איר געקומען אין די אויגן. זי האָט געקלערט: מען וועט שוין ניט דאַרפן שיקן די קינדער אין דער פרעמד צו ווערן דינסטן, צי אין די גרויס־שטאָטישע פאַבריקן. פערל וועט קומען פון דער פינסקער שוועבל־פאַבריק, מיט גאָטס הילף, און וועט דאָ קריגן אַרבעט. נאָך היינט וועט זי אָנזאָגן דעם יאַנעוווער בעל־עגלה, אַז ער זאָל זי למען־השם ברענגען אַהיים. פראַדל האָט געקוקט אויף דער מענגע מענטשן, וואָס האָבן זיך געצויגן צו טשערניכאָווס קאַנטאָר בעטן אַרבעט פאַר זיך און זייערע קינדער, און עס האָט זיך איר אויס־געדאַכט, אַז אַלץ וואָס האָט פּאַסירט ביז איצט איז געווען אַ ביי־זאַך, אַן אָנהייב, עפּעס ווי אַ פאָרשפּיל צו דער גרויסער געשעעניש, וואָס די הוטע ברענגט איצט אַריין אין דעם שטעטלדיקן לעבן.

לאַנג איידער די הוטע האָט זיך דערעפנט, האָט זיך שוין געקאָכט אין שטעטל ווי אין אַ קעסל. וואו מען איז געשטאַנען און געגאַנגען, אין אַלע גאַסן, אין אַלע הייזער, האָט מען גערעדט פון דער גרויסער שפע וואָס קומט אָן אין שטעטל. עס וועלן גיין שיפן אויף די טייכן, מען וועט צעשיקן קאַסטנס מיט גלאָזוואַרג אין די גרויסע שטעט. אפילו אין אויסלאַנד וועלן גיין הונדערטער, און אפשר טויזנטער קאַסטנס גלאָז. פון דאָרטן וועלן די שיפן ברענגען אַזעלכע סחורות, וואָס דאָס שטעטל האָט נאָך ניט געזען! און אַלע וועלן האָבן פּרנסה כיד המלך.

נאָך איידער זיי האָבן זיך געשטעלט אַרבעטן, האָבן די קינדער אויף זייערע פּאַלאַטקעס און שעניקעס גאַנצע נעכט געחלומט וואָס זיי וועלן טאָן מיטן פאַר־דינטן געלט. האָדל, אברהמל דעם מוליאַרס טאָכטער, וועלכע האָט שוין געהאַלטן אַט־אַט ביים אַוועקפאָרן אין אַ גרויסער שטאָט צו ווערן אַ דינסט, האָט אויך

געקראָגן אַרבעט אין הוטע. איר פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט זיך געמוזט טיילן מיט עמיצן. פאַרטרויט זי זיך פאַר איר מאַמען, אַז שוין עטלעכע טעג אַז זי קלערט וואָס זי וועט טאָן מיט אירע ערשטע שכירות פון דער הוטע. איר מאַמע, זעלדע, שלאָגט פאָר, אַז זי זאָל אָפּשפּאָרן געלט אויף אַ גאַרדעראָבע. אַברהמל דער מוליאַר איז מיט דער מיינונג, אַז האָדל איז נאָך יונג, זי וועט נאָך צייט האָבן אָפּצושפּאָרן געלט אויף פּערענעס און קישנס. דערווייל זאָל מען פאַר־לאָדען דעם שטרויענעם דאַך, אָדער גאָר אַרונטעררייסן די שטרוי און אַרויפלייגן אַ שינדלנעם דאַך, וועט דער גלח ניט קענען רייסן די שטרוי פון סטריכע פאַר פאַרפעלן אים צו צאָלן די צינזן אין צייט.

נאָך לאַנגער דינגעניש זיינען טאַטע־מאַמע געקומען צו אַ פּשרה, אַז האָדל וועט ברענגען די שכירות, וועט מען שוין דעמאָלט זען וואָס צו טאָן מיט דעם.

ווען האָדל איז געקומען אַהיים מיט אירע ערשטע דריי רובל שכירות פאַר דער וואָך אַרבעט און אָנגעקגעלייגט זיי אויפן טיש, איז געוואָרן אַ שמחה אין שטוב. די שוועסטערלעך און ברידערלעך זיינען באַפאַלן דעם טיש, געקוקט מיט זשעדנע אויגעלעך אויף די גלאַנציקע זילבערנע רובל און ניט געוואַגט זיי אָנצו־רירן. אברהמל אַליין איז אויך צוגעגאַנגען צום טיש. זעלדע, זיין ווייב, איז אים נאָכגעגאַנגען. אירע קליינע גרויע אויגן האָבן געקוקט אויף די גלאַנציקע מטבעות און איר צערונצלט פּנים, אַרומגענומען מיט אַ ווייסער פאַטשיילקעלע, האָט גע־שיינט. אויך זי האָט מורא געהאַט זיך צורירן צום געלט. אברהמל האָט אויפ־געהויבן אַ זילבערנעם רובל, אים באַקוקט און איינגעביסן מיט זיינע פאַרגעלטע געזונטע ציין. ער האָט אויפגעהויבן די אַנדערע צוויי מטבעות, זיי געביסן אַרום און אַרום און פלוצלונג געלאָזט פאַלן אויפן טיש. אַ דינער שאַרפער קלונג האָט אָפּגעהילכט. ער האָט זיך צעשמייכלט. איצט איז ער געווען זיכער, אַז דאָס איז ניט קיין פאַלש געלט, נאָר אמתע זילבערנע רובל. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דער סטעליע און גענומען רעכענען פאַמעלעך, ווי ער וואָלט זיך מיט אימעצן געעישובט: דריי רובל, פערצן שעה אַ טאָג, זעקס טעג אַ וואָך. טאָ וויפיל מאַכט דאָס אויס אַ שעה שכירות? ער האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, קוים באַוועגט מיט די ליפּן. עס איז געווען קאָנטיק, אַז דער מוח האָט ביי אים שווער געאַרבעט. נאָך שיינע עטלעכע מינוטן פון רעכענען אויפן קאָפּ האָט ער געזאָגט: „דאָס מאַכט אויס ערגעץ צווישן דריי און פיר קאָפּיקעס אַ שעה.“

אַברהמל דער מוליאַר איז געווען אַ הויכער ברייט־פּלייציקער איד מיט אַ האַרטער צעשפּרייטער באָרד, דער קאָליר פון רייפער, טרוקענער שטרוי. געווען איז ער אַ גרויסער קבצן, אַ מטופּל מיט קינדער. ער האָט ניט געקענט רעכענען מיט ציפער אויפן פּאַפּיר. דערפאַר איז ער געווען אַ גרויסער בעל־חשבון „אויפן קאָפּ“. ווער נאָר אין שטעטל עס האָט געהאַט אַ שווערן רעכענונג, איז געקומען צו אברהמל דעם מוליאַר. ער פלעגט פאַררייסן זיינע אויגן צו דער סטעליע, רייבן די האַרטע שטרויענע באָרד און נעמען רעכענען. אַז ער האָט געפונען דעם ריכטיקן ענטפער, האָט זיך זיין מיט ליים־פאַרשפּריצטער פּנים צעשמייכלט, און ער פלעגט אַ פּאַטש טאָן פריילעך מיט די מאַזאָליעדיקע הענט און זאָגן: „אָט איז דאָס!“ און שטענדיק האָט ער אויסגערעכנט און געטראָפן צו דער פּרוטה.

איצט, ווי שטענדיק, איז ער געווען צופרידן מיט זיין רעכענונג. ער האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט די זילבערנע דריי רובל, זיי איבערגעגעבן צו זעלדען און געזאָגט: „אָט נעם און באַהאַלט דאָס געלט, וועט זי האָבן צו מאַכן זיך אַ קליידל אויף יום־טוב."

זעלדע האָט גענומען דאָס געלט, איז צוגעגאַנגען צום קאַמאָד, האָט געעפנט אַ שופלאָד, געפונען אַ ווייס נאָז־טיכל, איינגעבונדן אין דעם די זילבערנע רובל, געמאַכט אַ קנופּ, באַהאַלטן דאָס טיכל אונטער דעם ווייסן יום־טובדיקן טישטוך און געזאָגט: „אַבי געזונט, עס וועט צונוץ קומען." האָדל האָט ניט אַרונטער־גענומען די אויגן פון דעם פּלאַץ, וואו די מאַמע האָט באַהאַלטן דאָס געלט.

אויף מאָרגן נאָך דער אַרבעט איז האָדל געלאָפן צו אַריה לייב דעם וואָכער־ניק, באַצאָלט די דריי רובל און אַרויסגענומען דער מאַמעס פאַרזעצטע לייכטער. פרייטיק־צונאַכטס האָט זעלדע געבענטשט ליכט ניט אין קיין לעכער פון אַ ברוקווע, נאָר אין אירע אייגענע מעשענע לייכטער.

מיט דער דערפענונג פון דער הוטע האָט דאָס לעבן אין שטעטל גענומען גיין ראַשיקער ווי פריער. אַלע פרימאָרגן האָבן זיך קינדער געאיילט צו דער אַרבעט. געקומען אַהיים זיינען זיי שפּעט אין אָוונט פאַרמאַטערטע. אַ סך מייד־לעך האָבן זיך פאַרקלאָגט פאַר זייערע מאַמעס, אַז עס טוען זיי ווי די הענט, עס ברעכט דער האַלדז און נאַקן. האָבן די מאַמעס זיך געמאַכט ניט וויסנדיק און די קינדער האָבן זיך אויסגערוט, פאַרגעסן די ווייטאָגן און ווייטער געלאָפן צו דער אַרבעט. פאַר די מאַמעס איז דאָס לעבן געוואָרן גרינגער. מען האָט זיך אַביסל אַרומגעצאָלט פון די חובות, אויסגעקויפט פון וואָכערניק די קישנס, פערענעס, ציי דאָס שטיקל צירונג, וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון דער חתונה. די באָרוועסע מיידלעך האָבן זיך אָנגעטאָן אין שיך און זאָקן, אין נייע קליידלעך. מאַמעס און טאַטעס האָבן זיך געפרייט, געדאַנקט גאָט פאַר דער פרנסה וואָס די הוטע גיט. אַלץ איז געגאַנגען בדרך־הטבע, מיידלעך האָבן געשפּאָרט נדן, זיך גענומען מאַכן גאַרדעראָבעס און געחלומט וועגן חתונה האָבן.

מען קען אָבער ניט זאָגן, אַז אַלע אין שטעטל זיינען געווען צופרידן מיט דער הוטע. אידן פון עלטערן דור זיינען אַרומגעגאַנגען און האָבן געבורטשעט: „אַ טומל, אַ גערודער געוואָרן! קינדער אַרבעטאָרער, פרנסה־געבער! זאָגן דעות וואָס צו טאָן! מיידלעך מישן זיך מיט בחורים, ווערן צעלאָזן; יונגען גייען אין הוטע אַרבעטן. די ווילנער ישיבה וועט פוסטעווען." אַזוי האָט גערעדט משהס שוואָגער, אַהרן שיע, וועלכער האָט געהאַט אַ לאַנגע גרויע באָרד ביז צום גאַרטל.

משה, ביילקעס זיידע, איז געווען דער פרומסטער איד אין שטעטל. ער האָט ניט גערעדט אום שבת און אַז ער האָט געמוזט עפּעס זאָגן, האָט ער דאָס געטאָן מיט איינציקע ווערטער און אויף לשון־קודש. אינדערוואָכן האָט ער געזאָגט: „נו, אַ וועלט געוואָרן! מאָדנע פירעכצן הייבט ביי די מענטשן!" ער האָט אומצופרידן אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט אין דער לופטן, ווי ער וואָלט זיך אינגאַנצן מיאש געווען פון דער וועלט. שפּעטער, ווען ער האָט געהערט אַז די טשערניכאָווס האָבן אָנגעזעצט, האָט ער געאָקעט און געבאָקעט, ביטער געדרייט מיטן קאָפּ און גע־זאָגט: „פון אַזעלכע פירעכצן קאָן קיין גוטס ניט אַרויס"...

דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט איז אָריינגעקומען מיט אימפּעט און שטורעם, געשטערט די רו פון די גרויסע מענטשן. אויך די הוטע־אַרבעטער זיינען געוואָרן אומרואיק. זיי זיינען שוין מער ניט געווען קיין קליינע התפּעלות־דיקע קינדער ווי פריער, ווען די הוטע האָט זיך דערעפנט, נאָר פּאַלנע מענטשן מיט רעוומאַטיזם. די נאַסע אַרבעט אין „וויאַזאַרניע" פאַלט שווער אויף די מייד־לעך. אַלע הוטע אַרבעטער באַקלאָגן זיך אויף ווייטיקן, אויף די לאַנגע שעהען און קליינע שכירות.

די באַלעבאַטים האָבן דערפילט, אַז עפּעס „בורעט" זיך צווישן די אַרבעטער. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די גרויסע קאָנקורענץ מצד אַנדערע גלאָז־פאַברי־קאַנטן און די שלעכטע אָרדענונג אין געשעפט.

אין אַ האַרבסטיקן פרימאָרגן איז געקומען אַ באַפעל פון קאַנטאָר אָפּצושטעלן די אַרבעט און פאַרלעשן די אויוונס; אַ צעטל אויפן הוטע־טויער האָט אָנגעזאָגט, אַז די באַלעבאַטים האָבן באַנקראָטירט.

די זאָרג וועגן פּרנסה האָט ווידער גענומען דריקן דאָס שטעטל. אַרבעטער זיינען געבליבן אָן אַרבעט און אָן מיטלען צום לעבן. אַ לאַנגן שווערן ווינטער האָט דאָס שטעטל דורכגעמאַכט.

אין אַ פרילינג־טאָג, ווען דער שניי האָט אָנגעהויבן צעגיין, האָט זיך באַוויזן אַ בריטשקע אין גאַס. אין דער בריטשקע איז געזעסן אַ שיינער, רונדער איד מיט אַן אונטערגעשוירעגער באָרד. אַ קוטשער האָט אונטערגעטריבן אַ גרויסן, שיינעם, רויט־ברוינעם פערד. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט די גוטע בשורה איבערן שטעטל, אַז לייבע טוראָק האָט איבערגענומען די הוטע; אַז ער האָט אָנגענומען אין פּאָדריאַד צו בויען שלוזן אויפן טייך און אַ פאַראָווע מיל אויף צו מאָלן מעל.

איז אין שטעטל געוואָרן שמחה וששון. ווען דער הוטע־הודאָק האָט זיך צעפייפט, האָבן זיך פון אַלע זייטן שטאָט געצויגן מענטשן מיט צעשיינטע פּנימער. דאָס רוב זיינען דאָס געווען אַרבעטער. זייער טראָט איז געווען פעסט און זיכער, ווי פון מענטשן, וואָס ווייסן וואוהין זיי גייען און וואָס זיי ווילן. עס זיינען גע־גאַנגען יונגע פּוילישע גלאָז־בלאָזער, ספּעציאַליסטן, פורעם־גיסער, מעכאַניקער. פּויערים־אַרבעטער זיינען צוריקגעקומען פון די דערפער. דאָס שטעטל האָט ווידער אויפגעלעבט. נישט נאָר האָט די הוטע געאַרבעט, נאָר עס האָבן זיך שוין געהערט מונטערע קלעפּ פון סטאָליאַרסקע האַמערס ביים בויען די פאַראָווע מיל און צו ציען שלוזן אויף דעם אָגינסקי קאַנאַל. ווידער האָבן מאַמעס געפירט זייערע קינדער אין הוטע און ווידער זיינען די קינדער געקומען אַהיים מיט ווייטאָגן אין די גלידער. מ'האָט ווידער גענומעןריידן וועגן לאַנגע שעהען און קליינע שכירות. און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן „בורען" צווישן די אַרבעטער, וואָס ווייטער, אַלץ מער...



לייבל אייזענבערג

# מיינע בלומען אויפן ברודער־קבר
## און אויף אונדזער פאַרשניטן שטעטעלע טעלעכאַן

שוין אַ לענגערע צייט נאָך אפילו איידער ס'איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך וועגן טעלעכאַן, פאַרפאָלגט מיך אַ פאַר־לאַנג אָנצושרייבן און פאַראייביקן אויף פּאַפּיר אייניקע דערינערונגען וועגן אונ־דזער און אַלעמענס האַרצן־איינגעבאַקן שטעטעלע טעלעכאַן. אָבער יעדעס מאָל ווען כ'האָב זיך גענומען צו דעם, פלעגן מיר אַרויפשווימען אַזויפיל בילדער, געשעענישן און איבערלעבונגען פון אונדזער שטעטל, אַז איך פלעג נישט וויסן פון וואַנען אָנצוהייבן. צי פון איר מענטשן־מאַטעריאַל, צעטיילט אויף בעלי־מלאכות, „קוסטאַרניקעס", קרעמער און סתם לופט־מענטשן? פון דעם אגינסקי קאַנאַל מיט די צען שלוזן, וועלכער האָט פאַרבונדן דורכן פּאַראַכאָד פּינסק מיט טעלעכאַן? אָדער דאָס באַוואוסטע געסעלע, וואו ס'האָבן שפּאַצירט און ראָמאַנ־סירט דורות, אָנהייבנדיק פון אונדזערע זיידעס און באָבעס, טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער; אָדער גאָר פון פוסטן מויער מיט די אויסגעטראַכטע שדים, וועלכן מען פלעגט דאַרפן אַדורכגיין גייענדיק שבת אין וואַלד שפּאַצירן. אָדער אפשר פון די רביס מיט די חדרים, ביי וועמען מיר איז אויסגעקומען לערנען בסך־הכל 8 יאָר פון מיין לעבן, ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1914. אָנהייבנדיק מיטן רבין, חיים ישעיה, אַריבערגייענדיק צו הערשל דעם לערער, און ענדיקנדיק מיטן וועלטלעכן מאָדערנעם אידישן לערער ביי אונדז אין טעלעכאַן, שיע לייזער.

כ'קען זיך ניט דערמאָנען ריכטיק צו וויפיל יאָר אַלט האָב איך ווי אַנדערע קינדער אָנגעהויבן גיין אין חדר; עס האָט געמוזט זיין צו 4 אָדער 5 יאָר. איך געדענק נאָר אַז אין לעצטן יאָר פאַרן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט נאָך דער טאַטע מיינער, יעקב ע"ה, וועמען ס'איז געגאַנגען אין לעבן צו לערנען די קינדער אויך וועלטלעכע לימודים, באַדונגען סאַניע בויז'עס, זי זאָל מיר, דעם מוזיניק, און דעם עלטערן פון מיר ברודער, יהושע, לערנען אין אָוונט, נאָכן קומען פון חדר, רוסיש און מאַטעמאַטיקע. אָט־די אַלע און צענד־ליקער אַנדערע אנגענעמע קינדערשע זכרונות, שוין כמעט פאַרטונקלטע, פלעגן מיר אָנפילן די רעיונות און ווי זיי וואָלטן זיך געשטופּט איינער דורכן צווייטן פאַרצייכנט און פאַראייביקט צו ווערן.

כ'מוז זיך מודה זיין, אַז איך אַליין פלעג די אַלע געדאַנקען אָפּשטויסן פון זיך, מורא האָבנדיק צו זיי זיך צורירן, איך זאָל זיי חלילה מיט מיין אָרעמער שפּראַך צו שילדערן לעבנס און געשעענישן, נישט פאַרמינערן און נישט פאַר־טונקלען זייער לויכטנדיקע שיין. אָבער די אויפמונטערנדיקע בריוו פונם יזכור־קאָמיטעט, מיין לעצטער באַזוך ווי אַ דעלעגאַט פון דער בראַזיליאַנער אידישער דעלעגאַציע צום אַלוועלטלעכן קאָנגרעס פאַר אַנטוואָפענונג און שלום אין מאָסקווע, אין יולי, 1962, וואו כ'האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו טרעפן

מיט די ברידער פון מיינע קוזינס, מאָטל, אַהרן און קלמן שאַלאַכמאַן, ווי אויך מיטן אַלטן פּאָליטישן טוער, יאָסל משיח'ס, וועלכער פאַרנעמט איצט אַן אָנגעזע־ענעם אָרט פון אַ דירעקטאָר אין אַ טעקסטיל פאַבריק אונטער מאָסקווע. מיין באַזוך אין וואַרשע, פוילן, ביי די ברידער אפרים און לייבל דודס קליטעניק, חברים פון אַרבעט און קאַמף. מיין שפּעטערדיקער באַזוך אין ישראל, אנטייל־נעמענדיק אין אַן הזכרה אַקט, צענויפגערופן פון דעם קאָמיטעט דעם 13טן אוי־גוסט, 1962, אין תל־אביב. דער לעצטער אויפמונטערנדיקער בריוו צו מיר פון אסתר מילער, מיטגליד אין יזכור־בוך־קאָמיטעט, מיט וועמען כ'האָב זיך געטראָפן אין 1933 אין טעלעכאַן, ביי מיין אומקערן זיך צוריק נאָכן אָפּזיצן אַן אורטייל פון 4 יאָר אין תפיסה. דאָס אַלץ צוזאַמענגענומען האָט מיך אָנגערעגט, געמאָנט און גערופן אָנשרייבן און פאַרצייכענען אייניקע פון מיינע דערינערונגען וועגן אונדזער שטעטעלע טעלעכאַן.

איך טראָג זיך אַריבער מיט מיין גאַנצן וועזן, ווענד אָן מיין גאַנצן כוח הדמיון און ס'קומט פאַר מיר אויף אונדזער שטעטעלע, כ'הויב אָן זען אירע הילצערנע הייזער, אויסגעשטעלט כסדר אויף דער געפאַר פון שרפות; אירע גאַסן מיט די הילצערנע טראָטואַרן, מאַכן צוריק לעבעדיק אירע מענטשן, ווי כ'האָב זיי איבער־געלאָזן און זיך געזעגנט מיט זיי צום לעצטן מאָל אין 1936, ווען כ'האָב אַלס פּאָליטיש פאַרפאָלגטער געמוזט אויסוואַנדערן קיין בראַזיל. כ'הויב אָן אָפּפרישן אין זכרון די עקאָנאָמישע ווי די פּאָליטישע לאַגע צו יענער צייט. די יוגנט רייסט זיך אין דער גרויסער וועלט. אַ סך זיינען דורכן „חלוץ" אַוועק קיין ישראל. אַרבעטסלאָזיקייט. פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאַרשקלאַפונג; דער פאַשיזם געוועלטיקט שוין אין דייטשלאַנד, ער פאַרסמט און גיט צו מוט דעם אָנוואַקסנ־דיקן פוילישן פאַשיזם.

כ'האָב אין מיין קורצער פּאָליטישער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט צו יענער צייט אין טעלעכאַן, פון 1925 ביז 1934, באַוויזן דורכצוגיין די אַלע פיינלעכע פּראָוון פון די פּוילישע דעפענסיוועס, אָפּזיצן אַ 4 יעריקן שווערן תפיסה אורטייל און באַנייען דעם געשאַפענעם אין 1934 דעם ערשטן קאָנצענטראַציע לאַגער אין פוילן — קאַרטוז־בערעזע.

טעלעכאַן, אָט דאָס קליין שטעטעלע אויף פּאָליעסיע, אין מערב ווייס־רוס־לאַנד, האָט שוין צו יענער צייט געהאַט פאַרצייכנט אין די פּאָליציייאישע אַרכיוון אַ היבש ביסל יוגנט „פּאָליטישע פאַרברעכער." אַ יוגנט, וואָס האָט פאַרלוירן „די מורא" פאַר פּאָליציייאישע פייניקונגען, פאַר תפיסה, און פאַר קאַרטוז־בערעזע. די מרדכיס מאַריאַנקעלערס, די שאַמעס לאַנדמאַנס, ישראל דוד קאַגאַן, ישראל און פייגל בערנשטיין, די אפרים און לייבל קליטעניקס, די מינעס, גרוניעס, עטלס און דבורה דינהס, זיינען אַריין מיט ווירדע און שטאָלץ אין דער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע פון אונדזער אומגעבראַכט שטעטעלע טעלעכאַן. זיי האָבן מיט זייער מוט און גלויבן, קאַמף און אויסדויער, באַוויזן, אַז זיי זיינען געווען און פאַרבליבן געטרייע יורשים פון די שרעקלאָזע בונטאַרן און קעמפער, די שוועסטער און ברידער פון 1905 יאָר, וועלכע האָבן אַריינגעשריבן אונדזער שטעטעלע טעלע־כאַן אין דער רעוואָלוציאָנערער געשיכטע פון יענער צייט.

און אונדזערע מאַמעס? וואָס פאַראַ הערלעכע, ליכטיקע געשטאַלטן זיי

זיינען געווען! מיט וויפיל געטריישאַפט און מאַמע־ציטער זיי האָבן נאָכגעפאָלגט דעם קינדס מישן זיך אין די „טריפהנע זאַכן“. שטומערהייט אפילו צוגעשטימט, וויסנדיק מיט וויפיל לעבנס־געפאַרן דאָס שמעקט. מיט וויפיל ווייטאָג און מענטש־לעכע ווירדע זיי האָבן אַריבערגעטראָגן ווען דאָס קינד איז חלילה פאַר זיין רעוואָ־לוציאָנערער טעטיקייט פאַרנומען געוואָרן אין תפיסה אָדער אין לאַגער. וויפיל פון זיי פלעגן אָנהאַלטן דאָס איבערגעריסענע אומלעגאַלע פאַרבינדונג נאָכן זונס אַריינפאַלן אין תפיסה. מיט זייער לויטערן און גראַדן שכל האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז אין לעבן פון זייער קינד גייט עס, און אַז זיין צוקונפט און זיין פרייהייט איז מיט דעם געקניפּט און געבונדן.

וויפיל יאָרן פון לעבן האָבן צוגענומען ביי מיין טייערער, האַרציקער מאַמען, רחל, אָט־די שטענדיקע נאַכט־רעוויזיעס מיט די שפּיזיקע עלעקטרישע לאָמפּן פון דער פּאָליציי! ווייס ווי קאַלך, טרייסלענדיק זיך פון שרעק ווי אין פיבער, פלעגט די מאַמע מיינע מיט ציטער מיך פרעגן: אינגל, גזלן איינער, אפשר האָסטו עפּעס ביי זיך פון דיינע „פּאַפּירן“, גיב זיי מיר, וועל איך זיי באַהאַלטן. אָרעמע, געטרייע מאַמע מיינע! זי האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז גאָר אין קורצן וועט מען איר זון פאַרשיקן, כאָטש מען וועט קעגן אים קיין קאָנקרעטע באַווייזן ניט האָבן און קיין „פּאַפּירן“ ניט געפינען.

אַ ציטער און אַ שוידער נעמט דיר אַרום ווען דו דערמאָנסט זיך אַז די אַלע גרויזאַמע שוידערלעכע איבערלעבונגען זיינען אַ שפּילכל געווען לגבי די וואָס די נאַצישע חיה רעה האָט צוגעטראַכט אויף אויסצומאָרדן, אויסצוקוילענען אונ־דזערע טייערסטע און ליבסטע. וויפיל עדי־ראיה זאָלן ניט דערציילן און איבער־געבן די גרויליקע איינצלהייטן, ווי אַזוי אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, קינדער און זקנים, זיינען געטריבן געוואָרן צום טויט, זיינען מיר ניט אומשטאַנד צו באַנעמען, באַגרייפן די טויטלעכע גרויזאַמע איבערלעבונגען פון אונדזערע טייערסטע און ליבסטע. איז דען דאָ אַ מאָס צו מעסטן די טיפע פּיין און ליידן פון די דערמאָרדעטע, געשענדעטע, צעשאָסענע ביים גרוב? איז דען דאָ אַ גענוגנדע שטראָף וואָס זאָל באַצאָלן די מערדער און שענדער פון אַלץ וואָס אונדז איז געווען אַזוי ליב, הייליק און טייער? איז דען דאָ אַ טרייסט פאַר דאָס ביסל געציילטע וועלכע זיינען געבליבן אויסער די צווייי ברידער־קברים?

אויב מיר, וואָס זיינען דאָרט נישט געווען, האָבן נישט באַוויזן צו העלפן זיי ביי זייער לעבן, נישט באַוויזן צו ראַטעווען זיי פון גרויזאַמען אומקום, איז לאָמיר איצט דערפילן אונדזער חוב און אונדזער צוזאָג, אַז מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעבן און קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם אָנדענק פון אונדזערע גיבורים און קדושים. און זאָלן די אויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן און זכרונות פאַראייביקן אין יזכור־בוך וועגן אונדזער שטעטעלע טעלעכאַן, סיי די פון ווייטן אַמאָל, ווי די בלוטיקע פאַרשריבענע בלעטער געשיכטע פון אונדזער אויסגעקוילעט שטעטעלע היינט, זיין אַ סימבאָל פון אונדזער אַנטשלאָסנקייט צו טאָן אַלץ, אַז די וועלט און אונדזער אידיש פאָלק זאָל מער קיינמאָל ניט וויסן פון קיין געטאָס און פעלקער־שחיטות. זאָל אונדזער צער און פּיין נישט געשטילט ווערן ביז מיר וועלן אַלע צוזאַמען מיט געמיינזאַמע כוחות טאָן אַלץ אויף צו באַפרייען די מענטשהייט פון דער שרעקלעכער מלחמה־געפאַר, וואָס איז אין דער אַטאָם־עפּאָכע אַ טויט־סכנה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און במילא פאַרן אידישן פאָלק.

# אַ גמילת חסדים און לחם לעניים אין טעלעכאַן

אַזוי ווי אין יעדער שטאָט און שטעטל, זיינען געווען פאַרשידענע אנשטאַלטן און חברות פאַר העלפן אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע — גמילת חסדים, לינת הצדק, הכנסת כלה, מלבוש ערומים און אַנדערע — איז אויך ביי אונדז אין טעלע־כאַן געשאַפן געוואָרן אַ „גמילת חסדים" און אַ „לחם לעניים." די צוויי אינסטי־טוציעס זיינען געשאַפן געוואָרן מיט די געלדער, וואָס זיינען געקומען פון די לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וועלכע זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ טעלעכאַנער פאַראיין.

מיין זיידע, ניסן גורשטעל, איז פיל יאָרן געווען קאַסירער פון גמילת חסדים און ער האָט געאַרבעט מיט ליבשאַפט און איבערגעבנקייט אַ סך יאָרן. דורך געבן געלט אָן פּראָצענטן צו אָרעמע בעלי־מלאכות און קרעמער אויף קליינע אויס־צאָלונגען, זיינען פיל אָרעמע מענטשן געהאָלפן געוואָרן און זיך געשטעלט אויף די פיס. מיין זיידע איז געווען אַזוי איבערגעגעבן צו דער אַרבעט און פול מיט געטריישאַפט צו די וואָס האָבן געקראָגן הלוואות, אַז ער פלעגט אַליין אַרומגיין קאָלעקטירן די וועכנטלעכע צאָלונגען, כדי אויסצאָלער זאָלן ניט דאַרפן פאַרלירן צייט אויף צו ברענגען די צאָלונגען אין קאַמיטעט.

איך בין זייער גוט באַקענט געווען מיט דער אַרבעט און געקענט די לאַגע פון די מענטשן, וואָס זיינען געקומען נאָך הלוואות, וואָרעם מיין זיידע האָט מיך אַריינגענומען פאַר זיין סעקרעטאַר און בוכהאַלטער פון ביידע — גמילת חסדים און לחם לעניים. איך געדענק ווען גרשון גורשטעל איז געקומען קיין טעלעכאַן, ווי מיר, די טוער פון גמילת חסדים, האָבן אים אויפגענומען ווי אַ גרויסן גאַסט און געמאַכט אַ ספּעציעלן מיטינג אין זיין כבוד וועגן.

ווען איך האָב געהאַלטן ביי פאַרלאָזן טעלעכאַן האָט די פאַרוואַלטונג מיט דער הילף פון אונדזער רב, גליק, מיר געמאַכט אַ באַנקעט צו באַדאַנקען מיר פאַר מיין געטרייער אַרבעט. מען האָט מיך אויך פאַרזיכערט, אַז אין אַמעריקע וועט מען אויך אָפּשאַצן די אַרבעט מיינע. און זיי האָבן געהאַלטן וואָרט. זיי האָבן געשריבן צו די טעלעכאַנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, אַז איך קום, און אויסגערעכנט מיינע פאַרדינסטן, אַז איך וועל אָפּגעבן אַ גרוס פון לעבן אין טעלעכאַן. איידער איך בין געקומען האָט מען שוין אַנאָנסירט אַ מיטינג מיט מיר אַלס באַריכט־אָפּגעבער.

מיין באַריכט צו די לאַנדסלייט האָט אַ סך געהאָלפן נאָך מער אויסצוברייטערן די הילף פון די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט. אפילו די לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך פריער וויניק אינטערעסירט און קיין געלט ניט געשיקט, האָבן נאָך מיין באַריכט זיך באַרעכנט און אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט זייערע לאַנדס־לייט אין טעלעכאַן.

אין מיין באַריכט האָב איך דערציילט ניט נאָר פון דער נויט אין שטעטל, נאָר אויך וויאַזוי די אינסטיטוציעס האָבן פונקציאָנירט, וועגן דער הילף וואָס מיר האָבן געקראָגן פון דעם טעלעכאַנער פאַראיין און פונעם דזשאָינט דיסטרי־ביושאָן קאָמיטעט; אַז מיר זיינען געפאָרן צו אַ קאָנפערענץ, וואָס דער קאָמיטעט

פון דזשאַינט אין וואַרשע האָט פאַררופן פון פּאַרטרעטער פון די שטעטלעך, וועלכע פלעגן באַקומען הילף פונם וואַרשעווער קאָמיטעט. אַלס דעלעגאַטן צו דער קאָנפערענץ פון טעלעכאַן איז געפאָרן דער פּרעזידענט פון גמילת חסדים פאַראיין, מיכאל ציז, און איך. מיר האָבן געמוזט מיטנעמען אונדזערע ביכער און אָפּגעבן אַ פולן חשבון פון די געלטער, וואָס מיר האָבן געקראָגן.

מיין באַריכט האָט געמאַכט אַ רושם און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ברייטע אַקציע פאַר הילף. דאָס האָט מיר אויך זייער שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס איך קען דאָ אין אַמעריקע אויך העלפן מיינע אָרעמע שוועסטער און ברידער אין זייער נויט.

איך בין געווען זייער שטאָלץ מיט מיין אַרבעט און מיט דער הילף, וואָס איך האָב בייגעטראָגן צו העלפן אונדזערע אָרעמע שוועסטער און ברידער און וואָס איך האָב געקענט נאָכפאָלגן די פירעכצער פון מיינע עלטערן און עלטערנס עלטערן. ביי זיי איז תמיד געשטאַנען אין דער ערשטער ריי — העלפן נויט־באַדערפטיקע. ביי מיין זיידן און באָבען אין הויז און אויך ביי מיינע עלטערן זיינען די טירן תמיד געווען אָפן, תמיד זיינען געווען אורחים. איז ניט געווען אויף וואָס צו שלאָפן, איז מען געשלאָפן אויפן אויוון, אָדער מע האָט אַראָפּגענומען אַ טיר, געלייגט אויף בענקלעך און געמאַכט אַ בעט...

איך בין אויך צופרידן, וואָס איך האָב געטראָפן די מיטגלידער פון מיין משפחה. זיי האָבן אַ סך געהאָלפן אונדזער שטעטל און אויך געשיקט און שיקן הילף קיין ישראל.

גאָלדע בוקמאַן-לאַנדמאַן

## וואָס איך געדענק פון מיינע קינדער־יאָרן אין טעלעכאַן

שוין איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט זינט איך בין אַוועק פון מיין געבורט־שטעטל טעלעכאַן, אָבער עס זיינען איינגעקריצט אין מיין זכרון די שטיבלעך, די גאַסן און די מענטשן פון מיין שטעטל. איבערהויפּט די אָרעמשאַפט, די טאָג־טעגלעכע ראַנגלענישן פאַרן דאַרן שטיקל ברויט.

מיין פאָטער, ישראל דוד, איז געווען אַ מלמד. געלערנט האָט ער מיט די אָרעמסטע קינדער פון שטעטל. פאַרשטייט זיך, אַז די אידן האָבן ניט געהאַט קיין שכר־לימוד צו צאָלן און מיין פאָטערס פאַרדינסטן האָבן ניט געקלעקט אפילו אויף אַ שטיקל ברויט פאַר דעם הויז־געזינד. איז די מאַמע געוואָרן די פרנסה־געבערין און פוןביידנס פרנסות איז קוים געווען אויף ברויט.

צווישן מיין פאָטערס תלמידים איז אויך געווען זיין מוזיניק, שמואליק, קוים צען יאָר אַלט. ער האָט געהאַט גרויסע פעאיקייטן און וואָס דער טאַטע האָט אים געלערנט האָט ער שוין געקענט אויף אויסנווייניק. זיין עלטסטע שוועסטער, חנה, וועלכע האָט שוין געפּראַצעוועט פופציק שעה אַ וואָך אין דער הוטע, האָט געזען שמואלס דורשט צום לערנען און וויסן, האָט זי אים אויסגע־שריבן פון פינסק דעם „הויז־לערער". דאָס האָט אַרויסגערופן אין שמואליקן נאָך מער באַגער צו לערנען און שרייבן.

ווען אונדזער משפחה האָט זיך איבערגעצויגן קיין וואַרשע, איז מיין ברודער שמואל אַלט געווען קוים פערצן יאָר און באַלד איז ער אַוועק אַרבעטן אין אַן

אייזן־פאַבריק. אין די אָוונטן האָט ער זיך געלערנט. זיין ציל איז געווען צו ווערן אַ שרייבער. זיין שרייבער־טאַלאַנט איז באַלד אָנערקענט געוואָרן און ער איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס איינער פון די אָנגעזעענסטע שרייבע אין דער אידישער ליטעראַטור.

ווען היטלער איז באַפאַלן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד איז ער מיט פיל אַנדערע אידישע שרייבער אַוועק אין די וועלדער אַלס פּאַרטיזאַן צו קעמפן קעגן די נאַצי־באַרבאַרן, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן צו באַהערשן די וועלט און האָבן אומגעבראַכט זעקס מיליאָן אידן און די אידן פון אונדזער טייער שטעטעלע טעלעכאַן. אין דעם קאַמף אַלס פּאַרטיזאַן איז ער אומגעקומען אין יאָר 1942.

מיר, זיינע צוויי שוועסטער, חנה און אסתר, האָבן דאָ אין לאָס אַנדזשעלעס געגרינדעט אַ לייען־קרייז אויף זיין נאָמען, אַ שמואל גאָדינער לייען־קרייז.

זאָל דאָס זיין נאָך אַ בלעטל אין אונדזער יזכור־בוך פון טעלעכאַן.

**חנה**

---

## טייערע פריינט פון קאָמיטעט פון טעלעכאַנער יזכור־בוך:

אַנטשולדיקט פאַר לאָזן אייך אַזוי לאַנג וואַרטן אויף אונדזער ענטפער. עס איז אונדז געווען שווער צו שרייבן, פילן און וויסן וואָס עס איז געשען מיט אונדזער טייער און שיין שטעטעלע טעלעכאַן — די שיינע טייכן, די בריקן, דאָס „געסעלע" און מער פון אַלץ — די טייערע מענטשן, וועלכע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון די נאַציש־דייטשישע רוצחים. טאָר מען טאַקע קיינמאָל ניט פאַרגעסן און עס איז אַ מוז און אַ חוב צו פאַראייביקן זייער אָנדענק אין אַ יזכור־בוך.

מיר ווילן, פאַרשטייט זיך, געבן אונדזער צושטייער צו דעקן די אויסגאַבן. קיין בילדער האָבן מיר ניט.

נאָך דעם, וואָס מיר זיינען שוין אַזויפיל יאָרן אַוועק פון טעלעכאַן, איז שווער זיך אומצוקערן צו די יוגנט־יאָרן און דערמאָנען זיך ערנסטע און טשיקאַווע עפּיזאָדן פון אַ לעבן, וואָס איז אומרחמנותדיק פאַרשניטן געוואָרן. נאָך לאַנגן נאָכטראַכטן אָבער, הויבן אָן צוריקקומען געשעענישן און בילדער פון דער לאַנגער פאַרגאַנגענהייט. אָט האָבן מיר זיך דערמאָנט דעם פאַל, ווען די פּויערים, ווען זיי האָבן שוין מער ניט געקענט איבערטראָגן די אונטערדריקונג פון די פּריצים און האָבן זיך צעבונטעוועט און אונטערגעצונדן די געביידעס ביים פּריץ. האָט גראָד פּאַסירט, אַז ביי מיין פעטער, מענדל ניסן דעם קצב, איז פאַרפאַלן געוואָרן אַ בהמה און ער איז געגאַנגען מיט אַ לאַמטערן זי זוכן. האָט אים די פּאָליציי פאַרדעכטיקט, אַז ער האָט אונטערגעצונדן די געביידעס, אים אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר. דורך לאַנגע לאָדענישן אין די געריכטן האָט זיך דאָך נישט איינגעגעבן אים צו באַפרייען. אין שטאָט איז געווען אַן אָנגעזעענער איד, אַ חסיד און אַ מלומד, שמואל חיים סעגאַלאָוויטש, וועלכער האָט געהאַט אין מאָסקווע אַ פריינט, אַ קרוב למלכות, איז דער שמואל חיים אַוועקגעפאָרן צו דעם פריינט און נאָך אַ צאָל פּראָשעניעס און פּראָטעקציעס צום קיסר, איז מיין פעטער מענדל ניסן באַפרייט געוואָרן מיט אַ באַדינג, אַז ער זאָל ענדערן זיין נאָמען פון אייזנבערג אויף בראָנשטיין.

און עס געדענקט זיך מיר, מענדלען, ווי די שיינע אידן אין די שטריימלעך פלעגן זיך אין די ימים טובים צעניפנעמען אין די שולן, מאַכן אַ לחיים און זינגען אין „רוסיש" 3 מאָל: „אַבראַמעניו, פּאַטשעמו טי ניע פּראָסיש באָגאַ זאַ נאַס", און אונדזערע מאַמעס פלעגן אין דער היים זאָגן שבת פאַרנאַכט אין דער פינצטער: „אַז משיח וועט קומען צופאָרן, וועלן זיין גוטע יאָרן; אַז משיח וועט קומען צו־רייטן, וועלן זיין גוטע צייטן."

און איצט הויב איך אָן זיך צו דערמאָנען אין דער צייט ווען די באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן. איך בין שוין דאַן געווען אין פינסק. ווען עס איז פאַר־געקומען דער ערשטער שטרייק אין דער שוועבעלעך־פאַבריק האָט מען שוין מיר און הערשל זוואַדנער געגעבן די אויפגאַבע פון אויסשפּירער, מיר זאָלן אויסגעפינען וועמען פון די שטרייקער אָדער פון די אָנפירער די פּאָליציי קלייבט זיך צו אַרעסטירן. מיר האָבן אַזוי לאַנג אויסגעשפּירט, ביז מען האָט אונדז ביידן, הערשלען און מיך, אַרעסטירט. אַ וואָך זיינען מיר געזעסן הינטער דער רעשאָטקע און באַקומען די ערשטע קלעפּ. אויף פסח זיינען מיר געקומען אַהיים.

מיר האָבן מיט זיך געבראַכט נייע לידער: „און דו אַקערסט און דו זייסט", „די נייע צייט", און אַנדערע. אויך האָבן מיר געבראַכט פון פינסק „די קליאַטשע" פון מענדעלע מוכר ספרים. מיר זיינען זיך צעניפגעקומען ביי אונדז אין הויז און געלייענט. מיין מאַמע האָט זייער הנאה געהאַט פון דעם ביכל און זי האָט דאָס צוזאַמען מיט די לידער באַהאַלטן אויפן בוידעם אונטערן שטרויענעם דאַך.

מיר וואָלטן זיך מסתמא געקענט דערמאָנען נאָך פיל געשעענישן פון די יוגנט־יאָרן, ערנסטע און שטיפערישע, פריילעכע און טרויעריקע, וואָרום ווי שווער דאָס לעבן איז געווען, האָט מען זיך צוגעוואוינט צו די ליידן און מען האָט געהאַט אויך אנגענעמע מאָמענטן, ווען מען האָט פאַרבראַכט, די עלטערע אויף זייער שטייגער און די יוגנט אויף איר שטייגער. אַזוי איז אָנגעגאַנגען אַ לעבן ביז עס איז געקומען דער דייטשישער משחית, היטלער, ימח שמו, מיט זיינע דייטשישע ווילדע קאַניבאַלן און האָט דאָס לעבן צעשטערט.

זאָל אָט־דער באַשיידענער צושטייער אונדזערער אַריין אין יזכור־בוך און זאָל אונדזער פאָלק און די גאַנצע וועלט שוין מער פון אַזעלכע אומגליקן ניט וויסן.

**מענדל און קיילע בערנשטיין**

(עדמאָנטאָן, קאַנאַדע)

---

## מיר האָבן ביי אונדז אין שטאָט געהאַט אַ „שרה בת טובים"

מיר האָבן געהאַט אַ באָבע, שיינע שרה האָט זי געהייסן. געווען איז זי אַ דאַרע, אַ קליינע, מיט איין אויג (דאָס צווייטע אויג האָט איר אַ האָן אויסגעפּיקט). געגאַנגען איז זי תמיד מיט אַ שטעקן און געטראָגן האָט זי אַ פאַרטוך מיט טיפע קעשענעס. אין די קעשענעס האָט זי תמיד עפּעס געטראָגן. געזאַמלט פאַר אָרעמע משפחות אויף שבת — אַ חלה, אַ שטיקל פיש, אַ שטיקל עוף און אַנדערע זאַכן.

אויסער דעם, וואָס זי האָט געהאָלפן די פרויען ברענגען קינדער אויף דער וועלט, האָט זי אויך פאַרזאָרגט נדן פאַר כלות, רפואות פאַר קראַנקע, און פאַר טויטע — תכריכים.

די באָבע שיינע שרה האָט געהאַט פרויען אַרויסהעלפערינס, וועלכע פלעגן נדבות קלייבן ביי די פֿאַרמעגלעכע און געבן צו אָרעמע־לייט.

ווען ביי חיים ראובנען איז געבוירן געוואָרן דאָס פינפטע קינד — אַ פינפט מיידל — איז די באָבע אַרויס פון אַלקער און אַ זאָג געטאָן: „חיים ראובן, אַ מויד ווי אַ צימעס, און דער צימעס וועט דיר קאָסטן געלט." בעת מעשה זיינען דערביי געווען: טריינע אַהרן מושקעס און ציפרה בעזעס, האָט זי זיי אַ וואונק געטאָן זיי זאָלן בלייבן. זי האָט געוואוסט, אַז מיט די פרויען דערביי וועט זי שנעלער קריגן וואָס זי דאַרף, און געדאַרפט האָט זי אויף תכריכים פאַר חיים יאָסלען און נדן פאַר ביילקע שמערלס.

זי האָט געלעבט אַ שיין לעבן; תמיד האָט זי געטראַכט ווי צו העלפן נויט־באַדערפטיקע. אַלע צרות פון שטעטל זיינען געלעגן אין די קעשענעס פון איר פֿאַרטוך. פֿאַר זיך האָט זי גאָר ניט געדאַרפט, נאָר געזאָרגט זיך פֿאַר יענעם. דאָס שטעטל האָט זי ליב געהאַט און איר אָפּגעגעבן כבוד.

אַוועק פון דער וועלט איז זי אין טיפער עלטער פון הונדערט און צען יאָר. ווען אירע פילע טעלעכאַנער קינדער און אייניקלעך פלעגן איר פרעגן: „באָבעניו, ווי אַלט ביסטו?" איז איר ענטפער געווען: „וואָס איז אייך דער אונטערשייד, אַ הונדערט און איינס איז אַלצאיינס."

צו איר לוויה האָט מען פֿאַרמאַכט די קראָמען. קינדער אפילו זיינען נאָכ־געגאַנגען צום בית־הקברות. דאָס העמד וואָס זי האָט געהאַט אויף זיך בעת יציאת נשמה, האָבן די עלטערע פרויען צעשניטן אויף קליינע שטיקלעך און איינגעטיילט צווישן זיך צו טראָגן אַלם אַ סגולה פאַר אריכת ימים.

**ריווע ראָזנבערג**

---

## גרשון גורשטעל (גרשון אַלטער דעם סטאָליערס) דערציילט:

אַלע יאָרן אין אַמעריקע האָבן מיר, איך און מיין פרוי גאָלדע, געבענקט נאָך אונדזער ליבער טעלעכאַן, כאָטש נאָך איין מאָל אַ קוק טאָן אויף אונדזער ליבן שטעטל, ביז ענדלעך, אין יאָר 1936, האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער רייזע און געקומען קיין טעלעכאַן.

דאָס איז געווען אין זומער צייט. אַלעס האָט געבליט, די נעכט זיינען געווען ליכטיקע. אפילו די הענער האָבן געקרייט ווי אַמאָל, אָבער די אָרעמקייט איז געווען נאָך פיל גרעסער ווי אַמאָל. מערסטע אידן גייען אַרום אָן אַרבעט. די, מ'שטיינס געזאָגט, קרעמלעך זיינען אַלע איבערגעשריבן אויף די נעמען פון די פרויען. אַז איך האָב געפרעגט, פאַרוואָס די געוועלבן זיינען איבערגעשריבן אויף די ווייבערשע נעמען? איז דער ענטפער געווען, אַז די נאַלאָגן פון דער פילסודסקי מאַכט זיינען אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז די מענער האָבן געמוזט זיך דערקלערן באַנקראָט און איבערגעשריבן די געשעפטן אויף די נעמען פון זייערע

ווייבער. אויף מיין פראַגע: און וואָס וועט זיין, ווען די פרויען וועלן אויך מוזן באַנקראָטירן? „וועלן מיר איבערשרייבן אויף די קינדערס נעמען״— איז געווען דער ענטפער.

דורכגעשלאָגן זיך ווי עס איז מיטן שטיקל ברויט, האָט מען פון די געלטער, וואָס פלעגן קומען פון אַמעריקע. האָט טאַקע יעדער איינער זיך נאָכגעפרעגט אויף אַדרעסן פון קרובים.

קיין בעקערס זיינען אין שטאָט ניט געווען, וואָרעם די בעקערס האָבן גע־דאַרפט צאָלן צו גרויסע שטייערן און קיין קונים אויף ברויט זיינען ניט געווען, דאָס הייסט, מען האָט ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן געבעקס.

פיר וואָכן זיינען מיר געווען אין טעלעכאַן און זייער ווייניק נחת געהאַט. אָרעמקייט, דערשלאָגנקייט, אומזיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג. אויף שבת פלעגט מען קוילען אַ קעלבל און דאָס איז געווען פאַרן גאַנצן שטעטל. די עטלעכע הייזער, די נייע און די לובעשיער שול, זיינען געבויט געוואָרן אויך פון געלטער פון אַמעריקע. דער כוח פונם אַמעריקאַנעם דאָלער איז געווען זייער גרויס. אין שול איז געווען אַן „אָקשען״ אויף עליות, האָב איך מיט אַמעריקאַנער דאָלערס אָפגעקויפט אַלע עליות. איידער איך בין אַוועקגעפאָרן האָב איך אָפגעמאַכט, אַז די עליות לאָז איך איבער פאַר די קרובים.

מיר זיינען געווען צעבראָכן קוקנדיק אויף די יונגע מענטשן, אויף זייער באָדנלאָזיקייט און האָפנונגסלאָזיקייט. קיין אַמעריקע האָט מען ניט אַריינגעלאָזט, קיין אַנדער לאַנד איז זיי אויך ניט גערן געווען; אייניקע זיינען געווען פאַרשפאַרט אין קאַרטוז־בערעזאַ. די איינציקע האָפענונג און שטרעבונג איז געווען קיין ארץ־ישראל. פיל יונגע בחורים און מיידלעך האָבן זיך געגרייט צו פאָרן און זיי פלעגן גערן אַרבעטן אָן געלט ביי געוויסע מלאכות, כדי זיך פאַרגרייטן פאַר אַר־בעט אין ארץ־ישראל, צו קענען אַרבעטן אין קיבוצים און ביי אַנדערע פאַכן. האָט טאַקע אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע זיך אַריבערגעפלאַנצט קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן גרויס נוצן געבראַכט דעם לאַנד. מיט דער ביקס אין האַנט האָבן זיי געאַרבעט אויף די פעלדער, געגראָבן ברונעמער, זיך דערשלאָגן וואַסער.

וואָס זיי האָבן דערגרייכט האָבן מיר געזען מיט אונדזערע אויגן אין ישראל, ווען מיר זיינען דאָרטן געווען אין יאָר 1959. זיי זיינען שטאָלצע אידן. זיי האָבן דערגרייכט דאָס, וועגן וואָס אידן האָבן געטרוימט צוויי טויזנט יאָר.

זאָל לעבן ישראל אין שלום מיט אַלע פעלקער גלייך!

# עזריאל דעם שטומענס טראַגישער טויט
## און דער גורל פון זיין משפחה

אין אַ געוויסן טאָג, אינם יאָר 1915, גייען אַרויס פון זייערע היימען עזריאל דער שטומער און זיין ברודער, חיים, מיט זייערע פרויען, מינקע און אהבה (ליבע). זיי גייען זען וואָס עס מאַכן זייערע עלטערן. דורך דער נאַכט איז דאָס שטעטל פאַרפּלייצט געוואָרן פון אַ מענגע רוסישע זעלנער, וועלכע זיינען אַנטלאָפן אין טומל, אָפּטרעטנדיק פאַר דער שטאַרקער דייטשישער אַרמיי. די הימלען האָבן געשפּיגלט מיט יום־טובדיקער ליכטיקייט אויף דער אומרואיקער ערד, די שיינע קיילעכדיקע זון האָט געוואָרעמט און גאָרניט דערציילט, וואָס עס איז באַהאַלטן אין דער לופט פאַר עזריאלן און זיין ברודער חיים מיט זייערע משפּחות.

די צוויי ברידער האָבן געטראָפן טאַטע־מאַמע אין דער היים „בשלום". אין דער מינוט איז אַריינגעקומען אַ פּויער אין קראָם עפּעס קויפן און געהייסן זיך געבן רעשט פון 10 רובל. דאָס בעטן רעשט פון 10 רובל איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע. אין יענער צייט האָבן די אַנטיסעמיטן אויסגעטראַכט שוידערלעכע בלבולים אויף די אידן און איינער פון די בלבולים איז געווען, אַז די אידן האָבן זייער געלט — גאָלד און זילבער— אַוועקגעשיקט צו די דייטשן. האָט דער פּויער געהעטן רעשט פון 10 רובל און ווען דער פאָטער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט קיין רעשט, איז עס דאָך שוין געווען אַ באַשטעטיקונג, אַז דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער האָבן די אידן אַוועקגעשיקט צו די דייטשן, און דער פּויער האָט זיך געוואָרפן שלאָגן דעם פאָטער מיט אַ שטעקן, קוויטשנדיק, אַז די אידן האָבן זייער געלט אַוועקגעשיקט צו ־י דייטשן. דער פאָטער בעט זיך ביי דעם פּויער ער זאָל דאָס כלומרשט געקויפטע ביסל סחורה נעמען אומזיסט, אָבער קיין זאַך העלפט ניט. ענדלעך האָט זייער מוטער, עלקע, אונטערגעקויפט דעם פּויער מיט אַריינלייגן אים אין פאַזוכע איניקע זאַכן אומזיסט.

שטייענדיק אַזוי אויף דער גאַס און באַטראַכטנדיק וואָס עס קומט פאָר, הערן זיי, די ברידער, פון אַריבער דער גאַס, אין רימאַרס סאָד, געזאַנגען פון שיכורע רוסישע אָפיצירן. באַלד זיינען די שיכורע אָפיצירן אַרויס אין גאַס און גענומען זיך יאָגן נאָך אידישע פרויען. איין אָפיציר האָט באַמערקט עזריאלן מיט חיימען און זייערע פרויען און ער נעמט זיך טשעפּען צו עזריאלס פרוי, מינקע. און בעת מעשה גיט ער עזריאלן אַ שטאַרקן זעץ אין פּנים און עזריאל פאַלט אַוועק אויף דער ערד. עזריאל שטעלט זיך געשווינד אויף און נעמט שלאָגן דעם אָפיציר. זיין ברודער חיים און די פרויען פּרובירן אָפּרייסן עזריאלן פון דעם געשלעג, אָבער אין דעם מאָמענט לויפן אָן נאָך אָפיצירן און זיי אַרעסטירן עזריאלן מיט חיימען, פירן זיי אַריין אין זייערע עלטערנס הויז, בינדן זיי מיט שטריק הענט און פיס, לאָזן זיי ליגן אויף דער ערד ביז מען וועט באַשטימען, וואָס צו טאָן מיט זיי. זעלנער מיט אַנטבלויזטע שווערדן שטייען אין און אַרום הויז, לאָזן קיינעם ניט אַריין און ניט אַרויס.

דערווייל האָט די דייטשישע אַרמיי זיך געררוקט אַלץ נעענטער צו טעלעכאַן און די רוסן האָבן געמוזט זיך יאָגן ווייטער וואָס שנעלער. זיי האָבן אָבער ניט פֿאַרפֿעלט צו נעמען מיט זיך די צוויי ברידער. אויפֿן וועג, אַזוי לויפֿנדיק, האָבן די ווילדע אָפּיצירן געגעבן עזריאלן פֿופֿצן שמיץ און חיימען צען שמיץ. עזריאל איז פֿון די שמיץ צו זיך ניט געקומען און ער איז באַלד געשטאָרבן. חיים האָט די שמיץ איבערגעטראָגן, איז געבליבן לעבן און געפֿינט זיך איצט מיט זיין פֿרוי אהבה (ליבע) מיט אַ שיינער משפּחה אין חדרה, ישראל.

דער גורל פֿון דער אייזנבערג משפּחה אין ישראל, אין אויפֿבוי און אין דער באַפֿרייאונג מלחמה, איז אויך זייער אַ שווערער. אָט וואָס די משפּחה דערציילט:

דער ערשטער קרבן איז געווען יעקבֿ, דער זון פֿון חיים און ליבע אייזנבערג. איינצלהייטן וועגן זיין קאַמף און אומקום געפֿינען זיך אין אַ באַזונדערן אַרטיקל אינם יזכור־בוך אין העברעאיש.

עזריאל דעם שטומענס און זיין ווייב מינקעס אַ זון, הערשל, ווערט דער־הרגעט פֿאַלנדיק פֿון אַ צעבראָכענער וועראַנדע, אַרבעטנדיק אויף אַ געביידע. חיימס אַ מיידעלע פֿון אַכט יאָר, חיהלע, וועלכע האָט אים געבראַכט עסן פֿונקט דאַן, ווערט פֿאַרוואונדעט און בלייבט אַן אינוואַליד.

אַ צווייטער זון זיינער, מרדכי יצחק, אַ העלדישער בחור, שליסט זיך צו 14 יאָר אָן אין דער הגנה. פֿיר יאָר שפּעטער, ווען ער ווערט 18 יאָר אַלט, נעמט מען אים אַריין אין דער אידישער אַרמיי, שוין ווי אַ דערפֿאַרענעם זעלנער. מען גיט אים די אויפֿגאַבע אויסצוגעפֿינען מינען, וועלכע די אַראַבער האָבן אויסגעלייגט אויף די וועגן וואו אידן פֿאָרן. אַ יאָר שפּעטער שיקט מען אים אין נגבֿ. געקומען צוריק פֿון נגבֿ פֿאָרט ער אויף אַ טאַנק מיט נאָך זעלנער און דער טאַנק קערט זיך איבער. צוויי זעלנער ווערן אויפֿן אָרט דערהרגעט און ער ווערט פֿאַרוואונדעט אין קאָפּ און בלייבט אַן אינוואַליד.

איצט קומט חיימס זון, משה. אין יאָר 1941 טרעט ער פֿון דער הגנה אַריין אין דער אידישער בריגאַדע אונטער דער בריטישער הערשאַפֿט. ער שטייט זיך אויס ליידן פֿון די ענגלענדער אַלס איד. די בריגאַדע ווערט געשיקט אויפֿן איטאַליענישן פֿראָנט. משה ווערט פֿאַרוואונדעט. ווען די מלחמה ענדיקט זיך קומט ער צוריק קיין ארץ־ישראל און ער ווערט גלייך געשיקט קיין יסוד המעלה צו קעמפֿן קעגן די אַראַבער.

מאָטקע, דער דריטער זון חיימס, אַ בחור פֿון 17 יאָר, שליסט זיך אָן אין דער בריטישער אַרמיי. אין יאָר 1944 ווערט ער געשיקט אַלס פּאַטרול אויפֿן איטאַליענישן פֿראָנט. ער ווערט דאָרטן פֿאַרוואונדעט און ליגט אָפּ זעקס חדשים אין אַ שפּיטאָל. אין יאָר 1946 קומט ער צוריק. ווערט געשיקט צום כנרת צו אָרגאַניזירן די דאָרטיקע שמירה. דאָרט געפֿינט ער זיין זיווג, האָט חתונה און לעבט איצט אַלס באַאַמטער פֿון דער מדינת ישראל.

עזריאל דעם שטומענס פֿרוי, מינקע, איז געקומען קיין ארץ־ישראל מיט צוויי זין, מרדכי יצחק און הערשל, און זי האָט איבערגעלאָזט אין טעלעכאַן אַ טאָכטער ציפּורה, מיטן מאַן און צוויי קינדער, וועמען היטלערס דייטשן, ימח שמם, האָבן אומגעבראַכט. אויך האָט זי איבערגעלאָזט אַ זון, לייבל, וועלכער איז, אַנטלויפֿנדיק פֿון די היטלער־מערדער, אַזוי לאַנג זיך געררוקט ווייטער אין די

גרשון גורשטעל

# בילדער פון שטייגער לעבן אין טעלעכאַן

## ערב יום-כיפור אין טעלעכאַן

דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט איינגעהילט ווערן אין ירא־שמים׳דיקער (גאָטס־פאָרכטיקער) שטימונג. גרויס און קליין האָבן געשלאָגן כפרות — מענער מיט הענער, פרויען מיט הינער, און ווער עס האָט ניט געהאַט קיין עוף האָט געשלאָגן כפרות מיט אַ מטבע. די מטבע האָט מען נאכהער געדאַרפט צעטיילן צווישן אָרעמע לייט. מיר קינדער אָבער פלעגן מקנא זיין די קינדער, וועלכע פלעגן שלאָגן כפרות מיט אַ מטבע, וואָרעם, כאָטש מען האָט געדאַרפט דאָס געלט צעטיילן פאַר אָרעמע לייט, פלעגט דאָך עפּסע אַראָפּפאַלן צו קויפן אַ נאַשעריי נאָך יום־כיפור.

מיין זיידע איז געווען גבאי פון דער חברה קדישא, פלעגט די באָבע ביילקע באַקן לעקאַך. דער זיידע פלעגט אָנגרייטן בראָנפן צו טיילן אויפן בית־הקברות צו די אידן, וועלכע פלעגן קומען אויף קבר אָבות. מיין זיידע פלעגט מיך מיטנעמען אויפן בית־עולם און איך פלעג ליב האָבן זיך צוקוקן ווי אַזוי מען גייט אַרום די קברים, מען זאָגט אַ פסוק און דערנאָך קומט מען אַריין אין אוהל און מען נעמט אַביסל משקה.

מיך פלעגן אָט־די סצענעס אַרויפברענגען אויף געוויסע מחשבות. איך פלעג טראַכטן, פאַרוואָס, ווען משיח וועט קומען וועלן די טויטע דאַרפן זיך קאַטשען אונטער דער ערד קיין ארץ־ישראל? איז דאָך גלייכער ביים לעבן אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל און ווען משיח וועט קומען, אויפשטיין און טאַקע באַלד נהנה זיין פונם שור הבור מיטן לוויתן?

געקומען אַהיים פונם בית־הקברות פלעגט מען זיך נעמען גרייטן צום פאַרפאַסטן. נאָכן פאַרפאַסטן פלעגט דער זיידע אָנטאָן דעם ווייסן קיטל און מיר,

---

וועלדער אין רוסלאַנד, ביז ער איז געקומען קיין טאַשקענט. דאָרטן האָט ער שווער געאַרבעט; איז אויך געזעסן אפילו אין תפיסה אויף אַ מסירה, אַז ער האָט גערעדט שלעכטס אויף דער סאָוועטישער מאַכט. אויפן וועג האָט ער זיך געטראָפן מיט אַ בכבודיקער אידישער משפחה און האָט חתונה געהאַט מיט זייער אַ טאָכטער, גאָלדע. נאָך דער מלחמה קומען זיי צוריק קיין פוילן און פון דאָרטן פאָרן זיי קיין ישראל. אויפן וועג שטייגן זיי אָפּ אין דייטשלאַנד.

אַ וואָך איידער זיי האָבן שוין געדאַרפט אָפּפאָרן קיין ישראל איז פאָרגעקומען אַ „פוטבאָל" שפּיל און לייבל מיט נאָך אַן עולם פאָרן דערוויַיל זען די שפּיל. אויפן וועג קערט זיך איבער דער טראָק אויף וועלכן זיי זיינען געפאָרן, און לייבל ווערט דערהרגעט. זיין פרוי, גאָלדע, און זייער טעכטערל, ציפּורה, ווערן פאַריתומט און פאָרן אָפּ אין טרויער קיין ארץ־ישראל, וואו זיי געפינען די משפּחה פון לייבלען מיט זיין מוטער, מינקע.

זיינע אייניקלעך, פלעגן קומען צום זיידן זיך בענטשן. דער זיידע פלעגט אַרויפֿ־לייגן די הענט אויף יעדן באַזונדער און אונדז בענטשן.

איך בין דאַן געווען זיכער, אַז נאָך דעם זיידנס ברכה וועט שוין זיכער זיין אַ גוט יאָר אויף מיר און אויף אַלע אידן.

## שבת בראשית אין טעלעכאַן

נאָך שמחת תורה איז שבת בראשית. די חסידים האָבן דאָך גוט זיך אָנגע־הוליעט גאַנץ סוכות און חול־המועד. מען פלעגט זיך אין די אָוונטן צענויפקלייבן אין ליובעשיער שול טאַנצן און זינגען, נעמען אַביסל משקה. און ווען עס פלעגט קומען שמחת תורה איז דאָך שוין גאָר קיין גרענעץ ניט געווען צום טאַנצן און הוליען. מען האָט געוואָלט פאַרגעסן, אַז באַלד קומט דער הערבסט מיט די קעלטן און רעגנס. מען דאַרף האָבן שטיוול פאַר זיך און די קינדער; מען דאַרף אָנגרייטן האָלץ פאַרן ווינטער; דורכן דאָך רינט אַריין און קיין פרוטה איז נישטאָ. האָט מען געוואָלט פאַרטויבן די דאגות. מען האָט זיך געטרייסט, אַז גאָט וועט העלפן. האָט זיך דעם עולם זייער ניט געוואָלט גלייך נאָך שמחת תורה אַריין אין דער וואָכעדיקייט.

איז דאָך דאָ אַ גרויסער גאָט אויף דער וועלט, האָט ער באַזאָרגט זיינע אידעלעך מיט אַ שבת בראשית. אַ קלייניקייט! — מען הויבט אָן לייענען די תורה פון אָנהייב מיט סדרה בראשית. מאַכט מען זיך אַ נייעם יום־טוב. מען קלייבט זיך ווידער צענויף פרייטיק נאַכט אין דער לובעשיער שול, מען זינגט דעם רבינס ניגונים, מען טאַנצט. די מנגנים זיינען געווען: יאָסל דער שוחט און אַלטער דער סטאָליער. קיין נאָטן האָט מען ניט געהאַט, נאָר ווען מען האָט איין מאָל געהערט אַ ניגון האָט מען שוין נאָכגעזונגען.

וואָס־זשע טוט מען נאָכן טאַנצן און זינגען? האָבן די חברה חסידים זיך געשאַפן אַ מנהג: זיי פלעגן זיך אַרויסלאָזן איבער די הייזער, אַרויסגנבענען די קוגלען פון די אויוונס. באַלעבאָסטעס האָבן שוין געוואוסט און פלעגן אויף שבת בראשית מאַכן צוויי קוגלען. ווי אַזוי־זשע קריכט מען אַריין אין אַ הויז אום שבת? האָט אַלטער דער סטאָליער געוואוסט ווי אַזוי מען עפנט אַ טיר אָדער אַ פענצטער, אָדער גאָר דורכן בוידעם. יאָסל דער קאָוואַל פלעגט דאַרפן מיטגיין, ווארום, אַז מען האָט געדאַרפט עפענען דעם הייסן אויוון זיינען יאָסלס הענט געווען פאַר־האַרטעוועט פון פייער און ער האָט זיך געקענט אָן עצה געבן. זיי האָבן געוואוסט אַז מען טאָר נישט עפענען קיין הייסן אויוון מיט פייער, אָבער אַז מען וויל פאַרט אַ פרישן קוגל, אַ געוואַלגערטן, מיט טוקעווע שמאַלץ, און אַ לאָקשענער קוגל איז אויך ניט צו פאַרזינדיקן.

טרעפט מען איין מאָל אויף אַ הויז, וואו טיר און טויער זיינען געווען שטאַרק פאַרריגלט און מען האָט זיך ניט געקענט אַריינרייסן. וואָס־זשע מיינט איר, חברה חסידים גיבן אויף? אַלטער דער סטאָליער ווערט אַ „לייטער" און יוסף אַבא, דער קאָוואַל, שטעלט זיך אויף אים און קריכט אַרויף דורכן דאַך צום בוידעם. פונם בוידעם מיטן לייטער איז ער באַלד אין הויז און ער האָט שוין דעם קוגל. טרעפט אָבער, אַז יוסף אַבא פאַרפלאָנטערט זיך אין דער פינצטער און וועלנדיק

זיך אַראָפּלאָזן מיטן לייטער, פאַלט ער אַראָפּ. אָבער יוסף אַבא איז ניט פון די וואָס פאַרלירן זיך. ער כאַפּט זיך דאָך אַריין אין הויז, עפנט דעם אויוון און איז זיך נוקם אין די באַלעבאָטים, ער נעמט ביידע קוגלען. ווען ער איז אַרויסגעקומען האָט מען געלאַכט אי פון זיין המצאה פון נעמען ביידע קוגלען און נאָך מער, פון זיין, יוסף אבא'ס, אויסזען.

## אַלטער דער סטאָליער ווערט אַ דאָקטער אין טעלעכאַן

אונדזער שטעטל איז געווען געבענטשט פון זיין ליבן נאָמען מיט אַ סך אידן, וואָס זיינען געווען אונטערגעריסן (געבריכט). טרעפט זיך אַמאָל, ווען אַלטער דער סטאָליער איז געווען אין הויז פון יחיאל דעם פאַרבער, און מיט יחיאלן איז דעמאָלט געשען דאָס, וואָס עס טרעפט מיט מענטשן, ווען זיי האָבן אַזאַ קראַנק־הייט. מען האָט באַלד גערופן דעם דאָקטאר. אַלטער דער סטאָליער האָט זיך גוט צוגעקוקט, וואָס דער דאָקטאר האָט געטאָן, און ער, אַלטער דער סטאָליער, איז שוין אַליין געוואָרן אַ מומחה.

גייט אַוועק אַ קורצע צייט און עס טרעפט די זעלבע זאַך מיט מיין זיידן, מאיר יאַנקל, וואָס מיט יחיאל פאַרבער. האָט מען גערופן דעם דאָקטאר. איז ער גראָד ניט געווען אין שטאָט און אפילו דער פעלדשער איז אויך ניט געווען. אַלטער האָט זיך באַלד דערוואוסט, איז ער געקומען צולויפן און בשעת מען איז געלאָפן אין שול אַריין זאָגן תהילים, האָט אַלטער געטאָן דאָס אַלעס, וואָס דער דאָקטאר האָט געטאָן מיט יחיאל פאַרבער און דער זיידע איז געהאָלפן געוואָרן.

דאָס שטעטל האָט זיך באַלד דערוואוסט, וואָס אַלטער דער סטאָליער האָט געטאָן מיטן זיידן און פון דאַן אָן, אַז דאָס זעלבע האָט געטראָפן מיט אַנדערע אידן, האָט מען, אָנשטאָט דעם דאָקטאר, גערופן אַלטער דעם סטאָליער.

איינמאָל האָט געטראָפן אַזאַ פאַל: עס איז געווען שבת אינדערפרי, בעת מען האָט געדאַוונט. אין דער לובעשיער שול האָט מען געהאַלטן ביי קריאת התורה. לויפט אַריין אַ פויער אין שול און פרעגט זיך נאָך אויף אַלטער דעם סטאָליער. דער עולם איז געוואָרן דערשראָקן, וואָס עפּעס פלוצים אַ פויער אין שול אום שבת, און וואָס פרעגט ער זיך נאָך אויף אַלטער דעם סטאָליער?— „וואָס ווילסטו, פויער", האָט אַלטער געפרעגט. „טייערער דאָקטאר," האָט דער פויער געזאָגט, „ביי אונדז אין דאָרף קליטניו האָט געטראָפן אַן אומגליק, מען קען ניט קריגן קיין דאָקטאר און קיין פעלדשער, אָבער מיר האָבן געהערט פון דיר. קום גלייך ראַטעווען אַ מענטשן." אַלטער האָט זיך דערשראָקן. שבת ביים דאַווענען און נאָך בעת קריאת התורה! וואָס זאָל ער טאָן? איז ער געלאָפן צום רב פרעגן אַ שאלה. דער רב האָט געזאָגט: „אַלטער, גיי אַהיים, עס אָפּ די שבת־דיקע סעודה און פאָר גלייך מיטן פויער. ראַטעווען אַ מענטשנס לעבן איז העכער פון שבת."

אידן זיינען געשטאַנען און געזען ווי אַלטער זעצט זיך אויף אַ פור אום שבת און פאָרט ראַטעווען אַ פויער אום שבת. פון דאַן אָן האָט אַלטער געקראָגן דעם נאָמען „דאָקטער."

# די טעלעכאַנער שולן

פיר באַזונדערע שולן האָט אונדזער שטעטעלע פאַרמאָגט: דריי חסידישע און איין מתנגדישע שול. די שולן זיינען געווען איינגעטיילט אין התנהגות לויט דעם מאַטעריעלן שטאַנד פון די חסידים. די לובעשיער שול, אויפן נאָמען פון לובעשיער רבין, איז געווען די שול פאַר די לובעשיער חסידים, אידן פון אַ גאַנץ יאָר, ניט פון די צו אָרעמע; בעסער געזאָגט, די שול פון פריילעכע קבצנים; אידן, וועלכע זיינען ניט אַריינגערעכנט געוואָרן צווישן די שטענדיקע קבצנים. ווען דער רבי פלעגט קומען אין שטעטל, איז געווען פריילעך די גאַנצע וואָך. מען פלעגט זיך גיין „פּראַווען" צו אים. ווער עס האָט געבעטן אויף פּרנסה, ווער פאַר אַ שידוך פאַר דער טאָכטער, ווער פאַר קינדער.

די סטאָלינער שול איז לויט דער התנהגות פונם סטאָלינער רבין, געווען אַ מיוחסדיקע. דער רבי אַליין איז געווען דער רבי פון נגידים. ער פלעגט קומען זייער זעלטן קיין טעלעכאַן. ווען ער פלעגט שוין יאָ אַמאָל קומען, איז בלויז אויף אַ פּאָר טעג. די נגידים פלעגן זיך מיט אים עצה האַלטן וועגן זייערע געשעפטן און אים גוט באַלוינען. ער, דער רבי אַליין, פלעגט זיך פירן פריציש: פאָרן מיט פיר פערד געשפּאַנט; אַלעמאָל בייטן די פערד אויף בעסערע. ער איז ממש געווען פאַרליבט אין פערד. ווען ער פלעגט אַריינקומען אין שול פרייטיק נאַכט צום דאַווענען, פלעגן די חסידים דאַרפן וואַרטן ביז נאָך קבלת שבת, ביז דער רבי האָט זיי מזכה געווען מיט אַ „גוט שבת", אָבער מיט די בעלי־עגלות פלעגט ער ריידן באַלד ביים אַריינקומען אין שול. ער האָט ליב געהאַט צו ריידן מיט די בעלי־עגלות וועגן זיינע פערד.

די יאַנאָווער שול. אַזוי ווי דער יאַנאָווער רבי איז געווען אַ רבי פון די אָרעמערע אידישע מאַסן, איז אויך די שול געווען נישט פון די רייכע. פלאַץ פאַר דער יאַנאָווער שול צו בויען האָט געגעבן אַ איד אַ שניידער, מיטן נאָמען: הלל דער שניידער. אָבער די חסידים האָבן זייער רבין געהאַלטן מיט גרויס כבוד.

די מתנגדישע שול. אין דער מתנגדישער שול האָבן געדאַוונט די מער פאַרמעגלעכע אידן פון שטאָט. די שול איז געווען זייער אַ שיינע. דער גרעסטער גביר אין שטאָט, כאָטש ער איז געווען אַ ליובעשיער חסיד, פלעגט ער אויך דאַווענען אין דער מתנגדישער שול.

מיר אינגלעך פלעגן זיך אָפט אַריינכאַפּן אין שול זיך אָנוואָרעמען, וואָרעם דאָס איז געווען די איינציקע שול אין שטאָט מיט אַ קאַכלענעם אויוון. מיר האָבן אָבער די אידן פון דער מתנגדישער שול ניט ליב געהאַט. מיר האָבן זיי געזרופן: „טרוקענע אידן." ביי די חסידים איז געווען פריילעכער.

▼

# יוסף טשערניכאָוו־דניאלי ז״ל

צווישן די אַלע קדושים וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין דעם גרויסן חורבן ווילן מיר מיט גרויס יראת הכבוד דערמאָנען אונדזערן אַ כמו לאַנדסמאַן, דעם באַוואוסטן קולטור און כלל־טוער, גרויסן אַדוואָקאַט און בעל יחוס, יוסף טשערניכאָוו־דניאלי.



די משפחה טשערניכאָוו ציט איר שלשלת היוחסין נאָך פון דעם 18טן יאָרהונדערט. אַ משפחה פון גרויסע סוחרים און למדנים. אַלע יאָרן האָט די משפחה געלעבט אין דעם שטעטל קאָסאָווע, אין פּאָלעסיע. דער ראש המשפחה, ישעיה משה טשערניכאָוו, האָט אין קאָסאָווע געהאַט אַ טאַבאַק פאַבריק. ער האָט געהאַט דריי זין: שמואל, אבא און ליימע. דער זון שמואל האָט זיך באַזעצט אין סלאָנים און האָט זיך אויך פאַרנומען מיט טאַבאַק פאַבריקאַציע. ער האָט געהאַט פיר קינדער: צוויי זין, יוסף און בנימין, און צוויי טעכטער: רייזע און מינע. וועגן דעם זון יוסף טשערניכאָוו, וועלכער איז אומגעקומען אין דער בהלה, ווען מען איז געלאָפן פון די היטלעריסטן, ווילן מיר דערציילן פּרטים פון זיין לעבן.

יוסף טשערניכאָוו־דניאלי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1882. ער האָט געלערנט אידישע לימודים ביז בר־מצוה. ווען ער איז געוואָרן בר־מצוה, אין יאָר 1895, האָבן אַלע דריי ברידער, יוספס פאָטער שמואל, אבא און ליימע, געעפנט אַ גלאָז־פאַבריק אין טעלעכאַן, און שמואל טשערניכאָוו מיט זיין משפחה האָבן זיך דאָרטן באַזעצט. פון דאַן אָן רעכנט זיך יוסף טשערניכאָוו אַלס אַ טעלעכאַנער. הגם ער האָט געלערנט אין גרויסע שטעט, פלעגט ער אָבער קומען אויף קאַני־קולן קיין טעלעכאַן און איז אַזוי־אַרום געוואָרן אַ טעלעכאַנער לאַנדסמאַן.

נאָך אַלס גאָר יונגער בחור איז ער צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. שפּעטער, אונטער דער השפּעה פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז ער צוגעשטאַנען צו דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואו ער האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַלס וויכטיקער אָראַטאָר און טעאָרעטיקער פון דער באַ־וועגונג. ער איז אייניקע מאָל אַרעסטירט און באַפרייט געוואָרן. נאָך דעם דורכ־פאַל פון דער רעוואָלוציע פון יאָר 1905 נעמט ער זיך ווידער צום לערנען אַלס אַדוואָקאַט און ענדיקט דעם כאַרקאָווער אוניווערסיטעט מיט אויסצייכענונגען. ער האָט חתונה און באַזעצט זיך אין ווילנע און פּראַקטיצירט אַדוואָקאַטור. ער פאַרנעמט זיך אויך אין דער זעלבער צייט מיט קולטור־אַרבעט און ווערט אַ שטאַרקער אָנהענגער פון דער אידישער שפּראַך.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די אידן אין די גרעניצן

פון פאָלעסיע און פּוילן האָבן געליטן פון די צאַרישע רדיפות, פאָרט ער אַריבער קיין פּעטערבורג צו שאַפן אַ קאָמיטעט פאַר זייער פאַרטיידיקונג. אין די ערשטע חדשים פון דער רעוואָלוציע, אין דער קערענסקי רעגירונג, פאַרנעמט ער אַ וויכטיקן אַמט. נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע פאָרט ער אַריבער קיין קיעוו אויף אַ צייט און גיט זיך דאָרט אָפּ מיט פּאָליטישער און קולטורעלער טעטיקייט.

אין יאָר 1921 קריגט ער אַ וויזע און פאָרט צוריק קיין ליטע און פאַרבלייבט אַ קורצע צייט אין קאָוונע און פאַרנעמט זיך מיט וויכטיקער קולטור־אַרבעט. ער רעפּרעזענטירט דעם האַיאַס, ער רעדאַקטירט אַ צייטונג. אָבער די אַרבעט שטעלט אים ניט צופרידן. אים ציט צו אַדוואָקאַטור. ער פאָרט צוריק קיין ווילנע און ווערט צוריק אָנגענומען אינם אַדוואָקאַטן ראַט. און באַלד ווערט ער באַרימט אַלס איינער פון די אָנגעזעענסטע אַדוואָקאַטן אין פּוילן. ער צייכנט זיך דער עיקר אויס אַלס פאַרטיידיקער אין קרימינעלע און פּאָליטישע פּראָצעסן. כאָטש ער איז געווען אַ געגנער פון קאָמוניזם, האָט ער אָבער מיט זיין גרעסטער ענערגיע פאַרטיידיקט די, וועמען די פּוילישע מאַכט האָט פאַרפאָלגט אַלס קאָמוניסטן. אין די פּראָצעסן האָט זיך יוסף טשערניכאָוו טאַקע אויסגעצייכנט אַלס טעלעכאַנער לאַנדסמאַן.

אין טעלעכאַן און אומגעגנט איז אַרעסטירט געוואָרן אַ גרופּע פון עטלעכע און דרייסיק יוגנטלעכע, אידן און ניט־אידן. זיי זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין טעטיקייטן קעגן דער פּוילישער מלוכה און עס זיינען זיי פאָרגעשטאַנען האַרבע שטראָפן. פאַרן פּראָצעס איז מען געלאָפן צו טשערניכאָוון בעטן ער זאָל ראַטעווען. ניט געפרעגט פאַר קיין געלט, נאָר גלייך זיך אַריינגעוואָרפן זיי צו פאַרטיידיקן. דער פּראָצעס האָט געשמט איבער גאַנץ פּוילן. ער האָט שווער געאַרבעט און פיל פון די באַשולדיקטע לגמרי באַפרייט און פאַר אַ צאָל אַנדערע געקראָגן לייכטערע שטראָפן. ווען מען האָט אים נאָכן פּראָצעס געפרעגט וויפיל אים קומט, האָט ער געזאָגט: „גיט וויפיל איר קענט." אייניקע פון די באַפרייטע געפינען זיך איצט אין אַמעריקע.

ניט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען אַלס גרויסער אַדוואָקאַט, האָט ער דאָך געפונען צייט פאַר כלל און קולטור־אַרבעט.

ניט האָבנדיק קיין גרויסע אמונה אין דער ציוניסטישער לייזונג פון דער אידן־פראַגע, איז ער צוגעשטאַנען צו דער טעריטאָריעלער גרופּע און געזוכט אַ לייזונג אין אַ טעריטאָריע. צוזאַמען מיט י. נ. שטיינבערג און אַנדערע האָט ער געגרינדעט די פריילאַנד ליגע. טשערניכאָוו איז געווען איינער פון די גרינדער פון דעם אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע. ער איז געווען אין פּאַריז ביי דער גרינדונג פון דעם איקוף.

טשערניכאָוו איז געווען אַ גרויסער הומאַניסט, אַ מענטש מיט אַ הויכער קולטור. ער האָט אויך אַ סך געשריבן וועגן וויכטיקע קולטור און אידיש־נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. זיינע אַרבעטן זיינען פאַרשפּרייט אין פילע זשורנאַלן און צייטונגען און ער האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ צאָל בראָשורן איבער אידישער היסטאָריאָגראַפיע און אַ צאָל פּאָלעמישע בראָשורן. אַלס גרויסער, געטרייער זון פון זיין פאָלק האָט אים אויך ניט אויסגעמיטן דער גרוילִיקער שיקזאַל און מיט אַ סך גרויסע, אָנגעזעענע אידן, צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן אידן, איז ער

אויך אומגעקומען אין דעם שרעקלעכן מבול, הגם ניט דירעקט פון די נאַציסטישע הענט.

ווען די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן און די נאַצישע האָרדעס האָבן זיך געיאָגט אויף מזרח און די סאָוועטן־מאַכט האָט פאַרנומען טיילן פון פּאָליעסיע און ליטע, האָט די סאָוועטן־מאַכט אַרעסטירט פיל אָנגעזעענע מענטשן אין ווילנע, וועמען מען האָט פאַרדעכטיקט אַלס אומלאָיאַל צו דער סאָוועטן־מאַכט. צווישן פיל אָנגעזעענע מענטשן, אידן און ניט־אידן, איז אויך געווען טשערניכאָוו. מען האָט טשערניכאָוון באַשולדיקט פאַר זיין בראַשור „רעוואָלוציאָנער טריבונאַל" און אַנ־ד'ערע חטאים. די פאַרשונגען האָבן זיך געצויגן אַזוי לאַנג ביז די נאַציס זיינען באַפאַלן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד אין יוני, 1941. ווען מען איז געלאָפן פון די נאַציס האָט מען די אַרעסטירטע אויך געטריבן טיפער אין רוסלאַנד. טשערניכאָוו איז שוין דאַן געווען אָפּגעשוואַכט פון דער לאַנגער תפיסה און האָט ניט געקענט שפּאַנען צופוס און ער איז געפאַלן. די זעלנער האָבן געהאַט באַפעלן פון זייערע עלסטסטע ניט איבערצולאָזן צו היטלערן קיין איינעם פון די לעבעדיקע, איז אַ סברא, אַז איינער פון די זעלנער האָט אים דערשאָסן.

אַזוי איז צוגעקומען צו אונדזער מאַרטירער־צעטל נאָך איין טייערער זון פון אונדזער פאָלק. ערע זיין אָנדענק.

טשערניכאָווס זון, מיכאל, וועמען מען האָט אַרעסטירט צוזאַמען מיטן פאָטער, האָט מען פאַרשיקט אין וויטן צפון אויף שווערער אַרבעט. ער האָט אויסגעהאַלטן און האָט זיך געראַטעוועט.

---

## אין הייליקן אָנדענק פון מיין ליבער מוטער חיה אסתר ע"ה

### (באַערדיקט אין טעלעכאַן)

אין דיין יונגן עלטער פון בלויז 44 יאָר האָב איך דיך פאַרלאָרן,
ווען איך, דיין בן־זקונים, בין נאָר־וואָס זעקס יאָר אַלט געוואָרן,
און כאָטש איך בין נאָך אַזוי יונג געווען,
געדענק איך נאָך אַלץ וואָס איך האָב ביי דיין לוויה געזען,
איבערהויפּט ווי מען האָט אַ זעקעלע ארץ־ישראל ערד אונטער דיין קאָפּ אונטערגעלייגט,
ווען מען האָט דיך אין קבר אויף אייביקער רו אַריינגעלייגט.
דאָס זעקעלע ארץ־ישראל ערד און די תפילה „ולירושלים עירך"
וואָס איך האָב דריי מאָל אַ טאָג געדאַוונט,
האָט מיך באַוואויגן אין דער ביטערער גלות לאַנגע ווערן מער באַהאַוונט.
פאָלגלעך, ווען דער פועלי־ציוניזם איז אויף דער אידישער גאַס דערשינען,
איז פאַר מיר, טיף פאַרוואָרצלט אין אידישקייט, לייכט געווען מיין אורח חיים אין דעם צו געפינען.
און ווען פרעזידענט ווילסאָן האָט אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פראָקלאַמירט,
אַז אויב אונטעראָכטע פעלקער וועלן די עליים העלפן אין דער מלחמה,
וועט זייער זעלבסטשטענדיקייט ווערן רעסטאַוורירט,

וואָס צוליב דעם האָט זיך אָרגאַניזירט אַ אידישער לעגיאָן,
האָב איך זיך אָנגעשלאָסן צו קעמפן אונטער זיין פאָן.
(אויך פרענק ליבערמאַן פון טעלעכאַן האָט דאָס זעלבע געטאָן).
צום באַדויערן איז אונדזער זעלבסטשטענדיקייט ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן צוליב ענגלאַנדס פאַרראַט,
אָבער אַ דאַנק אונדזער ביטערן קאַמף קעגן ענגלאַנד, האָט זי געמוזט אויפגעבן דעם פּאַלעסטינע מאַנדאַט.
גלייך ווי ענגלאַנד האָט פּאַלעסטינע פאַרלאָזן, זיינען די אַראַבער אונדז באַפאַלן פון אַלע זייטן,
און אויך אין דעם פאַל האָט מיט אונדז פּאַסירט אַ גרויסער נס, ווי אין די אַלטע צייטן,
נעמלעך: „מסרת גבורים ביד חלשים...” וכו׳, און אַ דאַנק דעם איז אין פּאַלעסטינע,
נאָך אַ צוויי טויזנט יאָריקן גלות, געגרינדעט געוואָרן די ישראל מדינה.
וויסנדיק וואָס פאַר אַ געטרייע אידישע טאָכטער דו ביזט געווען דיין גאַנצן לעבן,
איז ניט מער ווי רעכט, איך זאָל דיר די גוטע נייעס וועגן מדינת ישראל איבערגעבן.
עד־כאן וועגן וועלטלעכע ענינים. איצט וועל איך דיר וועגן דיינע קינדער אַ באַריכט אָפּגעבן.
ליידער איז דער באַריכט אַ זייער טרויעריקער, ווייל אויסער מיר, איז שוין קיינער פון זיי ניט מער ביים לעבן.
דיין בכור מאָניע איז אין שאַנכאַי פאַרוואָגלט געוואָרן, אַלס נאָכווייעניש פון דער ערשטער וועלט־מלחמה,
און דאָרט אָן עלנטער און קראַנקער האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.
לאה, וועלכע האָט אויסגעקוקט פּונקט ווי דו,
ליגט אין אַמעריקע אין איר אייביקער רו.
אַהרן איז אין אַ טיפוס עפּידעמיע אומגעקומען,
און חנהן און חוהן מיט זייערע משפחות האָבן די דייטשישע רוצחים אומגעבראַכט, ווען זיי האָבן פּוילן איינגענומען.
ליבע מאַמע, געלעבט האָסטו בלויז 44 יאָר, און זינט דיין פּטירה איז שוין אַזוי לאַנג ווי 72 יאָר,
אָבער מיין ליבע צו דיר איז ניט פאַרקלענערט געוואָרן אויף אַ האָר.
רו, מאַמינקע, אין אייביקן פרידן,
און בעט אוים ישועות ונחמות פאַר אַלע אונטערדריקטע
און פאַרפאָלגטע אידן.

משה׳ל ראָזמאַן

# טעלעכאַנער חברה קדישא, הלל דער שמש און אַ טעפּל צימעס

אַזוי ווי אין יעדער שטאָט און שטעטל איז אין טעלעכאַן אויך געווען אַ חברה קדישא. הלל דער שניידער איז געווען דער שמש פון דער חברה קדישא. כאָטש ביים פאַך איז ער געווען אַ שניידער, פון וואָס ער האָט געצויגן זיין חיונה, האָט מען אים דאָך גערופן: הלל דער שמש. מיט דעם נאָמען איז ער געווען באַוואוסט איבער דער גאַנצער שטאָט. ער איז געווען אַ הויכער איד מיט אַ שוואַרצער באָרד און תמיד האָט ער געטראָגן אַ שוואַרצע לאַנגע קאַפּאָטע. די חברה קדישא, דאָס איז געווען זיין לעבנס־אויפגאַבע. אָן אים האָט מען קיין מת ניט געבראַכט צו קבר ישראל. ער האָט געוואוסט וואו יעדן איינעמס קבר געפינט זיך — פון מענער, פרויען און קינדער.

ער, הלל דער שמש, האָט שוין לאַנג געקענט זיין דער גבאי פון דער חברה קדישא, וואָרן אין טעלעכאַן איז געווען אַ תקנה, אַז ווער עס איז געווען צוויי יאָר אַ שמש אין דער חברה קדישא האָט געקענט ווערן דער גבאי; אָבער ער, הלל, האָט זיך פון דעם כבוד אָפּגעזאָגט. ער האָט געוואוסט, אַז אָן אים אַלס שמש וועט מען זיך נישט קענען באַגיין. ער איז געווען גוט באַהאַוונט אין אַלע דינים פון קבורת המת לויטן אידישן דין; וואַשן דעם מת, אָנטאָן די תכריכים, גראָבן דעם קבר, צושניידן די ברעטער און אַלע אַנדערע דינים און מנהגים.

איין מאָל אין יאָר פלעגט מען אויפנעמען נייע מיטגלידער אין דער חברה קדישא. דאָס פלעגט פאַרקומען ביי אַ סעודה. דאָס פלעגט שוין זיין איינמאָל אַ סעודה!

ביי אונדז אין שטאָט איז געווען אַ איד מיטן נאָמען לייבע טוראַק, אַ גרויסער עושר. האָט ער זיך אַליין פאַרגעשלאָגן פאַר אַ מיטגליד אין דער חברה קדישא. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך פאַרגעשלאָגן פאַר אַ מיטגליד נאָך אַ איד— אַלטער דער סטאָליער. דאָ איז אַנטשטאַנען אַ פּראָבלעם: וואָס טוט מען? הלל דער שמש איז געווען זייער צופרידן אַריינצונעמען אַלטער דעם סטאָליער. ער, דער סטאָליער, האָט הלל געוואוסט, וועט זיין אַ גרויסע הילף, אָבער וואָס וועט מען טאָן מיט לייבע טוראַק? די חברה קדישא ביי אונדז אין שטאָט האָט זיך געפירט אויף דעמאָקראַטישע יסודות. יעדער וואָס האָט געוואָלט ווערן אַ מיטגליד האָט געמוזט זיין צוויי יאָר אַ שמש. האָט מען געוואוסט, אַז אַלטער דער סטאָליער וועט געבן אויספאָלגן די תקנה, אָבער לייבע טוראַק? אָפּזאָגן לייבע טוראַקן אים אַריינצונעמען? ווער וועט עס וואַגן אָפּזאָגן דעם עושר?

נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת איז געבליבן, אַז מען נעמט אַריין ביידע קאַנדידאַטן און הלל דער שמש האָט טאַקע אויפן אָרט געפונען אַן אויסוועג ווי אַזוי לייבע טוראַק וועט ניט מוזן דורכגיין דעם סטאַזש פון אַ שמש אין דער חברה קדישא. דהיינו? אַזוי ווי ביידע קאַנדידאַטן — סיי לייבע טוראַק, סיי אַלטער דער סטאָליער— זיינען ביידע ליבאַשיער חסידים וועט שוין אַלטער דער סטאָליער טאָן די אַרבעט פון אַ שמש אויך פאַר דעם עושר, לייבע טוראַק.

און אַזוי איז טאַקע געווען. האָט מען זיך דערוואוסט וועגן אַ מת אין שטאָט פלעגט הלל באַלד אַ רוף טאָן אַלטער דעם סטאָליער און זיי האָבן זיך שוין מתעסק

געווען מיט דער קבורה. ביי יעדער קבורה פלעגן די שמשים נעמען אביסל משקה. עס איז געווען פארשטאנען, אז ניט אזוי צוליב דער משקה, ווי כדי זיך צו שטארקן און קענען פארטראגן די געוויינען פון דער משפחה פונם מת.

אלע טעג פון יאר פלעגט הלל דער שמש זיין פארנומען מיט זיין שמשות און האט זיך אנגענומען מיט צרות, אבער ווען עס איז געקומען שמחת־תורה פלעגט הלל דער שמש ניט פרייען זיך מיט דער תורה מיט אלע אנדערע חסידים צוזאמען. ער פלעגט זיך מאכן שמחת־תורה איינער אליין. ער האט זיך דאן פארגונען איין מאל אין יאר פארגעסן די מתים און די קברים. ער פלעגט איבער די גאסן שפאנען, פון איין גאס אין דער אנדערער. אין איין האנט האט ער געהאלטן א טעפל צימעס, וואס די קצבים פלעגן ספעציעל פאר אים צוגרייטן, אין דער אנדערער — א פלעשל משקה, זינגען און טאנצן און אלע מאל פלעגט ער אויסשרייען: „צאן קדשים"! און מיר קינדער, וואס זיינען אים נאכגעלאפן, פלעגן ענטפערן: „מ־ע־ע־ע־!

אזוי האט דאס שטעטל מיט די הייליקע אידן, הלל דער שמש און אנדערע, געלעבט יארן און יארן, ביז עס זיינען געקומען די היטלער־רוצחים און האבן דאס אלעס חרוב געמאכט.

אייך, אונדזערע הייליקע, וועלן מיר קיינמאל ניט פארגעסן, און די רוצחים קיין מאל ניט פארגעבן!

**גרשון טעלעכאנער**

---

## משה וויכנעס פון טעלעכאן און זיין משפחה

(זע בילד אויף זייט 163)

משה וויכנעס, ווי מען האט אים גערופן אין טעלעכאן, איז געווען א ליב־הארציקער מענטש; געווען באוואוסט אין שטאט אלס א גרויסער מכניס־אורח און בעל־צדקה. די טירן פון זיין הויז זיינען תמיד געווען אפן פאר נויטבאדערפ־טיקע, און דער בעל־הבית, משה, האט שוין געזען, אז קיינער זאל פון זיין הויז ניט ארויס קיין הונגעריקער.

זיינע קינדער אין אמעריקע זעצן פאר די טראדיציעס און שיינע מידות פון זייער פאטער. דער זון, חנא לעווו, איז זייער א גרויסער נדבן. ער העלפט גערן פריינט און לאנדסלייט. אויך גיט ער א סך געלט פאר ישראל. דער זון, ווי דער פאטער, באזיצט די גוטע מידה פון זיין א מתן־בסתר. ער איז זייער נישט גערן אז מען רעדט וועגן זיין הילף מיט דער ברייטער האנט. זיין שוועסטער, וויכנע קאפלאן, פון שיקאגע, שרייבט, אז חנא ווייסט ניט, אז זי דערציילט וועגן זיינע מדות טובות פארן יזכור־בוך.



די מתנגדישע שול



די ליובישייער שול



דער סטאָלינער רבי און דער רב ר' יוסף גליק
גייען אַרויס פון דער סטאָלינער שול



טעלעכאַנער אידן ביי תשליך
ערשטער מיט דער באָרד (פון לינקס) איז אַלתר דער סטאָליער



**אַ קלאַס פון דער אידישער רעליגיעזער שול**

בית־ספר עברי דתי כללי „חורב"



**אַ קלאַס פון דער פוילישער פאָלק-שול**

46 פון די שילער זיינען אידישע.

דריי זיינען געבליבן לעבן און זיינען איצט אין ישראל.



**טעלעכאַנער דראַמאַטישער קלוב**

אין דער אויפפירונג פון „די געברידער לוריע“



**דאָס לעצטע בילד פון טעלעכאַנער אידן**

דער עולם ביי דער פאָרשטעלונג פון אידישן דראַמאַטישן קלוב,
אין אַ שבת אָוונט אין 1939



טעלעכאַנער פּועלי-ציון יוגנט

מיט משה גרוב, אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט




„החלוץ" אין טעלעכאַן (1930)



די אידישע פאָלק-שול אין טעלעכאַן (1936)

צוויי פון די קינדער זיינען געבליבן לעבן און געפינען זיך אין ישראל: (1) מאָטי ראובן גורשטעלס; (2) יעקב מעלצער, משה דעם שניידערס.



אַ גרופּע חלוצים פון טעלעכאַן (1930)



קאָמיטעט פון חברה גמילת-חסד אין טעלעכאַן



משה וויכנעס משפּחה
(אַ באַשרייבונג וועגן משה וויכנעס געפינט זיך אויף ז״ט 153)



**דזשעני בלומבערגס עלטערן און משפחה**

אַלע זיינען אומגעקומען, אויסער גאָלדע בוכמאַן (באַצייכנט מיטן ←) זי וואוינט איצט אין שיקאַגע.



משה לאַנדמאַן *



שלמה לאַנדמאַן

*) משה לאַנדמאַן האָט געהאָלפן זיין משפּחה עולה זיין קיין ישראל.



שמואל גאָדינער
באַרימטער אידיש־סאָוועטישער שרייבער,
געפאַלן אין קאַמף קעגן די נאַציס אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.




**טעלעכאַנער כלי-זמר (1908)**

פון רעכטס אויף לינקס

**הערשל מעלניק, ניסל מעלניק, פייוול אַרקעס קאַגאַן.**

**פּייוול קאַגאַן וואוינט איצט אין האָליוואוד און איז אַן אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט אין דער מוזיקאַלישער וועלט.**



ישראל משיח מיט זיין פרוי שרה און שכנים,
וועלכע זיינען אַלע אומגעקומען.



חיים ראובן מיט זיין פרוי רייזל און זון אליעזר.
אַלע אומגעקומען.



גרשון מאיר יאַנקלס



חיים ישעיהו שניידמאַן

# די משפחה פון עזריאל דעם שטומען



עזריאל דער שטומער
(עזריאל אייזענבערג)
פאָטאָגראַפירט אין יאָר 1904



אין מיטן: מינקע, עזריאלס פרוי
רעכטס: די טאָכטער פייגל
לינקס: דער זון לייבל



צבי אייזענבערג
זון פון עזריאל און מינקע,
אומגעקומען ביי דער אַרבעט
אין ישראל.



לייבל אייזענבערג
(בעת ער האט געדינט
אין דער פוילישער אַרמיי)

# די משפחה פון שמואל חיים און ליבע אייזענבערג

(קיין בילד פון ליבען איז נישטאָ)



שמיאל חיים אייזענבערג



טאָכטער, חיה



זון, יעקב
געפאַלן אין דער
באַפרייאונגס־מלחמה
פון ישראל



זון צבי'קע
ערנסט פאַרוואונדעט
אין דער
באַפרייאונגס־מלחמה



זון, מאָטקע
(מרדכי)
איצט אַ באַאַמטער
אין מדינת ישראל



אַ גרופּע שכנים, וועלכע זיינען אומגעקומען, אויסער דער פּאַרטי־זאַנקע דינה גאָדינער, באַצייכנט מיטן ←. זי וואוינט אין לאָדזש.



אַלע אויפן בילד זיינען אומגעקומען, אויסער לייבל אייזנבערג פון בראַזיל, באַצייכנט מיטן ← וועלכער האָט זיי באַזוכט אין 1934.



כאַשע בערנשטיין
(מענדלס מאַמע)



הערשל
אייזנבערג *



מלכה קופּאָ **
(אַהרן מושקעס טאָכטער)

*) הערשל אייזנבערג האָט באַאַרבעט דעם אָריגינעלן מאַנוסקריפּט פון דער געשיכטע פון טעלעכאַן.

**) אַ מיטגליד פון יזכור־בוך קאָמיטעט, געשטאָרבן אין לאָס אַנדזשעלעס.

# מבוא

ליד תעלת „אוגינסקי", המשמשת עורק תחבורה חשוב בנתיבי הערים של רוסיה הלבנה, בלב ביצות פרפט, מוקפת יערות עבותים, שוכנת בודדת העיירה „טליכן", מרוחקת מילין רבים מכל ישוב יהודי גדול.

טליכן מושכת את פרנסתה הדחוקה מהכפרים הסמוכים, כפר „בילורוסי" על אדמת פולסיה הכחושה, שאינה מספקת די מחית בעליה, אף כי יעבדוה בזיעת אפיו, מוריחת השמש עד שקיעתה, האכר נאלץ להשלים את פרנסתו בבעודה מחוץ למשקו, כגון כריתת עצים ביערות, בדיג באגם הכפר, וביצור כלי עץ וחמר, וכדי לצמצם בהוצאות היבת היתה משפחת האכר לייצר במו ידיה את רוב כלי הבית והמשק, הלבוש ומנעל

חלק מתוצרותיו הכפרית היה מביא ליהודי העיירה ומכירה ותמירתה היה רוכש את החמר לו אצל החנווני היהודי בעיירה: מעט צרכי מזון, מיני סידקית, כלי־עבודה ובד לבגד.

בעל המלאכה היהודי היה תופר את הבגד ואת הנעל; הנפח היה מתקין את מחרשתו והנגר היה קובע את ־לתי ביתו.

קשר גומלין זה קבע את רמתה הכלכלית של העיירה כדלות הסביבה הכפרית — כן דלותה היא, וכדלות האיכר הביילורוסי, כן דלות היהודי בעיירה. אכן עיר ככל עיירה יהודית, עיירה אחת מני רבות הפזורות ברחבי ביצות פולסיה, אך הטיילת — „הבוצובניק" לאורך התעלה „המולטר" בירכתי היער, הנוף הכהה של היערות העוטרים את העיירה מסביב, שיוו לעיירה חן מיוחד.

2

בני העיירה אנשי עמל, בעלי מלאכה, חנוונים זעירים ישרי לב, מסורים איש לרעהו וקשורים בקשרי משפחה הדוקים.

החנווני לא יונח את הקונה הכפרי, הוא יתן לו בהקפה בעת מצוקה מדתו ביושר ומשקלי־אמת, בעל המלאכה יכיר את לקוחו על משפחתו וצרותיה, משתתף הוא בדאגותיו, עומד לו בשעת דחקו ושמח בשמחתו.

.3

בראשית המאה העשרים החלו מנשבות רוחות חדשות בעיירה הרדומה. הדור הצעיר רואה את חיי העיירה הדלים בעיניים פקוחות, אין הוא משלים עם הקיים הדל, הוא שואף למורה ומחפש דרך לעצמו. אלה יוצאים לחפש מזלם

בזרם ההגירה למדינות הים, ואלה מתארגנים בחוגים פוליטיים, השואפים לשינויים סוציאַליים מלחיקי לכת.

ובינתיים פורצת מלחמת העולם הראשונה, על העיירה עוברות מוראות המלחמה. בכל הזמן העיירה נתונה במלכודת החזית. רוב בתיה עולים באש ותושביה נמלטים ממנה.

4

משנסתימה המלחמה חוזר חלק מבני העיירה, אחרים משתקעים במקומות שם נמלטו בימי המלחמה; רבים עוזבים את הבית הישן ומהגרים לארצות העולם החדש. החוזרים מקימים את הריסות העיירה, בונים את בתי העץ הקטנים שלהם, וממשיכים באורח החיים הישן. הסביבה הכפרית גם בה לא חלה תמורה. העיירה נ‏גנקת בעוניה ובדלותה כמקודם. הכפר הנחשל שקוע בבערות, כימים ימימה. הטכניקה החדשה אינה מגיעה לחבל מפגר זה. לא תראה כאן, לא רכב ממונע, לא דרך סלולה, לא מכונית חקלאית, ומכל־שכן חשמל. האיכר ממשיך בעיבוד פרימיטיבי של חלקתו הזעומה, מזריחת השמש ועד שקיעתה, הוא ובני ביתו, והאזמה אינה נענית, אלא בצמצום.

בעל המלאכה היהודי, האיכר — מקור מחייתו — עמל, יחד עם שולייתו שתיים־עשרה שעות ביום, והפרנסה דחוקה ובקושי תספיק לקיום משפחתו.

האבות משלימים עם מצב מדכא זה; לא כן הצעיר, רבים מבני הנוער משתייכים לתנועת נוער, אלה לתנועות ציוניות סוציאליסטיות ואלה למפלגות שמאליות־מהפכניות. רבים פונים להכשרה חלוצית ועולים לארץ.

המשותף לכל התנועות הוא הרצון לשינוי ערכים. שלילת המציאות העגומה בחיי העיירה העלובים.

## השאיפה לעולם יפה, טוב ועשיר יותר!

מתעוררת תסיסה מהפכנית; בני העיירה עומדים בראש התנועות המהפכניות הלוחמות במשטר הדיכוי של השלטון הפולני. רבים הצמאים להשכלה, ובאין בתי־ספר מתאימים, לומד הנוער בכוחות עצמו. הוא מקים מוסדות תרבות, קורא הרבה, מרחיב חוג התעניינותו. ובכלל מתקיימים בעיירה חיי תרבות תוססים; כאן הרצאות על נושאים פוליטיים, ערבי קריאה וויכוחים על נושאים ספרותיים וכאן חוג דרמתי המעלה הצגו לעתים מזומנות על נושאים סוציאליים ולאומיים, ושמה של טליכן הולך לפניה בנוער המשכיל שבה, ובפעילות הפוליטית והתרבותית העשירה.

פעולות זו בצנינים היא בעיני השלטונות הפולניים, חברה המפלגה הקומוניסטית נרדפים עד חרמה, נכלאים בבתי־סוהר ובמחנה הריכוז „קרטוז־ברזה" הסמוך לטליכן לשמצה.

בני העיירה על כל שכבותיו והשקפתיו גאים בחבריהם ורואים בהם דוגמא ללוחמים אמיצים הנלחמים בהקרבה למען מטרה היקרה להם; רבים מבני־הנוער חברי תנועות הנוער הציוניות־הסוציאליסטיות פונים להכשרה חלוצית ובתום הכשרתם שמים פניהם לארץ ישראל.

כ־80 משפחות הקימו יוצאי טליכן בארץ. רבים מהם הגיעו לפני מלחמת העולם השניה, התערו בארץ בעיר ובכפר, לקחו חלק יחד עם כל הישוב במאבק

